ד"ר ח. זשיטלאָווסקי

געזאמלטע שריפטן

צענטער באנד

# די רוסישע רעוואָלוציע און דאס יידישע פאלק

פארלאג ת. בזשאזא

# אינהאלט

# די רוסישע רעוואָלוציע און דאָס יידישע פאָלק

### 1.

די רוסישע רעוואָלוציע האָט דערפרייט אַלעמענס הער-צער. סיי דער אַסימילאַטאָר, סיי דער גלות-נאַציאָנאַליסט, סיי דער טעריטאָריאַליסט-ציוניסט, סיי דער יידישיסט, סיי דער העברעאיסט, — זיי אַלע האָבן זי באַגעגנט מיט אַ פאַרלייכ-טערטן אָפּזיפץ: „אָט איצטער“, — קלערט יעדערער — „האָט זיך ערשט געעפנט דער ברייטער וועג פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון מ י י נ ע אידעאַלן“.

קיין חידוש איז דאָס נישט. דער צאַריזם איז געשטאַנען אַ ל ע מ ע ן ווי אַ ביין אין האַלז; קיינער האָט נישט געקאָנט פריי פאַנאַנדערפירן די הענט. ערשט מיט זיין מפּלה איז מעגלעך געוואָרן אַן אינטענסיווע יידישע טעטיקייט אין רוסלאַנד; ערשט איצטער קאָנען די אינעווייניקסטע טענדענצן פון דעם יידישן לעבן זיך פריי אויפן אָפן אַרויסווייזן און אויסקעמפן זייער היס-טאָרישן קאַמף. און אַזוי ווי יעדע פאַרטיי איז איינגעגלויבט, אַז איר פּראָגראַם איז דער לאָגישסטער ענטפער אויף דער שטאַרקסטער און נאַטירלעכסטער טענדענץ אין דעם יידישן לעבן, האָט יעדע פאַרטיי גאַנץ זיכער אַ סוביעקטיווע רעכט צו האָפן, אַז אין דעם פרייען קאַמף פון די יידישע קרעפטן וועט דער נצחון ממילא אויספאַלן אויף דעם גורל פון איר אידעאַל.

עס איז אָבער פון דער אַנדערער זייט אויך קלאָר, אַז

די רעוואָלוציע וועט נישט קאָנען ממלא זיין אַלעמענס פּרעטענזיעס מיט אַמאָל. ווער עס איז וועט מוזן אוועקגיין מיט ליידיקע הענט. ווער וועט דאָס זיין?

איך וויל מיך דאָ קודם אָפּשטעלן אויף די שאַנסן פון דער אַ ס י מ י ל אַ צ י ע. איז דאָ באמת אַ וועלכער עס איז גרונט אָנצונעמען איינאיינעם מיט דעם יידישן אַסימילאַטאָר, אַז זיין אידעאַל איז איצטער דער אמתער „זוכה בגורל״? ברענגט די רוסישע רעוואָלוציע מיט זיך די פאַרווירקלעכונג פון זיינע שטרעבונגען?

איך פלוג קאָן אויסדוכטן, אַז דאָס איז אַזוי. דער אַסימילאַטאָר קאָן בויען זיינע האָפענונגען אויף דער גאַנצער געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק אין מערב-אייראָפּע און צום טייל אויך אין אַמעריקע.

וואָס איז די גרונט-טענדענץ פון דעם יידישן לעבן אין יענע לענדער, זינט די מאָדערנע ציוויליזאַציע האָט זיך אַריינגעריסן אין אים און האָט אונטערגעגראָבן די יסודות פון אַן איבערנאַטירלעכן גלויבן אין משיח און וואונדער?

יעדער אָביעקטיווער היסטאָריקער וועט מוזן צוגעבן, אַז די גרונט-טענדענץ איז אומעטום געווען — אַ רייסן-זיך פון די אייגענע פיר ווענט, אַ שטופּן-זיך מיט אַן אומגעהויערן איספּעט צו דער וועלט פון דער הערשנדיקער קולטור. אַ וואונדערבאַר שנעלער אַריינדרינגען אין איר און, ווי אַ רעזולטאַט דערפון, די צעברעקלונג פון אַלע נאַציאָנאַל-יידישע יסודות, דער זיג פון דער פרעמדער שפּראַך און דער פרעמדער קולטור אין דעם לעבן פון דעם יידישן פאָלק, דער באַנקראָט פון דעם אייגענעם יידישן נאַציאָנאַלן לעבן.

פאַרוואָס זאָל דאָס אין רוסלאַנד אַנדערש זיין? האָט זיך דער אַסימילאַציע-פּראָצעס ביי דער רוסישער יידנשאַפט נישט אָנגעהויבן שוין אין די פערציקער יאָרן פון דעם פאָריקן יאָרהונדערט?

האָט ער דען נישט געמאַכט קיין ריזיקע פאָרשריטן פאַר דער גאַנצער צייט און דער פּראָצעס וואָלט שוין לאַנג געקומען

צו זיין נאָסירלעכן סוף אָדער, לכל הפחות, וואָלט זיין זיך שוין לאַנג געווען פאַרזיכערט, ווען נישט די שוידערהאַפטע פאַרפאָלגונגען פון דער רוסישער רעגירונג.

צונויפגעפרעסט אין אַ פּאָר פּראָווינצן, אָפּגעשניטן פון דער אַלגעמיינער בילדונג, קינסטלעך־איינגעענגט אין געוויסע ספערן פונם עקאָנאָמישן לעבן, האָט דאָס יידישע פאָלק זיך גע־האַלטן אינאייגעם, ווי עס האַלט זיך אַן אַלטער אויוון אין אַן אָרעמער יידישער שטוב: אַ דאַנק דעם חסד פון די שטריק, מיט וועלכע ער איז פון אַלע זייטן אַרומגעבונדן. נעם צו די שטריק, און ער צעפאַלט אין שטויב.

זענען אָט די אַלע „רעאַקציאָנערע", נאַציאָנאַלע טענדענצן וואָס זענען אין דער לעצטער צייט אויסגעוואַקסן ביי דער יידישער אינטעליגענץ עפעס אַן אַנדער זאַך, איידער אַ פשוטער קנייפּן די באַקן און שטעלן די פאַרב? איז דער קאַמף אַנטקעגן דער אַסימילאַציע אין תוך אַריין עפעס אַן אַנדער זאַך, איידער דיזעלביקע אַסימילאַציע־טענדענץ, וואָס איז נאָר פאַרהאַלטן גע־וואָרן אין איר לויף?

אַן אַלטער כּלל: אַז די ווינטערדיקע הענגען צו הויך און דער פוקס קאָן נישט קלעטערן אויף דער וואַנט, זאָגט ער: „זיי זענען פאַר מיר צו זויער", אָבער קוים גראָבט איר אַראָפּ די וואַנט, וועט שוין דער יידישער פוקס אַריינדרינגען, ווו מען ־אַרף, און זיך פאַנאַנדערלייגן, ווי אין זיין פאָטערס וויינ־גאָרטן.

מיט דער אָפּשאַפונג פון דעם תחום וועלן זיך די יידן צעשפּריצן ווי איינצלנע טראָפּנס איבערן גאַנצן גרויסן לאַנד. מיט דער אָפּשאַפונג פון די פּראָצענט־נאָרמעס וועט דער גאַנ־צער קינפטיקער דור, לפחות דער דור פון דער באַלעבאַטישער וועלט, באַקומען זיין דערציאונג אין די רוסישע שולן און אוניווערזיטעטן און אין אַ פּאָר דורות אַרום וועט איר שוין קאָנען זאָגן דעם לעצטן קדיש נאָך דער יידישער נאַציע אין רוסלאַנד.

אַזוי האָפּט — און באַגרינדעט זיין האָפענונג — דער אַסי־מילאַטאָר.

דער פעלער פון זיין חשבון באַשטייט אָבער אין אַ פּאָר קליינינקייטן: ער פאַרשטייט נישט, ערשטנס, דעם כאַראַקטער פון דער דעמאָקראַטישער פרייהייט אין דעם צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט און דערנאָך איז ער אַבסאָלוט אין טעות וועגן די אינעווייניקסטע טענדענצן פון דעם יידישן פאָלק.

די יידישע אַסימילאַטאָרן זענען אויסגעוואַקסן אין דעם פעריאָד פון דעם צענטראַליסטיש־דעמאָקראַטישן געדאַנק, די פרייע מלוכה איז, ווי צ. ב. ש. לאַסאַל האָט זיך זי פאָר־געשטעלט, אַן איינהייטלעכער אָרגאַניזם, מיט איין־איינציקער שפּראַך און איין־איינציקער קולטור. דאָס איז געווען דער אי־דעאַל פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, דער אידעאַל פון דער צפון־אַמעריקאַנישער רעפּובליק און ער איז אויך כמעט פאַרווירקלעכט געוואָרן אומעטום, ווו די גרויס־בורזשו־אַזיע האָט אויסגעקעמפט דעם טריאומף פאַר די פרינציפּן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

אָבער שוין אין דער רעוואָלוציע פון דעם יאָר 1848 האָבן גענומען קלינגען נייע שטימען, פיינטלעכע צו דעם צענ־טראַליסטישן מלוכה־אידעאַל, צו דער בורזשואַזער, אַבסטראַקטער, בירגערלעכער אויסגלייכונג פון אַלע פעלקער אין איין־איינציקער קולטור. און פון דעמאָלט אָן האָט דער אידעאַל פון אַ פעדעראַ־ליסטישער רעפּובליק, וואָס זאָל יעדן איינצל־פאָלק געבן די מעגלעכקייט זיך נאַציאָנאַל פריי צו אַנטוויקלען אין די גרענעצן פון דער אַלגעמיינער מלוכה, גענומען דעראָבערן אַלץ מער און מער אָנהענגער צווישן דער ראַדיקאַלער דעמאָקראַטיע, ספּעציעל אין יענע לענדער, ווו מערערע פעלקער זענען געצוווּנגען צו לעבן אינאיינעם.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט פריער נישט געוואָלט וויסן דערפון, געזען אין דעם אַן אויסדרוק פון דער קליין־און מיטל־בורזשואַזער פּסיכאָלאָגיע, אַנטקעגן וועלכער מען מוז קעמפן, ווי מען מוז בכלל גיין האַנט אין האַנט מיט דער גרויס־בורזשואַזיע

דאָרטן, ווו אירע אינטערעסן און אידעאַלן שטויסן זיך פּיינלעך צונויף מיט די אידעאַלן און אינטערעסן פון דער מיטעלער און קלענערער באַלעבאַטישער וועלט.

די יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן זענען נאָך דאָפּלט פּאַ-נאַטישער אין דעם פּונקט, איידער די נישט-יידישע, און זיי זענען דעריבער אומעטום געווען, — ווי זיי זענען נאָך דאָס רוב איצטער, — די פאָנען-טרעגער פון דעם גרויס-בורזשואַזן, צענטראַליסטיש-אַסימילאַטאָרישן אידעאַל.

אָבער אויך די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט אין דער לעצ-טער צייט אינגאַנצן געמוזט איבערבייטן איר פּאָזיציע אין דער נאַציאָנאַליטעטן-פראַגע. זי האָט געמוזט איינזען, אַז אין דעם פּרט פון דעם קולטורעלן לעבן זענען די גרויסע אַרבעטער-מאַסן אויסגעבונדן אינאיינעם מיט אַלע אַנדערע דעמאָקראַטישע שיכטן פון זייער פאָלק, און זיי מוזן דעריבער, אינאיינעם מיט יענע, שטרעבן צו אַ נייער דעמאָקראַטיע, וואָס זאָל באַשאַפן אַ פרייעם פלאַץ פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם אייגענעם נאַציאָנאַלן לעבן. זי האָט געמוזט איינזען, אַז עס לוינט זיך בעסער פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט — זען וואָס גיכער צו ווערן דער פירער אין דעם קאַמף פון די מאַסן פאַר אַזאַ נייער דעמאָקראַטיע, איידער צו זיין געצוווּנגען נאָכצושלעפּן זיך נאָך זיי אין אַזאַ וויכטיקן פּונקט פון דעם פּאָליטישן לעבן.

די רוסישע רעוואָלוציע שיידט זיך אָפּ פון דער פראַנצוי-זישער רעוואָלוציע צווישן אַנדערע פּרטים אויך אין דעם פּרט, וואָס די גרויס-בורזשואַזע אינטערעסן און אָנשויאונגען שפּילן אין איר אַ קנאַפּע ראָלע. דאָס איז אַ רעוואָלוציע, וואָס איז געצוווּנ-גען אָנצושפּאַרן זיך אויף די ברייטסטע שיכטן פון דעם פאָלק, און דעריבער מוזן די פאָדערונגען פון דער מאָדערנער דע-מאָקראַטיע, די פאָדערונגען פון נאַציאָנאַלע גלייכע רעכט פאַר אַלע פעלקער, וואָס וווינען אין דעם לאַנד, שטיין ביי איר אין דעם פאָדערגרונט.

עס איז דעריבער קיין חידוש נישט, וואָס עס איז איצטער נישטאָ קיין איין-איינציקע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין רוסלאַנד

(אַ חוץ אפשר אַ פּאָר עקסטרעמיסטישע גרופּן), וואָס זאָל נישט האָבן אָנגעשריבן דעם לאָזונג פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג און זעלבסטפאַרוואַלטונג אויף איר פאָן.

און די ערשטע זאַך, וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט געטאָן, איז געווען די פּראָקלאַמירונג אָט פון דעם מאָדערן־דעמאָקראַטישן פּרינציפּ: גלייכע נאַציאָנאַלע רעכט פאַר אַלעמען. עס קאָן גאָר קיין ברעקל ספק נישט זיין, אַז די רוסישע קאָנסטיטוציע וועט אין דער פולסטער מאָס דורכפירן אָט די נייע יסודות פון נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג, פון וועלכע די גרויסע פראַנצויזישע צענטראַליסטישע רעוואָלוציע האָט קיין ברעקל אַנונג נישט געהאַט.

אָבער דורך דעם גופא וועלן אין רוסלאַנד באַשאַפן ווערן אַזעלכע באַדינגונגען פונם פּאָליטישן לעבן, וואָס וועלן צווינגען דאָס יידישע פאָלק צו אָרגאַניזירן זיך, ווי אַ נאַציע, צו געניסן די זעלביקע רעכט, ווי אַלע, ביי איר אייגענעם טיש און נישט צו שטופּן זיך אין אַ פרעמדער סביבה.

## II

די דערהאַלטונג פון דעם יידישן פאָלק אין גלות אין אַ משך פון באַלד צוויי טויזנט יאָר דערקלערט דער אַסימילאַטאָר אויף אַ גאַנץ פּשוטן אופן: דורך די שטענדיקע פאַרפאָלגונגען און גזירות אויף יידן. וואָלטן די פעלקער זיך באַגאַנגען מיט אונז, ווי מיט מענטשן, וואָלטן מיר שוין לאַנג אָפּגעזאָגט זיך פון אונזער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ און וואָלטן נאָר אפשר פאַרבליבן ווי אָנגעהעריקע פון אַ באַזונדער רעליגיעזן גלויבן, אַ מער אָדער ווייניקער רעפאָרמירטן. אַזוי גלויבט דער אַסימילאַטאָר.

דער באַווייז פאַר אים איז דערביישפּיל פון יענעם אַסימילאַציע־פּראָצעס, וואָס די יידנשאַפט האָט דורכגעמאַכט אומעטום, וווּ נאָר מען האָט זיי עמאַנסיפּירט בירגערלעך און פּאָליטיש

עס איז דעריבער פאַר דעם אַסימילאַטאָר קיין ברעקל ספק נישט, אַז אויך אין דעם באַפרייטן רוסלאַנד וועט דאָס יידישע פאָלק מוזן דורכמאַכן דעמזעלביקן אַסימילאַציע-פּראָצעס.

אָבער דאָ מאַכט ער אַ געוואַלדיקן טעות און באַווייזט נאָר דערמיט, וואָס פאַר אַ קנאַפּע ידיעה ער האָט אין די קרעפטן, וואָס באַהערשן דאָס לעבן פון די פעלקער, און ווי באַזונדערס פאַלש איז זיין אָפּשאַצונג פון יענער הויפּט-קראַפט, וואָס באַהערשט דאָס היסטאָרישע לעבן פון דעם יידישן פאָלק.

פעלקער זענען לעבעדיקע, איינהייטלעכע אָרגאַניזמען, וואָס קעמפן עקשנותדיק פאַר זייער קיום אויף דער וועלט. מיט גוטן זאָגט זיך קיין פאָלק נישט אָפּ פון זיין אייגענער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ; בפרט יענע פעלקער, וואָס זענען שוין געקומען צו אַ שאַרפן און קלאָרן נאַציאָנאַלן זעלבסט-באַוווסטזיין.

אַזעלכע פעלקער קאָנען פאַרשווינדן — און זענען אָפט אין דער געשיכטע פאַרשוואונדן — נאָר אַ רעזולטאַט פון א ו י ס ר אָ ט ו נ ג ע ן, פון אַ געוואַלטזאַמען נאַציאָנאַלן מאָרד. מיט דעם יידישן פאָלק קאָן אַזוינס שוין מער נישט פּאַסירן. זיין צעשפּרייטונג איבער דער גאַנצער וועלט איז געווען איינער פון יענע מיטלען, וואָס האָבן אים געהאָלפן אויסצומיידן דעם טויט דורך געוואַלטזאַמער פאַרטיליקונג. און ווען ער וועט זיך איצטער אומקערן אַהיים און אויפבויען אַן אייגן נאַציאָנאַל לעבן, וועט דאָס געשען אין אַ צייט, ווען קריגערישע אויסראָטונגען פון גאַנצע פעלקער זענען שוין געוואָרן אַן אוממעגלעכע זאַך.

אין דער צעשפּרייטונג האָט זיך אָבער דאָס יידישע פאָלק דערהאַלטן נישט דערפאַר, וואָס די פעלקער האָבן אים נישט געוואָלט איינזויגן אין זיך, נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט מיט זיין גאַנצער מאַכט געקעמפט אַנטקעגן דעם, די אַרומיקע פרעמדע סביבה זאָל אים איינשלינגען. די גאַנצע יידישע רעליגיע, דאָס גאַנצע גייסטיקע שאַפן פון אונזער פאָלק, דער גאַנצער בוי פון זיין לעבן האָט געהאַט נאָר איין אויסקוק און זין: ווי אַזוי אַרומצורינגלען זיך מיט אַן אייגענער נאַציאָנאַלער אַטמאָספער, וואָס זאָל אויפהאַלטן די גאַנצקייט פון דעם פאָלק.

דער, וואָס שטודירט די יידישע געשיכטע, ווי אַן אָביעקטיווער היסטאָריקער און נישט ווי אַ פאַראינטערעסירטער פּאַרטייאישער אַסימילאַטאָר, ווייס שוין פון לאַנג אָן, אַז די פאַרפאָלגונגען האָבן קיינמאָל נישט געהאָלפן דעם יידישן פאָלק אין זיין קאַמף פאַר עקזיסטענץ. אַדרבה, זיי זענען תמיד געווען דער גרעסטער שטער דערצו. שוין אין דעם יאָר 1887 האָב איך, אין מיין היסטאָרישער אָפּהאַנדלונג וועגן דעם געשיכטלעכן גורל פון דעם יידישן פאָלק, געקאָנט מיט פאַקטן באַווייזן, אַז די פאַרפאָלגונגען פלעגן תמיד פירן אָדער צום שמד, אָדער צו עמיגראַציע, אָדער צו אַ וועלכער עס איז משיח-באַוועגונג, וואָס פלעגט אונטערגראָבן די יסודות פון דער יידישער עקזיסטענץ אין גלות. דאָס נאַציאָנאַלע לעבן און שאַפן פלעגט אָבער אויפבליען נאָר דאָרטן און דעמאָלט, וווּ און ווען עס פלעגן באַשאַפן ווערן באַדינגונגען פאַר אַן אומגעשטערטער אינעווייניקסטער אַנטוויקלונג.

כּלומרשדיקע אויסנאַמען פון דעם כּלל זענען די שיקזאַלן פון דעם יידישן פאָלק צווישן די מערב-אייראָפּעאישע פעלקער, אין יענע לענדער, ווו די יידן זענען געוואָרן עמאַנסיפּירט: אָבער אָט די אויסנאַמען דערקלערן זיך דורך גאַנץ באַזונדערע אומשטענדן.

קודם האָבן מיר צו טאָן נישט מיט דעם רוב בנין פון דעם פאָלק, נאָר מיט איינצלנע אָפּגעשפּרונגענע קליינע פראַגמענטן, וואָס קאָנען אַלעמאָל גיין פאַרלאָרן ביי אַ פאָלק.

צווייטנס, באַלאַנגען יענע פראַגמענטן צו די העכערע, בורזשואַזערע שיכטן, וואָס זענען אָפּטמאָל ביי אַלע פעלקער עלול צו ווערן אומטריי צו זייער אייגענער אומה, ווי נאָר די צוגעהעריקייט צו זייער פאָלק טרעט אַריין אין אַ קאָנפליקט מיט זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן (פאַרגלייך, צ. ב. ש., די פּוילישע „אוגאָדאָוועצעס״).

דריטנס, האָט דער יידישער גייסט דעמאָלט דורכגעלעבט דעם שווערסטן קריזיס אין זיין לעבן: דעם באַנקראָט אין זיינע האָפענונגען אויף אַן איבערנאַטירלעכן משיח. עס האָט

זיך געדוכט, אַז אויף אַ נאַטירלעכן אופן קאָן דאָס יידישע פאָלק קיינמאָל נישט אויפגעריכט ווערן, און אַז יידן, ווי אַ נאַציע, זענען טיי ווי סיי פאַרפאַלענע, — האָט מען זיך אונטער-געגעבן דעם יצר-הרע פון נאַציאָנאַלן זעלבסטמאָרד, וואָס האָט זיך געלוינט פאַר די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אינטערעסן פון דעם מער אָדער ווייניקער זיכער-געשטעלטן יחיד.

פערטנס, איז די אַסימילאַציע געווען אַ לעבנס-נויט פאַר דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון דעם פאָלק, ווייל נאָר אַ דאַנק איר האָט זיך דער יידישער געדאַנק געקאָנט באַפריי-ען פון די רעליגיעזע יסודות, אויף וועלכע זיין גאַנץ לעבן איז געווען אויפגעבויט.

פינפטנס, איז דעמאָלט דער אַל-מענטשלעכער פּראָגרע-סיווער געדאַנק געשטאַנען אונטער דער שליטה פון דער גרויס-בורזשואַזער קאָסמאָפּאָליטישער פסיכאָלאָגיע, וואָס פאַר איר איז יעדער מענטש געווען אַ „סתם-מענטש", אַ פּראָדוצירער פון עקאָנאָמישע ווערטן, אָדער אַ פאַרמיטלער אין דעם פּראָצעס פון מקח וממכר, אַן אַבסטראַקטער עקאָנאָמישער ציפער, וועמעס נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן עס ווערן נישט גענומען אין באַטראַכט; אָדער וועמעס נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן עס קאָנען אַקוראַט אַזוי לייכט אויסגעביטן ווערן אויף אַנדערע נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן, ווי לייכט מען קאָן אַן אַמעריקאַנישן דאָלאַר אויסבייטן אויף רוסישע רובלס, רוסישע רובלס אויף דייטשישע מאַרקן און אַזוי ווייטער.

אָט דאָס זענען געווען די פינף וויכטיקסטע מאָמענטן, וואָס האָבן אין דער נייעסטער צייט אַרויסגערופן די אַסימילאַ-ציע-שטרעמונגען אין דעם לעבן פון די מערב-אייראָפּעאישע יידן. און אויך דאָרטן, אין מערב-אייראָפּע, האָבן זיי נישט געקאָנט איינגאַנצן פאַרטויבן דעם נאַציאָנאַלן אינסטינקט, נישט געקאָנט מאַכן אַ תל פון דעם יידישן פאָלק; אויך דאָרטן איז זייער צייט שוין אַריבער; אויך דאָרטן האָבן די אַסימילאַציע-אידעאַלן שוין געפּלאַצט, און די בעסערע קינדער פון אונזער פאָלק הויבן זיך אָן אומצוקערן „אַהיים", ווערן וואָס ווייטער,

אַלץ מער דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון דער יידישער נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט.

נאָך וויניקער קאָנען אָט די פינף קוואַלן פון דער אַסימי־לאַציע שפּילן אַזעלכע עס איז אַנטשיידנדיקע ראָלע אין דעם לעבן פון אונזער פאָלק אין די מזרח־איירָאָפּעאישע לענדער.

ערשטנס, האָבן מיר דאָ צו טאָן נישט מיט אָפּגעשפּרונ־גענע פראַגמענטן פון אונזער פאָלק. די יידן פון די סלאַווישע לענדער און פון רומעניען זענען דאָס יידישע פאָלק, זיין גרעסטער רוב מנין און רוב בנין. אין זיי, אין אָט די מאַסן, לעבט דער נאַציאָנאַלער זעלבסטדערהאַלטונגס־טריב, דער איינ־געעקשנטער אָרגאַנישער קאַמף פון יעדן פאָלק פאַר זיין זיין אויף דער וועלט; דאָס באַוווסטע און אומבאַוווסטע שטרעבן צו דערהאַלטן זיך ווי אַ באַזונדער מענטשלעכער מין.

צווייטנס, באַשטייט אונזער פאָלק דאָס רוב פון אָרע־מע אָדער קוים באַלעבאַטישע מאַסן, וואָס לעבן צווישן זיך, וואָס האָבן נישט נאָר גאָרנישט נישט צו געווינען פון דער אַסי־מילאַציע, נאָר וואָס מ׳זן זייער אָפּט ליידן פון איר, ווייל זי שלעפּט אַוועק פון פאָלק די גרעסטע כוחות, אין וועלכע מען נויטיקט זיך אַזוי שטאַרק אין דערהיים.

דריטנס, איז דער יידישער געדאַנק שוין אַרויס אַ לע־בעדיקער, אַ פאַרשטאַרקטער און אַ באַפרייטער, פון יענעם קרי־זיס, אין וועלכן ער האָט זיך געפונען אין דעם סוף פון דעם אַכצנטן יאָרהונדערט: אַ דאַנק דער אומגעהייער־פרוכטבאַרער אַרבעט פון דעם נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיוון דור, — פון די פּינס־קערס, לילינבלומס, אחד־העמס, הערצלס, נאָרדויס, דובנאָווס, ראַטנערס, זשאַבאָטינסקיס און נאָך אַ סך אַנדערע, יינגערע און עלטערע, אַ דאַנק דער טעטיקייט פון אַלע יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען: פון דעם ציוניזם, דעם „בונד״, פון די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן, איז די נאַציאָנאַלע אידייע אָפּגעטיילט געוואָרן פון דעם רעליגיעזן גלויבן אין משיח און ווונדער, און דער באַנ־קראָט פון יענעם גלויבן רירט שוין נישט אָן די יסודות פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן זיין.

פערטנס, איז די אַסימילאַציע שוין נישט מער קיין קולטורעלע לעבנס-נויט פאַרן יידישן פאָלק, עס איז אינדערהיים באַשאַפן געוואָרן אַ רייכע אייגענע ליטעראַטור, וואָס קאָן צו-פירן מאָדערנע וועלטלעכע בילדונג צו די מאַסן אין זייער איי-גענער שפּראַך, און מיר האָבן שוין אַ גאַנצן דור יונגע געלערנ-טע, וואָס שעפּן זייערע דערקענטענישן אין דער פרעמד מיט נישט קיין אַנדער צוועק, ווי נאָר מיט דעם, כדי צו ברענגען עס צוריק אַהיים, כדי צו באַפרוכפּערן מיט זיי די אייגענע פעלדער.

און וויכטיקער פאַר אַלץ איז די ענדערונג אין דעם פינפטן פונקט: דער מאָדערנער פּראָגרעסיווער געדאַנק פון דער מענטשהייט האָט זיך שוין אינגאַנצן און אַבסאָלוט אָפּגעזאָגט פון דעם גרויס-בורזשואַזן קאָסמאָפּאָליטיזם.

אויף דער עקזיסטענץ פון איינצלנע פעלקער קוקט מען שוין נישט ווי אויף אַן אומגליק, פון וועלכן מען דאַרף זען וואָס גיכער פּטור צו ווערן, אָדער מיט וועלכן מען דאַרף זיך העכסטנס רעכענען מיט קללות אין האַרצן. גאַנץ נייע אידעאַלן באַהערשן איצטער די וועלט.

שוין דער ערשטער אַרבעטער-אינטערנאַציאָנאַל האָט אין די זעכציקער יאָרן פון דעם פאָריקן יאָרהונדערט אָפיציעל געבראָכן מיט דעם קאָסמאָפּאָליטיזם פון דער גרויס-בורזשואַזיע און האָט אויף זיין פלאַץ ווידער אויפגעבויט דעם אַלט-יידישן אי-דעאַל פון אונזערע נביאים, דעם אינטערנאַציאָנאַלן אידעאַל פון „שבת אחים״ צווישן פעלקער, פון ליבע און רעס-פּעקט צו יעדעס איינצלנעס פאָלק, צו זיין שפּראַך, זיין קולטור, זיין אייגענעם דרך אין דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג.

אָט די פעלקער-פריינטלעכע טענדענצן פון די אַלט-יידישע פאָלקסמענטשן, וועלכע דער מאָדערנער פּראָלעטאַריאַט, דער אַוואַנ-גאַרד פון די פאָלקסמאַסן, האָט ווידער לעבעדיק געמאַכט אין דעם עפנטלעכן געדאַנק, — זיי ווערן איצטער די הערשנדיקע אין דעם פּאָליטישן לעבן, אַ דאַנק דעם איצטיקן קריג און דער רוסישער רעוואָלוציע.

## III

מיר האָבן געזען, ווו עס ליגט דער גרונט־פעלער פון אונזערע אסימילאַטאָרן פאַר רוסלאַנד. זייער אידעאַל איז געבליבן הינטער אונזער צייט אויף מינדסטנס אַ דריי דורות צוריק, סיי אין דער אַלגעמיינער פראָגרעסיווער פאָליטיק, סיי אין דעם פראָגרעסיוון געדאַנק פון דעם יידישן פאָלק.

אין דער פראָגרעסיווער פאָליטיק פון דער וועלט טרעט דער פעדעראַליסטישער פרינציפ זיגרייך אַרויס אַנטקעגן דעם צענטראַליסטישן; אין דעם יידישן לעבן איז פאַרשוואונדן דער קעגנזאַץ פון פראָגרעס און נאַציאָנאַליטעט — אַ קעגנזאַץ, וואָס האָט געהערשט סיי ביי דעם פרום־נאַציאָנאַלן דור, סיי ביי דעם פראָגרעסיוו־אַסימילאַטאָרישן. די אויבערהאַנט אין דעם יידישן לעבן, די פירנדיקע ראָלע גייט אַריבער צו דעם נאַציאָנאַל־פראָגרעסיוון דור, וואָס זוכט אויפצובויען דאָס יידישע לעבן אויף די־זעלביקע פאָליטישע יסודות, וואָס ווערן הערשנדיק אין דער איידראָפעאישער דעמאָקראַטיע.

אָבער נישט נאָר די פרינציפן פון דער מאָדערנער דעמאָקראַטיע און פון דעם יידישן נאַציאָנאַל־פראָגרעסיוון געדאַנק וועלן טרייבן די יידן אין רוסלאַנד דערצו, זיי זאָלן זיך קאָנסטיטואירן נאַציאָנאַל, זיי זאָלן קעמפן אַנטקעגן דער אַסימילאַציע און זיי זאָלן אַלע כוחות אָנווענדן, כדי אָפצוהיטן דעם אייגענעם קיום און די אייגענע נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג: דאָס פאָליטישע לעבן אין דעם פרייעם רוסלאַנד וועט זיי צווינגען דאָס צו טאָן.

די רוסישע דעמאָקראַטיע וועט זיין אַ פרייע נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה. די איינצלנע פעלקער, לפּחות די קולטורעלע, וועלן באַקומען נאַציאָנאַלע רעכט, ד. ה. נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע. דאָס איז די פאָדערונג פון אַלע פראָגרעסיווע פאַרטייען אין לאַנד.

לויט דעם פּרינציפּ פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וועט די מלוכה אַריבערטראָגן אויף די איינצלנע פעלקער אַ טייל פון איר מאַכט און וועט זיי איבערגעבן די אויפגאַבע, זיי זאָלן אויספירן געוויסע עפנטלעכע ענינים, וואָס האָבן פריער געהערט נאָר צו איר אייגענער קאָמפּעטענץ.

לאָמיר נעמען אַ ביישפּיל: די פאָלקס-בילדונג. פאָלקס-בילדונג איז אַן ענין, וואָס געהער צו דער מלוכה. זי בילדעט די דערציאונגס-אַנשטאַלטן אויף איר חשבון, אָבער אויך אין איר שפּראַך, אין דער אָפיציעלער מלוכה-שפּראַך. גיט זי אַ וועלכער עס איז נאַציאָנאַליטעט אויטאָנאָמיע אין בילדונגס-זאַכן, דעמאָלט באַפולמעכטיקט זי די נאַציאָנאַליטעט, זי זאָל אויף איר חשבון און אונטער דער קאָנטראָל פון אירע געזעצן בויען די נויטיקע דערציאונגס-אַנשטאַלטן פאַר אירע קינדער, אין איר אייגענער שפּראַך. די מלוכה איז דעריבער מחויב צו געבן די הוצאות דערצו, ד. ה. אַוועקגעבן דער נאַציאָנאַליטעט אַ געוויסן טייל פון איר יערלעכן בודזשעט פאַר פאָלקס-בילדונג. און די נאַציאָנאַליטעט איז זיך מתחייב אויסצופילן דעם ווילן פון דער מלוכה, לויט אירע אייגענע נאַציאָנאַלע נויטן און לויט די אַלגעמיינע אינטערעסן פון דעם לאַנד.

און אַזוי איז דאָס אויך מיט אַלע אַנדערע ענינים, וואָס קאָנען אַריבערגעטראָגן ווערן פון דער מלוכה אויף דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

**נאַציאָנאַלע רעכט זענען דעריבער נישט נאָר רעכט, נאָר אויך קעגנזייטיקע פליכטן:** פליכטן פון דער נאַציע צו דער מלוכה און פון דער מלוכה צו דער נאַציע.

פון דעם אַליין ווערט שוין קלאָר, ווי אויסגעבונדן עס זענען דערביי די אינטערעסן פון דער אַלגעמיינער מלוכה און די אינטערעסן פון איינצלנע נאַציעס; וואָס גראָמער עס זענען די גרענעצן פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וואָס מער עס ווערט דורכגעפירט דער פּרינציפּ פון פעדעראַליזם, וואָס מער ענינים די מלוכה טראָגט אַריבער אויף דער נאַציאָנאַליטעט, אַלץ

מער ווערט זי פאַרוואַנדלט אין אַ פעלקער־פאַראייניקונג, אין אַ ש ו ת פ ו ת, ווו דער איינצלנער שותף איז נישט דער בירגער, נישט דער יחיד, — נאָר ד אָ ס פ אָ ל ק, צו וועלכן דער יחיד געהער.

דערפון אַליין איז שוין אָבער אויך ממילא געדרונגען, אַז יעדער איינער מוז דערביי זיין פאַראינטערעסירט, זיין פאָלק זאָל האָבן פון דער שותפות דעם גאַנצן חלק מלוכה־הילף, סיי אין אַ מאַטעריעלן, סיי אין אַ גייסטיקן זין, — וואָס אים קומט, לויט דעם דעמאָקראַטישן יושר. קיין אַנדער פאָלק זאָל נישט האָבן קיין איין ברעקל איבערוואָג איבער אים, וואָס זאָל נישט זיין באַרעכטיקט לויט דעמזעלביקן דעמאָקראַטישן יושר. די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיעס דאַרפן ווערן געבויט אויף דעם יסוד פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג.

די נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג ווערט גאַראַנטירט דורכן געזעץ, אָבער דורכגעפירט אין לעבן קאָן זי נאָר ווערן דורך דער אָנשטרענגונג פון די אייגענע נאַציאָנאַלע כוחות. און ווי פינקטלעך דאָס געזעץ זאָל נישט באַוואָרענען אַלע רעכט, וועט אָבער די נאַציע זיין געצוווּנגען צו אַנטוויקלען איר גאַנצע מאַכט, כדי צו דערגרייכן אין דער ווירקלעכקייט יענע וואָג און באַדייטונג אין דעם אַלגעמיינעם מלוכה־לעבן, צו וועלכער זי איז פעאיק לויט אירע אינעווייניקסטע קרעפטן.

נישט נאָר זי דאַרף זיין שטאַרק אין צאָל, נאָר אויך קרעפטיק אין איר קולטורעלן לעבן, אין איר עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, כדי צו ווערן אַ פאַקטאָר, מיט וועלכן נישט נאָר דאָס געזעץ, נאָר די גאַנצע ווירקלעכקייט זאָל זיך דאַרפן רעכענען.

דאָס מוז פירן דערצו, וואָס קיינער וועט נישט וועלן ליידן, אַז דעם אַנדערנס וואָג און באַטייט אין עפנטלעכן לעבן זאָל פאַרגרעסערט ווערן נישט אַ דאַנק די אייגענע אינעווייניקסטע כוחות, נאָר אַ דאַנק יענע כוחות, וואָס זענען אַוועקגערויבט געוואָרן פון דער פרעמד. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז קיין פאָלק וועט נישט וועלן ליידן, אַ וועלכעס עס איז אַנדער

פאָלק זאָל שטאַרקער ווערן אַ דאַנק דעם, וואָס עס וועט אַסי־
מילירן אין זיך ווערטפולע טיילן פון אַן אַנדערן.

יעדע נאַציאָנאַליטעט, וואָס וועט דערלאָזן, אַז די אַסימי־
לאַציע זאָל זיך ערנסט אַרייַנרייסן אין איר לעבן און אַוועק־
שלעפּן אירע קינדער צו אַן אַנדער פאָלק, וועט דורכדעם גופא
באַגיין אַ דאָפּלטן פּאָליטישן פעלער: ערשטנס, וועט זי אָפּ־
שוואַכן איר אייגענע וואָג און באַדייטונג, און צווייטנס וועט זי
אַרויסרופן די שנאה צו זיך מצד יענע פעלקער, מיט וועלכע זי
אַסימילירט זיך נישט.

אין דעם צוקונפטיקן פרייעם רוסלאַנד וועט אַזאַ אַסימי־
לאַטאָרישע טאַקטיק פון דעם יידישן פאָלק, — אויב זי זאָל
ווייטער אָנגעפירט ווערן, — ווערן נאָך געפערלעכער פאַר אונז,
איידער איצטער, ווייל דעמאָלט וועלן אַ סך נאַציאָנאַלע גרופן
זיין פאַראינטערעסירט, מיר זאָלן מיט אונזער גרויס־רוסישער
אַסימילאַציע נישט שטערן דעם נאַטירלעכן באַלאַנס פון די נאַ־
ציאָנאַלע קרעפטן אין דעם לאַנד.

און ווען אַפילו דאָס יידישע פאָלק זאָל זיך אָנהויבן טייל־
וויַיז אַסימילירן מיט אַלעמען אין אַ גלייכער מאָס, — ווערן
נישט נאָר גרויס־רוסיש, נאָר אויך קליין־רוסיש, ווייס־רוסיש,
טאָטעריש, אַרמעניש און גרוזיניש, — וועט עס דערמיט נישט
אָפּוועגדן דעם אומווילן פון די פעלקער אַנטקעגן זיך.

די גרויס־רוסישע אינטעליגענץ וועט זיין אַנטקעגן אונז
איינמאָל דערפאַר, וואָס מיר קאָנקורירן מיט איר גופא אין דער
גרויס־רוסישער קולטור, און אַ חוץ דעם וועט זי נאָך מאָנען
פון אונז, פאַרוואָס מיר פאַרשטאַרקן מיט אונזערע קינדער די
נומערישע קראַפט און די קולטורעלע מאַכט פון דעם קליין־רוס,
דעם ווייס־רוס, דעם טאָטער און דעם גרוזין.

און אַקוראַט אַזאַ פילפאַכער אַנטיסעמיטיזם וועט מחמת
די אייגענע טעמים מוזן דערוועקט ווערן ביי דעם קליין־רוס,
דעם ווייס־רוס, דעם טאָטער און דעם גרוזין. יעדע פון די נאַ־
ציאָנאַלע גרופן וועט אונז פיינט האָבן סיי דערפאַר, וואָס מיר
רייסן זיך אַריין אין איר קולטור, לייגן אַרויף אונזער יידישן

שטעמפּל אויף איר אַנטוויקלונג, סיי דערפאַר, וואָס מיר רייסן זיך אַריין אין פרעמדע קולטורן און מאַכן נאָך שטאַרקער זייער קראַפט. — דאָס וועט, אמת, זיין אַ גרויסער אינעווייניקסטער ווידערשפּרוך; וועלן מיר דעמאָלט האָבן ביי זיי אַ לאָגישע עוולה.

עס וועט פאַר דעם יידישן פאָלק דעריבער קיין אַנדער ברירה נישט זיין, סיידן צו קאָנצענטרירן זיך אַרום דער אייגענער נאַציאָנאַלער פאָן, זען, אַז אַלע אויפטוען, וואָס די יידן טוען-אויף אויף דעם פעלד פון דער פרידלעכער קולטור, זאָלן פאַרשריבן ווערן אויף דעם יידישן חשבון און נישט אויף קיין אַנדערנס: אַז יעדער ייד זאָל בלייבן אין דער היים, אַז יעדער טראָפּן יידישע ענערגיע זאָל פאַרשטאַרקן די אייגענע פּאָזיציע און פאַרמערן די אייגענע חשיבות און דעם אַלגעמיין-מלוכהשן לעבן; ד. ה. זען, אַז דער אַסימילאַציע-פּראָצעס זאָל אינגאַנצן אויפהערן.

און נאָך אַ פּונקט. די אינעווייניקסטע לאָגיק פון אַ נאַציאָנאַליטעטן-מלוכה וועט באַשאַפן אַ גאַנץ אַנדער באַגריף פון עפנטלעכן יחוס, פאַר וועלכן דער מאָדערנער ייד איז אַזוי עמפּינדלעך. אין אַ צענטראַליסטישער מלוכה איז דאָס הערשנדיקע פאָלק דער יחוס. זיין שפּראַך, זיין קולטור איז די געהויבענע און די עקאָנאָמיש-פּאָרטיילהאַפטערע. דאָס איז איינע פון די אורזאַכן, פאַרוואָס אַסך יידן זענען אַזוי להוט אַרויסצושפּרינגען פון דער אייגענער הויט און אַרויפּציען אויף זיך די פרעמדע הויט פון דעם מיוחס. אין אַ פעדעראַליסטישע מלוכה וועט דער גרעסטער יחוס זיין — די טרייקייט צו דער אייגענער פאָן, דער שטאָלץ מיט דער אייגענער נאַציע. דער ייד מיט זיין עמפּינדלעכן חוש פאַר עפנטלעכן יחוס — וועט תיכף דערשפּירן, וווהין עס בלאָזט דער נייער ווינד און ווי מען דאַרף דעריבער אָנשטעלן די לייוונטן פון זיין נאַציאָנאַלן אָקרענט...

ח

# די שפּראַכן־פראַגע

אין דעם אויטאָקראַטישן רוסלאַנד איז דער יידישער עפנט־לעכער געדאַנק געשטאַנען פאַר מינדסטנס דריי גרונט־פּראָבלע־מען בנוגע צו דעם נאַציאָנאַלן לעבן:

זאָל מען זיך אַסימילירן מיט דער נישט־יידישער וועלט, אָדער אָנהאַלטן און אַנטוויקלען די אייגענע יידישע נאַציאָנאַלי־טעט? נאַציאָנאַליזם אָדער אַסימילאַציע?

זאָל מען קעמפן פאַרן קיום הלאום נאָר אין אַן אייגענעם יידישן לאַנד, אָדער נאָר אין די גלות־לענדער? אָדער אפשר אי דאָ, אי דאָרטן? טעריטאָריאַליזם, גלות־נאַציאָנאַליזם, אָדער אַ סינטעז פון ביידע?

זאָל די נאַציאָנאַלע שפּראַך זיין העברעאיש, אָדער יידיש? העברעאיזם אָדער יידישיזם? אָדער ביידע שפּראַכן צוזאַמען?

מיר האָבן שוין פריער געזען, ווי אַזוי די ערשטע פּראָב־לעם, — נאַציאָנאַליזם אָדער אַסימילאַציע, — וועט מוזן פאַר־ענטפערט ווערן אין דעם פרייעם רוסלאַנד. די רוסישע רעוואָ־לוציע וועט פּראָקלאַמירן און דורכפירן אין לעבן דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיעס פאַר אַלע קולטורעלע פעלקער פון דעם לאַנד (מינדסטנס פאַר זיי), די געשאַפענע פּאָליטישע לאַגע וועט צווינגען דאָס יידישע פאָלק אַרויפצוטרעטן אויף דעם וועג פון אייגענער סאָציאַלער אַנטוויקלונג, — אַ וועג, וואָס שטימט סיי מיט די פאָדערונגען פון דער מאָדערנער פע־דעראַליסטישער דעמאָקראַטיע, סיי מיט די אינעווייניקסטע היס־טאָרישע טענדענצן פון דעם יידישן פאָלק.

דערמיט גופא ווערט אויך פאַרענטפערט אַ גרויסע טייל פון דער צווייטער פּראָבלעם. עס ווערט אַבסאָלוט און שאַרף

אָפּגעשליידערט דער ריינער טעריטאָריאַליזם, וואָס וויל וויסן פון אַ יידישן פאָלק נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל עס האָט אַן אייגן לאַנד, אָדער לעבט אויף אַן אייגענער טעריטאָריע. די רוסישע רעוואָלוציע וועט אין דער ערשטער ליניע ברענגען דעם טריאומף פון דעם יידישן גלות-נאַציאָנאַליזם. ווי עס זאָל נישט האַלטן אין דער צוקונפט מיט אַ יידיש לאַנד, אין רוסלאַנד וועט דאָס יידישע פאָלק מוזן בויען אַן אייגן נאַציאָנאַל לעבן אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס וועט דאָרטן וווינען אַ יידיש פאָלק.

אָט די צוויי פאַקטן, — די יידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע און די נויטווענדיקייט אָנצושטרענגען דעם נאַציאָנאַלן ווילן אין דעם קאַמף אַנטקעגן דער אַסימילאַציע, ברענגען מיט זיך אָבער דעם פולן און קלאָרן ענטפער אויך אויף דער דריטער פראָבלעם: די פראַגע וועגן דער יידישער נאַציאָנאַלער שפּראַך, וועגן העברעאיש אָדער יידיש.

אין דער פאַררעוואָלוציאָנערער צייט איז דער העברעאיזם אַרויסגעטרעטן מיט דער פאָרמול: „או עברית, או רוסית״; אונזער שפּראַך אין רוסלאַנד דאַרף זיין אָדער די העברעאישע, אָדער די רוסישע.

פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט זיך נאָר אַריינגעטראַכט אין דעם ענין פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר די רוסלענדישע פעלקער, מוז זיין קלאָר ווי דער טאָג, אַז וועגן רוסיש, ווי אַן אָפיציעלע שפּראַך פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, ווי דער שפּראַך פון די יידישע דערציאונגס-אַנשטאַלטן אין דעם יידישן עפנטלעכן לעבן, קאָן איצטער גאָר קיין רייד נישט זיין.

שפּראַך-געמיינשאַפט איז קולטור-געמיינשאַפט. אַ פאָלק, וואָס רעדט אַ שפּראַך און לעבט אין אַ קולטור פון אַן אַנדער פאָלק, קאָן אין אונזערע צייטן נאָר דעמאָלט אָפּהיטן זיין נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט, ווען עס האָט אַן אייגענע, פּאָליטיש-אומאָפּהענגיקע טעריטאָריע, — ווי די אַמעריקאַנער אין פאַרגלייך מיט די ענגלענדער, די דייטש-שווייצער אין פאַרגלייך מיט דייטש-לאַנד, די בעלגישע וואַלאַנען אין פאַרגלייך מיט פראַנקרייך.

אין אַ נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה פאַלט דעריבער נאַציאָנאַלי־טעט צונויף מיט שפראַך. וועלכע שפראַך דו געברויכסט, צו יע־נער נאַציאָנאַליטעט ביסטו צוגעשריבן. אָט פאַרוואָס אין עסט־רייך און אויף דעם באַלקאַן־האַלבּ־אינזל מאַכן די פּאָליטיקער אַזוי פיל קונצן מיט דער שפראַך־סטאַטיסטיק. אָט פאַרוואָס אין עסטרייך טאָר אַ ייד נישט אָנגעבן יידיש פאַר זיין מוטער־שפראַך. אָט פאַרוואָס אין בוקאָווינע ווערט יידיש פאַררעכנט פאַר דייטש און אין גאַליציע גאָרנישט פאַררעכנט, אַקוראַט, ווי עס וואָלט איבערהויפּט נישט עקזיסטירט. אין בוקאָווינע ווערט גערעכנט מיט אַזוי פיל מער דייטשן, וויפל עס זענען דאָ יידן, און אין גאַליציע מיט אַזוי פיל מער פּאָלאַקן, ווייל... גיי, פרעג קשיות אויף גאַליציע! ווייל יידיש איז קיין שפראַך נישט.

אָננעמען רוסיש פאַר דער אָפיציעלער שפראַך פון דער יידישער אויטאָנאָמיע וואָלט געהייסן צושרייבן זיך צו דער גרויס־רוסישער נאַציאָנאַליטעט און — אַרויסרופן אַנטקעגן זיך דעם פּראָטעסט און דעם קאַמף מצד אַלע נישט גרויס־רוסן אין דעם לאַנד.

הייסט עס, אַז די ברירה פון „או רוסית" איז אין רוס־לאַנד לגמרי אָפּגעפרעגט. אַגב, וואָלט די ברירה פון „או רוסית" געדאַרפט אין דער רוסישער נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה פאַנאַנדער־געצויגן ווערן אין: „או רוסית, או טאַטאַרית, או טשוואַשית, או יאַקוטית וכו'", לויט די נעמען פון אַלע רוסלענדישע שפראַכן, וואָס וועלן באַקומען די מלוכהשע גלייכבאַרעכטיקונג. אָבער דאָס וואָלט אין קיין פאַל נישט געענדערט דעם גרונט־כאַראַק־טער פון אָט דער ברירה. דאָס וואָלט אין אַלע פאַלן געווען נישט קיין אַנדער זאַך, ווי די אָפיציעלע אַסימילאַציע, וואָס איז איצטער דעם יידישן פאָלק אוממעגלעך געוואָרן אין רוס־לאַנד.

בלייבן אויף די שאָלן פון דער וואָג נאָר די צוויי שפראַכן, אין וועלכע אונזער פאָלק שאַפט: יידיש און העברעאיש. אויף וועלכער שאָל וועט די רוסישע רעוואָלוציע אַרויפלייגן איר גאַנצע געוויכט?

עס קאָן קיין ברעקל ספק נישט זיין, אַז נאָר אויף דער יידישער, די רוסישע רעוואָלוציע וועט, לפּחות פֿאַר רוסלאַנד, ברענגען דעם טריאומף נישט נאָר פון דעם גלות-נאַציאָנאַליזם, נאָר אויך פון יענעם אידעאַל, מיט וועלכן ער איז לאָגיש פֿאַרבונדן: די מלוכהשע אָנערקענונג און די אינעווייניקסטע פֿאַנאַנדערבליאונג פון דער יידישער שפּראַך.

מיר האָבן שוין געזען, אַז אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע איז אַ שותּפותדיקער עסק, אין וועלכן עס זענען גלייך פֿאַראינטערעסירט סיי די דעמאָקראַטישע מלוכה, סיי דאָס פֿאָלק, וועמען זי ווערט געגעבן. די מלוכה איז אָבער פֿאַראינטערעסירט, אַז די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע זאָל געבויט ווערן אויף דעם יסוד פון יענער שפּראַך, וואָס ווערט ווירקלעך גערעדט און פֿאַרשטאַנען פון פֿאָלק.

עס זענען דאָ אַ סך טעמים, פֿאַרוואָס די מלוכה מוז שטעלן דעם פֿאָלק אַזאַ באַדינג. מיר וועלן ברענגען דאָ נאָר דעם וויכטיקסטן,

מער פון אַלץ איז די מלוכה פֿאַראינטערעסירט, אַז יעדער איינער זאָל זיין באַקאַנט מיט אירע געזעצן און אירע פֿאַראָרדענונגען, עס איז אַן אַלטער כּלל אין דער יוריספּרודענץ, אַז קיינער קאָן זיך נישט באַרופן אין געריכט אויף דעם פֿאַקט, וואָס אים איז נישט באַקאַנט דער געזעץ אָדער די פֿאַראָרדענונג.

אין אַ נאַציאָנאַליטעטן-מלוכה מוזן אַלע וויכטיקע פֿאַראָרדענונגען און געזעצן אַרויסגעגעבן ווערן אין אַלע יענע שפּראַכן, וואָס זענען אָפֿיציעל באַרעכטיקט דערצו, כּדי אַלע אויטאָנאָמע פעלקער זאָלן זיי קאָנען פֿאַרשטיין, פֿאַר נאָר גלייכבאַרעכטיקטע פעלקער מוז די מלוכה אַליין באַזאָרגן די וויכטיקע איבערזעצונגען, און זיי, די איבערזעצונגען, האָבן דעמזעלביקן יורידישן ווערט, ווי אַן אָריגינאַל: אין אַלע פֿאַלן קאָן מען זיך אויף זיי פֿאַררופֿן אין געריכט. אין אַנדערע פֿאַלן ווערן נאָך צוגעלאָזן באַגלייביקטע איבערזעצונגען, אָדער מלוכהש-אויטאָריזירטע איבערזעצונגען, וואָס זייער יורי-

דישע גילטונג איז אַ ביסל שמעלער איידער די פֿון דעם אָריגינאַל. (האָט אַ פֿאָלק נישט קיין שפּראַך־גלייכבאַרעכטיקונג, ווערן זיינע איבערזעצונגען באַטראַכט פֿאַר פּריוואַטע און האָבן נישט קיין יורידישע גילטונג פֿאַרן געריכט.

על כל פּנים אָנערקענט די מלוכה נאָר אַזאַ שפּראַך, וואָס קאָן איר צונוץ קומען, אין וועלכער זי קאָן זיך צונויפֿרעדן מיט דער באַפֿעלקערונג. עס איז דעריבער קלאָר, אַז ווען אַ פֿאָלק זאָל פֿאַרלאַנגען גלייכבאַרעכטיקונג פֿאַר אַ שפּראַך, וועלכע עס געברויכט נישט אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן, וועט די מלוכה מוזן אים אָפּזאָגן אין זיין פֿאַרלאַנג.

זאָלן די רוטענער, צום ביישפּיל, פּלוצלונג באַשליסן, אַז זיי ווילן אָנהויבן רעדן פֿראַנצויזיש און בויען זייער קולטור אין פֿראַנצויזיש, און זאָלן זיי אַרויסטרעטן מיט דער פֿאָדערונג, פֿראַנצויזיש זאָל ווערן דער יסוד פֿון זייער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וועט זיי די מלוכה מוזן ענטפֿערן:

„ווי פֿרייע בירגער פֿון דעם לאַנד, זענט איר באַרעכטיקט אויסצובויען וועלכע שפּראַך איר ווילט. ווילט איר פֿראַנצויזיש, קאָנט איר, אויף אייער אייגענעם חשבון, ווי פּריוואַטע מענטשן, אויסבויען אַלע נויטיקע אַנשטאַלטן, אַז פֿראַנצויזיש זאָל ווערן די גערעדטע שפּראַך פֿון אייער פֿאָלק. און ווען זי וועט דאָס ווערן, וועט אייער אויטאָנאָמיע קאָנען געבויט ווערן אויף דעם יסוד פֿון יענער שפּראַך. ביז צו יענער צייט אָבער וועט פֿאַר מיר עקזיסטירן נאָר אייער מוטער־שפּראַך, רוטעניש, אָדער איר וועט איבערהויפּט נישט האָבן קיין אויטאָנאָמיע און וועט מוזן נאַציאָנאַל צוגערעכנט ווערן צו אַ וועלכער עס איז אַנדערער נאַציאָנאַליטעט. און די מיטלען, וואָס איך באַווילק פֿאַר אייער אויטאָנאָמיע, קאָן איך באַווילקן נאָר אויף דעם תּנאי, ווען זי זאָל זיין געבויט אויף דעם יסוד פֿון אייער איצטער גערעדטער שפּראַך, אָדער — איר וועט איבערהויפּט נישט באַקומען קיין מיטלען פֿון מיר. כּל זמן פֿראַנצויזיש איז נאָכנישט קיין גערעדטע שפּראַך ביי אַ באַדייטנ־

דיקער טייל פון אונזערע בירגער, קאָן זי נישט רעכענען אויף אַ וועלכער עס איז הילף מצד דער מלוכה".

וואָס פראַנצויזיש פאַר דעם רוטענער, דאָס איז העברע־איש פאַר דעם יידן. פון אַ מלוכהשן שטאַנדפונקט, פאַרשטייט זיך: דאָס איז אַ שפּראַך, וואָס דאָס פאָלק רעדט נישט און פאַרשטייט נישט. ממילא קאָן די יידישע אויטאָנאָמיע נישט גע־בויט זיין אויף איר יסוד, אַפילו ווען דאָס יידישע פאָלק זאָל דאָס וועלן.

און פאַרוואָס זאָלן די יידישע מאַסן, ד. ה. דאָס יידישע פאָלק, וועלן העברעאיש ווי אַ נאַציאָנאַל־שפּראַך? וואָס פאַר אַ נוצן וועלן זיי האָבן פון אים אין דעם מלוכהשן לעבן? וועלכע לעבנס־נויטן פון די יידישע מאַסן וועט ער באַפרידיקן? קיינע לעבנס־נויטן קאָן ער נישט באַפרידיקן, קיין נוצן קאָן ער די יידישע מאַסן נישט ברענגען.

# V

אין דעם פאָריקן קאַפּיטל האָבן מיר געזען, אַז די פרייע רוסישע נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה וועט פון איר זייט מוזן זיין פאַראינטערעסירט, די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פון די פעל־קער זאָל זיין אויפגעבויט אויף דעם יסוד פון דער גערעד־טער פאָלקס־שפּראַך, ממילא קאָן זי נישט געבן קיין נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג דעם העברעאיש, כל זמן יענער לשון איז נאָכ־נישט די גערעדטע שפּראַך פון די יידישע מאַסן. פאַר דער יידישער אויטאָנאָמיע מוז ער שטעלן דעם באַדינג, זי זאָל געבויט ווערן אויף דעם יסוד פון יידיש.

אָבער אויך דאָס יידישע פאָלק האָט נישט קיין אַנדער אינטערעס אין דער שפּראַכן־פראַגע, ווי נאָר דעם, אַז דער מלוכהשער יסוד פון זיין נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג זאָל זיין נישט העברעאיש, נאָר יידיש.

און ווען איך רעד פון דעם יידישן פאָלק אין רוסלאַנד,

האָב איך דאָ אין זין דעם פּאָליטישן טייטש פון דעם וואָרט, וואָס האָט אין אַ דעמאָקראַטישער צייט קיין אנדער באַטייטנישט, ווי נאָר דעם: דאָס יידישע פאָלק, דאָס זענען די יידישע מאַסן, דער סכום יידישע מלוכה־בירגער, וואָס באַקומט אַ רעכט אויף אַ נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. אין זייערע לעבנס־אינטערעסן און נויטן ליגט, זאָג איך, אַז זייער אויטאָנאָמיע זאָל געבויט ווערן אויף דעם פונדאַמענט פון יידיש.

דאָס ליגט אין זייערע קולטורעלע לעבנס־נויטן, אין זייערע נאַציאָנאַלע לעבנס־נויטן, אין זייערע בירגערלעכע, פּאָליטישע און אינטערנאַציאָנאַלע אינטערעסן.

דער אויפבוי פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אויף דעם יסוד פון דעם נישט גערעדטן העברעאיש וואָלט קולטורעל נאָך מער פאַרטיפט דעם תהום, וואָס עקזיסטירט איצטער צווישן די נידעריקערע מדרגות און די העכערע מדרגות פון דער יידישער קולטור.

עס איז נאָך נישטאָ אויף דער וועלט קיין איין פאָלק, וואָס ביי אים זאָלן אַלע שיכטן שטיין אויף דערזעלביקער מדרגה פון קולטור און בילדונג. אָבער ווייל ביי קיין ציוויליזירטן פאָלק אין דער וועלט איז נישטאָ קיין שפּראַכן־דואַליזם, — איין לשון פאַר די נידעריקערע קולטור־שטופן, די „עם־הארצים”, און אַן אַנדער שפּראַך פאַר די געבילדעטע און געלערנטע, — קאָן יעדער איינער פון פאָלק, וואָס האָט נאָר דעם ווילן און די פעאיקייט דערצו, זיך אויפהויבן ביסלעכווייז פון די נידעריקסטע ביז צו די העכסטע שטאַפּלען פון דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן פּראָגרעס, און ער איז נישט געצוווּנגען דערביי אָנצוקומען צו אַ וועלכער עס איז פרעמדער, אים נישט באַקאַנטער שפּראַך.

אַזוי האָבן די אַרבעטער פּרודאָן, פּיער לערו און בענואַ מאַלאָן אין פראַנקרייך געקאָנט זיך אויפהויבן פון דעם נידעריקסטן קולטורעלן מעמד צו דער מדרגה פון פירער און וועגווייזער נישט נאָר פאַר זייער קלאַס, נאָר אויך, ווי פּרודאָן, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. אַזוי האָבן בעבעל און האַזענקלע־

ווער אין דייטשלאַנד געקאָנט אַריינגעמען אין זיך די רעזולטאַטן פון דער רייכער דייטשישער בילדונג און פירן נישט נאָר דעם פּאָליטיש-עקאָנאָמישן קאַמף פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, נאָר אויך איר גייסטיקן קאַמף מיט דער בירגערלעכער וועלט. אַזוי האָט מאַקסים גאָרקי געקאָנט אַרויפקלעטערן פון דעם „באָרוועסן שייגעץ" (דעם באָסיאַק) צו דער מדרגה פון אַ באַדייטנדיקן קינסטלער און אַן ערנסטן וואָרט-פירער פון דעם רוסישן פאָלק.

ביי די אַלע און ענלעכע פאָלקס-קינדער איז דער איבער-גאַנג פון נידעריקער צו העכערער קולטור נישט געווען פאַר-בונדן מיט אַ שפּראַך-רעוואָלוציע. זיי האָבן זיך געהויבן ביס-לעכווייז פון שטופּע צו שטופּע, אין יעדן מאָמענט פון זייער אַנטוויקלונג האָבן זיי אַרויסגעשטראַלט אַלץ מער בילדונג און אויפקלערונג אין זייער סביבה און מיט די שטראַלן האָבן זיי מאַגנעטיש געצויגן אין דער הויך אַלץ מער עלעמענטן פון דער נידער.

די איינהייטלעכע שפּראַך-אַטמאָספער פאַר אַלע גראַדן פון דער פאָלקס-קולטור גיט די מעגלעכקייט אויפצוועקן אַ סך שאַפנדיקע כוחות פון דעם פאָלק, וואָס וואָלטן ביי אַנדערע אומשטענדן נישט געקאָנט אַריבערשפּרייזן דעם אָפּגרונט, וואָס די צוויי-שפּראַכיקייט באַשאַפט צווישן מאַסע און אינטעליגענץ.

זאָגט נישט: דאָס האָט געקאָנט זיין נאָר ביי יענע פעל-קער, וואָס האָבן שוין אַ רייכע פּראָגרעסיווע קולטור אין זייער אייגענער שפּראַך. איך ווייס אַליין, אַז אונזער קולטור איז זייער אָרעם אין יענע אַלגעמיין-מענטשלעכע שאַפונגען, וואָס זענען נויטיק, כדי מען זאָל קאָנען זיין באמת אַ מאָדערנער געבילדע-טער מענטש. אָבער אָט דער פּראָגרעסיוו-קולטורעלער דלות הערשט נישט נאָר אין דער יידישער שפּראַך, נאָר אויך אין דער העב-רעאישער, און אין דער העברעאישער אפשר נאָך אין אַ גרע-סערער מאָס, איידער אין דער יידישער.

וואָס עס זאָל נישט זיין די שפּראַך פון אונזער נאַציאָנאַ-לער אויטאָנאָמיע, וועט אַ היפּשע סומע געלט מוזן אָנגעווענדט

ווערן, כדי איבערצוזעצן אין איר די וויכטיקסטע אוצרות פון דער מענטשלעכער קולטור, אָנגעזאַמלט אין אַלע צווייגן פון דעם מענטשלעכן וויסן און שאַפן.

די דעמאָקראַטיש-יידישע נאַציאָנאַל-פאַרוואַלטונג וועט גאַנץ זיכער באַווילליקן דידאַזיקע סומען פאַר איבערזעצונגען אין יידיש, וואָס עפענען אויף פאַרן גאַנצן פאָלק אַלע טירן צו אַלע מענטשלעכע קולטור-אוצרות, און נישט אין העברעאיש, וואָס באַשאַפט נאָר אַן אָראַנזשעריע פאַר אַ פאָר אויסדערוויילטע יחידים; אין יידיש, וואָס באַפרוכפּערט אַלע שאַפונגס-כּוחות פון דעם פאָלק, און נישט אין העברעאיש, וואָס בלייבט איינגעשלאָסן אין דער וועלט פון אונזערע העכערע באַלעבאַטישע קרייזן.

מיט אַ פאָנד פון אַ מיליאָן רובל — וואָס איז אין אונזערע צייטן אַ מיליאָן רובל פאַר אַ מלוכהש-געשיצטער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג? — און מיט דער אַרבעט פון יענעם דור יידישע שריפטשטעלער, וואָס לעבט מיט אונז היינט, קאָן אויפגעבויט ווערן דער בנין פון דער מענטשלעכער פראָגרעסיווער קולטור פאַרן יידישן פאָלק, קאָנען איבערגעאַרבעט ווערן די בויטיקע ענציקלאָפּעדיעס און גרונט-ווערק פון אַלע וויסנשאַפטן, קאָנען איבערגעזעצט ווערן די קלאַסיקער פון דעם טעאָרעטישן און קינסטלערישן שאַפן. און מיט אַ צוגאָב פון נאָך אַ ריש אלף קערבלעך קאָנען באַאַרבעט ווערן איז יידיש אויך אַלע וויכטיקסטע, אמת-מענטשלעכע שאַפונגען, וואָס געפינען זיך אין דעם אוצר פון אונזער העברעאישער קולטור.

און מערקט אייך: די יידישע שפּראַך איז פאַר די לעצטע פופצן יאָר געוואָרן אַזוי רייך, אַז אין דעם פרט פון איבערזעצונגען קאָן זי אַלעמאָל אויפנעמען די קאָנקורענץ מיט העברעאיש; דערהויפּט נאָך מיט יענעם כּלומרשט „מאָדערנעם" העברעאיש פון אונזערע טעג, וואָס איז געוואָרן נאָך ערגער, אידער אַ זשאַרגאָן, וואָס קלינגט ווי אַ קינסטלעכע געהיים-שפּראַך, פאַרשטענדלעך נאָר פאַר די „אַנשי שלומינו", וועלכע ווייסן דעם סוד.

משוגע ווערט זי ווערן, די יידישע נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטיע, ווען זי זאָל געבן דעם פאָלק די קולטור אין אַ שיפּריר-שפּראַך. דאָס וואָלט געהייסן געבן דעם פאָלק שטיינער אַנשטאָט ברויט.

אגב, גלויב איך — און מבינים וועלן מיר מודה זיין אין דעם, — אַז אויך אין דעם ענין פון ניי-שאַפונגען האָט אונזער יונגער יידיש שפּראַכלעך שוין באַלד אָנגעיאָגט דעם גלענצנדיקסטן העברעאיש. אין בויגיקייט, רידעוודיקייט, פלינקן לויף און שטי-פערישן האָזן-שפּרונג קאָן זיך זעלטן ווער פון די העברעער פאַרגלייכן מיט אַ משה נאַדיר, וועמעס רייכער טאַלענט עס מוז נאָך ליידער אַוועקגיין דאָס רוב אויף שפּראַכלעכע מוסקול-גימ-נאַסטיק. און משה נאַדיר איז נישט דער איינציקער פון אונזערע יונגע, וואָס קאָנען באַלאַנסירן אויפן נאָז אַ שטאַנג מיט אַ ברע-נענדיקן לאָמפּ. מיט אַזעלכע עלאַסטישע מוסקולן קאָן אונ-זער שפּראַך שוין איצטער געפינען איר גלייכגעוויכט אין יעדער לאַגע, אַפילו דאָרטן, ווו מען דאַרף קאָנען זיך אויסגעפינען אין די צאַרטסטע שאַטירונגען פון דער פּאָעזיע און אין די שפּינ-וועב-דינע געדאַנקען פון דער פילאָזאָפיע.

דערביי האַלט יידיש נאָך גאָר ביי דעם אָנהויב פון זיין אַנטוויקלונג. געמאָסטן מיט דעם מאָסשטאַב פון דער רוסישער ליטעראַטור-געשיכטע, לעבן מיר איצטער נאָך אין דעם פּעריאָד פון אַ קאַראַמזין, אַ זשוקאָווסקי, אַ גריבאָיעדאָוו, ווען דער גרעסטער טייל פון דער רוסישער פראַנצויזיש-דערצויגענער אינ-טעליגענץ האָט נאָך מיט אַן אַריסטאָקראַטישן בטול געקוקט אויף דער אייגענער פאָלקס-שפּראַך. אָבער עס קלאַפּט שוין אין אונ-זער טיר די עפּאָכע פון די יידישע פּושקינס און לערמאָנטאָווס, גאָגאָלס, טורגעניעווס און טאָלסטאָיס, — די עפּאָכע פון דעם זעלבסט-זיכערן אויסגעוואַקסענעם שאַפן.

כּוחות צו באַשאַפן גרויסע און אָריגינעלע ווערק זענען ביי דעם יידישן פאָלק דאָ. די זאַפטן, וואָס האָבן אַרויסגע-בראַכט אַ יהודה הלוי אין שפּאַניע און אַ היינריך היינע אין דייטשלאַנד, זענען נישט אויסגעטריקנט געוואָרן אויך אין

רוסלאַנד און קאָנען זיך פאַנאַנדערבליען אין דער יידישער שפּראַך.

ביז אַהער זענען זיי אויפגעהאַלטן געוואָרן דורך דער אָפּגעשטאַנענקייט פון די פרום-נאַציאָנאַלע דורות און דורך דער אָפּגעריסנקייט פון דעם פּראָגרעסיוו-אַסימילאַטאָרישן דור. דער נאַציאָנאַל-פּראָגרעסיווער יידישער דור וועט, אַ דאַנק דער רוסישער רעוואָלוציע, באַשאַפן די נויטיקע באַדינגונגען פאַר זייער פרייעם אַרויסטריט אין לעבן.

אין דער צייט, ווען די רוסישע אַריסטאָקראַטיע האָט געמוזט אָפּטרעטן איר פּלאַץ פאַר דער הערשאַפט פון דער רוסישער דעמאָקראַטיע, וועט אויך די יידישע אַריסטאָקראַטישע „גברת" זיך מוזן אונטערגעבן דעם רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד פון דער „שפחה". זי וועט דאָס מוזן טאָן דערפאַר, ווייל די „שפחה" קאָן בעסער איידער זי באַפרידיקן נישט נאָר די קולטורעלע נויטן פון דעם יידישן פאָלק, נאָר אויך זיינע נאַציאָנאַלע לעבנס-נויטן.

ג׳.

מיינער אַ פריינט, אַן אַלטע, קלוגע יידישע פרוי, פלעגט מיר אָפט זאָגן: „קינדער וואַקסן נישט אַזוי ווי עפּעלעך אויף אַ בוים". און אויך נייע געזעלשאַפטלעכע רעוואָלוציעס אַנטוויקלען זיך נישט אַזוי רואיק און אָרגאַניש, ווי דאָס וואַקסן פון אַ פלאַנץ. זיי דאַרפן אויך דורכמאַכן זייערע „פּאָקעלעך און מאָזעלעך" און אַלע אַנדערע קינדער-קרענק, וואָס קאָנען אַמאָל אמת ווערן געפערלעך פאַרן לעבן.

בעת איך שרייב דעם איצטיקן קאַפּיטל איז דער ביולעטין פון דער רוסישער רעוואָלוציע נישט גאָר קיין פריילעכער: איר פּולס איז גאַנץ זיכער נישט נאָרמאַל. קיין געפערלעכער פיבער איז נאָך נישטאָ, און על פּי סברה דאַרף מען אָננעמען, אַז דאָס איז נאָר אַ קליינע שטערונג אין דעם יונגן אָרגאַניזם.

ווי די היגע בורזשואַזע צייטונגען דערקלערן, שטאַמען די שטערונגען פון אַן איבעריקן ביסן „פרייהייט״. אין נאָרמאַלע אומשטענדן קאָן אַן איבעריקער ביסן פרייהייט קיינמאָל נישט שאדן, ווי עס קאָן נישט שאָדן אַ דאָפּל-פּאָרציע פרייע, פרישע לופט. אַזוי, קומט אויס, לויט מיין דאָקטאָריע. אָבער אויף אַ הונגעריקן מאָגן, פאַר אַן אָרגאַניזם מיט בלוטנדיקע וואונדן, — ווער ווייסט? אפשר האָט דער שנעלער איבערגאַנג פון שטיקעניש צו אבסאָלוטער פרייהייט פאָרט אַ ביסל אָנגערירט דעם גלייכגעוויכט פון דעם אָרגאַניזם.

על כל פנים צו אונזער ענין, — דעם ענין פון רוסישער רעוואָלוציע און יידישע אינטערעסן, — האָט דאָס נישט קיין דירעקטע שייכות.

אויב אין רוסלאַנד זאָל באמת שוין איצטער זיך פאַנאַנדערברענען דער קאַמף צווישן דער בירגערלעכער און דער סאָציאַלער-דעמאָקראַטיע, איז, ווער עס זאָל נישט זיגן, וועט אַלץ זיגן די דעמאָקראַטיע אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס. ווענן אַ זיג פון די אַלטע, אָפּגעלעבטע כּוחות, פון די ראָמאַנאָווס מיט זייערע „שוואַרצע מאות״, פון די „זוברעס״ — די פּריצים, אָדער אפילו — אָקטאָבריסטישער גרויס-בורזשואַזיע, קאָן נאָך דערווייל קיין רייד נישט זיין.

יעדע דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד וועט אָבער מוזן שטרעבן צו ווערן אַ פרייע נאַציאָנאַליטעטן-מלוכה און וועט מוזן באַזאָרגן יעדעס קולטורעלע פאָלק מיט אַ סכום פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אויף דעם יסוד פון יענער שפּראַך, וועלכע די מלוכה וועט אָנערקענען פאַרן פאָלק.

מיר האָבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען געזען, אַז פאַר יידן קאָן די רוסישע מלוכה נישט אָנערקענען קיין אַנדער שפּראַך, ווי נאָר די פאָלקס-שפּראַך, דעם יידיש, ווייל די מלוכה איז, ווי אַ צד, אין דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַראינטערעסירט, אַז די זאָל זיך קאָנען ווענדן צו דעם פאָלק אין אַ שפּראַך, וועלכע דאָס פאָלק פאַרשטייט.

אָבער אויך דאָס יידישע פאָלק איז פון זיין צד פאַראינטע-

רעסירט, אַז די שפּראַך פון זיין נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין רוסלאַנד זאָל זיין נישט קיין אנדערע, ווי נאָר יידיש. מיר האָבן אין דעם פאָריקן קאַפּיטל אויפגעוויזן אויף די קולטורעלע נויטן פון דעם פאָלק. איצטער לאָמיר זען, וואָס דיקטירן איס זיינע נאַציאָנאַלע נויטן.

די ערשטע און וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע לעבנס־נויט איז די פאַרזיכערונג פון דער אייגענער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. דער בעסטער מיטל דערצו איז, אַן אייגן לאַנד. אָבער וועגן דעם רעדן מיר איצט נישט: די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע ווערט דאָך געגעבן די יידן אין רוסלאַנד נישט אויף דעם באַזיס פון אַן אייגענער טעריטאָריע.

בלייבן די צוויי אַנדערע מיטלען, א באַזונדערע רעליגיע און אַן אייגענע שפּראַך.

די יידישע רעליגיע קאָן נישט ווערן דער באַזיס פון דער יידיש־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. וואָס פאַר א ראָלע זי זאָל נישט האָבן געשפּילט אין דער פאַרגאַנגענהייט אין דעם פּרט פון אויפהאַלטן דעם קיום פון דעם יידישן פאָלק, — לעבן מיר איצטער אין אַ וועלטלעכן פּעריאָד, וואָס זוכט אומעטום ראַדיקאַל פונאַנדערצושיידן מלוכה און רעליגיע. דער גלויבן ווערט דערקלערט ווי אַן אַבסאָלוטע פּריוואַט־זאַך, אַ ריין־אינדיווידועלע אָנגעלעגנהייט פון יעדן ייד, אין וועלכער די מלוכה האָט קיין ברעקל רעכט נישט אַריינצומישן זיך, נישט דירעקט, נישט אומדירעקט.

באַשאַפן אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אויף דעם יסוד פון דער יידישער רעליגיע, ווי דאָס האָבן די דייטשן געמאַכט אין פוילן, הייסט פּאָליציילעך פאָרשרייבן יעדן יידן, אין וואָס ער מוז גלויבן, כּדי ער זאָל קאָנען געניסן די פאָרטיילן פון אַ נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג. אין א פרייהייטלעך־דעמאָקראַטישער מלוכה איז אַזאַ זאַך אוממעגלעך. אגב וואָלט דאָס געהייסן, אז מען אָנערקענט דערביי נישט די יידישע נאַציע, וואָס נעמט אַרום, ווי יעדע נאַציע, אַלערליי מענטשן מיט אַלערליי גלויבונגען און אַפּיקורסותן, נאָר די יידישע

רעליגיע, וואָס האָט צו טאָן נאָר מיט די „בני דת משה״. אַ פרייהייטלעכע נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה קאָן נישט געבן קיין באַשטימטע מלוכהשע פּרעראָגאַטיוון צו די מיטגלידער פון אַ געוויסער רעליגיע אָדער אַ געוויסער סעקטע.

דעם קיום הלאום וועט דאָס יידישע פאָלק אין רוסלאַנד דאַרפן פאַרזיכערן מיט די מיטלען פון זיין שפראַך. אין דער ערשטער ליניע וועט ער דעריבער דאַרפן קעמפן אַנטקעגן דער שפראַך־אַסימילאַציע מיט דער אַרומיקער וועלט.

וואָס קאָן אים אין דעם קאַמף בעסער העלפן: יידיש אָדער העברעאיש?

די אָנהענגער פון דעם העברעאיזם האָבן אָפט אָנגעוויזן אויף דעם ווערט פון העברעאיש אין דעם קאַמף אַנטקעגן אַסימילאַציע. דאָרטן, ווו די אויסערע אומשטענדן פון דעם מלוכה־לעבן האָבן געצוווּנגען די יידישע באַפעלקערונג אינגאַנצן צו פאַרלאָזן זייער אייגענע שפראַך און אָנצונעמען דעם לשון פון דעם הערשנדיקן פאָלק, — דאָרטן איז דאָס שטודיום פון העברעאיש אַלעמאָל געווען אַ מיטל, ווי אויפצוהאַלטן דאָס אייגענע קולטורעלע לעבן און ממילא די אייגענע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ.

איך וויל בשום אופן נישט אָפּלייקענען אָט דעם פאקט. אדרבה, עס איז זייער וויכטיק צו האָבן אים אין זין. ער דערקלערט אונז, ווי אַזוי און פונוואַנען דער העברעאיזם האָט זיך גענומען אין אונזער לעבן.

געשיכטלעך איז דער העברעאיזם אויסגעוואַקסן אין דער השכלה־צייט. נישט ווי אַ פּראָטעסט אַנטקעגן דער שפּראַכן־אַסימילאַציע, נאָר אַלס קעגנגעוויכט צו איר. אַז יידן מוזן אָנהויבן רעדן די שפראַך פון דעם לאַנד, אין וועלכן זיי וווינען, דאָס האָט די השכלה־צייט נישט געלייקנט. אדרבה, זי האָט דאָס געוואָלט. „היה אדם בצאתך ויהודי באהליך״ — זיי אַ מענטש מיט מענטשן גלייך אין גאַס און א ייד נאָר ביי זיך אינדערהיים, — איז געווען די פאָרמול פון דער השכלה. אין גאס דאַרף מען רעדן די שפראַך פון דער הערשנדיקער

אָס. אָבער אַזוי ווי דאָס וואָלט דאָך מוזן פירן סוף־כל־סוף צו דעם פאַרשווינדן פון דעם יידישן פאָלק, איז — זאָל מען אינדערהיים שאַפן זיך אַ יום־טובדיק לעבן אין דער העב־רעאישער קולטור, וואָס זאָל ווי עס איז אויפהאַלטן דאָס איי־גענע חיות.

מען זעט דערפון, אַז די ראָלע פון העברעאיש אין דעם קאַמף אנטקעגן דער אַסימילאַציע קאָן זיין נאָר די פון אַ קעגנ־געוויכט. דאָס הייסט, אז אויף איין שאָל פון אונזער לעבן און שאַפן זאָל טאַקע ליגן די שפּראַכלעכע אַסימילאַציע מיט דער פרעמד, נאָר היות, ווי דאָס קאָן אונז אַראָפּציען אין א נאַ־ציאָנאלן שאול תחתיה, זאָל מען אויף דער אנדערער שאָל פון דער וואָג ארויפלייגן דעם העברעאיזם, כדי ווידער ארויסצו־ברענגען אַ גלייכגעוויכט.

אין דעם קאמף אנטקעגן דער אַסימילאַציע נויטיקט זיך אונזער פאָלק אָבער נישט אין אַ קעגנגעוויכט, וואָס האַלט זי שטענדיק אויף, נאָר אין א קעגנגיפט, וואָס זאָל זי אינ־גאנצן אַרויסיאָגן פון אונזער אָרגאַניזם. אַזאַ קעגנגיפט קאָן נאָר זיין די גערעדטע שפּראַך.

רעדן מיר די פרעמדע שפּראַך, איז דעמאָלט האַלטן מיר אויף די אסימילאַציע מיט יעדן אָטעם, וואָס מיר עטעמען, מיט יעדן וואָרט, וואָס מיר לאָזן ארויס פון מויל. רעדן מיר אָבער אונזער אייגענע שפּראַך, איז דעמאָלט פאַרקערט: מיט יעדן אָטעם, וואָס מיר עטעמען, מיט יעדן וואָרט, וואָס מיר לאָזן אַרויס פון מויל, דאָקומענטירן מיר אונזער צוגעהעריקייט צו דעם יידישן פאָלק, פירן מיר אַ קאַמף אַנטקעגן דער אַסי־מילירנדיקער ווירקונג פון דער פרעמד.

וואָלט העברעאיש געווען אַזאַ גערעדטע שפּראַך אין רוסלאַנד, דעמאָלט וואָלט ער געקאָנט נעמען אויף זיך די באַ־פרידיקונג פון דער וויכטיקסטער נאַציאָנאַלער לעבנס־נויט: די נויט פון דעם קאַמף אַנטקעגן דער אַסימילאַציע. כל זמן אָבער העברעאיש קאָן נישט זיין די גערעדטע שפּראַך פון די מאַסן, קאָן ער אויך נישט זיין קיין נאַציאָנאַלער קעגנגיפט אַנטקעגן

דער פרעמדער שפּראַך. און ממילא װעט ער, אונטער דעם באַפעלנדיקן דרוק פון די יידישע נאַציאָנאַלע נויטן אין רוסלאַנד, מוזן אָפּטרעטן זיין פּלאַץ דער געערדטער שפּראַך פון דעם יידיש.

און װיבאַלד די יידישע שפּראַך װעט אויך מוזן באַזאָרגן די קולטורעלע באַדערפעניש פון אונזער פאָלק, װעט אויך די קולטורעלע ראָלע פון העברעאיש אין אונזער לעבן מוזן אינגאַנצן אַריבערגיין אויף דער יידישער שפּראַך.

דאָס ליגט אין דער אינעװייניקסטער טענדענץ פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, אין די אייזערנע נויטװענדיקייטן פון אַ קולטורעלן און אַ נאַציאָנאַלן לעבן אין גלות, און יעדער אלף־בית־ייִנגל אין דער פּאָליטיק װייסט, װי די אייזערנע נויטװענדיקייטן פון אַ פּראָגרעסיװן נאַציאָנאַלן לעבן באַגייען זיך מיט יענע ראָמאַנטישע גלוסטן און חלומות, װאָס װילן זיך אװעקשטעלן אַנטקעגן זיי.

אָבער נישט נאָר די קולטורעלע און די נאַציאָנאַלע נויטן, — אויך די בירגערלעכע און פּאָליטישע אינטערעסן פון דעם יידישן פאָלק אין רוסלאַנד טרייבן אים אַרויפצוטרעטן אויף דעם װעג פון דעם קאָנסעקװענטן יידישיזם.

## VII

די רוסלענדישע מלוכה װעט בשום אופן נישט איינשטימען, די יידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע זאָל זיין געבויט אויף דעם יסוד פון העברעאיש. זי װעט געבן נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג נאָר דער יידישער שפּראַך, װייל יידיש װערט גערעדט און פאַרשטאַנען פון פאָלק.

דאָס יידישע פאָלק, װי אַ גאַנצעס, װעט אויך מוזן אַרויסשטעלן דיזעלביקע פאָדערונג; יידיש, װי די שפּראַך פון פאָלק און אינטעליגענץ, ליגט אין די אינטערעסן פון אונזער קולטורעלער אַנטװיקלונג, װייל נאָר די שפּראַך קאָן אָפּשאַפן

דעם תהום צווישן די נידעריקערע און די העכערע שטופן פון בילדונג און קולטור און קאָן געבן יעדן יידן די מעגלעכקייט, אויפצוהויבן זיך פון די נידעריקסטע צו די העכסטע. יידיש ליגט אויך אין די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון דעם יידישן פאָלק, ווייל נאָר מיט יידיש קאָן מען אַמבעסטן באַקעמפן די אַסימי־לאַציע. העברעאיש קאָן אין דעם קאַמף שפּילן העכסטנס די ראָלע פון א ק ע נ ג ע װ י כ ט, וואָס ליגט אויף איין שאָל פון דער וואָג, בעת די אַסימילאַציע בלייבט ליגן אויף דער אַנדערער שאָל. יידיש אָבער ווירקט ווי אַ ק ע נ ג י פ ט, וואָס יאָגט ארויס פון דעם אָרגאַניזם דעם שעדלעכן סם.

דאָס אַלץ האָבן מיר געפּרוווט דערקלערן אין די פריער־דיקע קאַפּיטלען.

אָבער נישט נאָר דאָס גאַנצע פאָלק איז פאַראינטערעסירט, יידיש זאָל ווערן די אָנערקענטע און גלייכבאַרעכטיקטע נאַציאָנאַל־שפּראַך פונם יידישן פאָלק אין רוסלאַנד. עס איז אין דעם פאַר־אינטערעסירט אויך יעדער איינצלנער ייד אין בירגערלעכן און פּאָליטישן לעבן.

דאָס בירגערלעכע לעבן נעמט אַרום אַלע טאָג־טעגלעכע דערשיינונגען פון האַנדל און וואַנדל, פון באַציאונגען צווישן עלטערן און קינדער, צווישן מאַן און פרוי, צווישן אַרבעט־נע־מער און אַרבעט־געבער, צווישן דעם פּראָפעסיאָנעלן מענטשן און זיינע קונדן, צווישן דעם לווה און מלווה. די אַלע דערשיי־נונגען זענען נאָרמירט דורך געוויסע געזעצן, וואָס הערשן אין לאַנד. דאָס רוב ווערן די בירגערלעכע באַציאונגען באַזירט אויף מינדלעכע אָדער שטיל־שווייגנדיקע, זעלבסטפאַרשטענדלעכע אָפּ־מאַכונגען, וואָס נויטיקן זיך נישט אין קיינע שריפטלעכע דאָקומענטן. אין די וויכטיקסטע פאַלן ווערן אָבער די אָפּמאַכונגען באַפעס־טיקט אין אַ שריפטלעכן דאָקומענט: א קאָנטראַקט, אַ וועקסל, אַ צוואה, א שטר־מכירה און דג״ל. די מלוכה נעמט אויף זיך די התחייבות צו זאָרגן, אַז דער ווילן, וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרן אין אַזעלכע דאָקומענטן, זאָל דורכגעפירט ווערן אין לעבן, אויב יענער ווילן גייט נישט להיפך צו דעם הערשנדיקן

געזעץ. צו דעם בירגערליכן לעבן מוז מען אָבער צורעכענען נישט נאָר אַלץ, וואָס ווערט פאַראויסגעזען אין דעם אַזוי אָנגערופענעם „בירגערליכן רעכט״, נאָר אויך אַלץ, וואָס ווערט באַהאַנדלט אין דעם קרימינעלן רעכט, אין דעם פּאָליציי-רעכט און אַלע אַנדערע מיני רעכטן, וואָס פּאַסן אויף אויף די האַנדלונגען און דעם אויפפיר פון יעדן איינצלנעם און וועלכע באַשטימען אויך, וואָס עס דאַרף געטאָן ווערן מיט יעדן איינצלנעם, אויב ער זאָל האָבן די העזה זיך נישט אויפצופירן, ווי דאָס געזעץ האָט געבאָטן.

די טעאָריע פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג האָט שוין לאַנג אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג, אַז אַלע געזעצן און פאַראָרדענונגען זאָלן אַרויסגעלאָזן ווערן אויך אין דער שפּראַך פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע; אַז אַלע שריפטלעכע אָפּמאַכן און דאָקומענטן זאָלן קאָנען פאַרפאַסט ווערן אין איר און זאָלן האָבן די פולע יורידישע גילטונג אין די אויגן פון דעם געזעץ; אַז אַלע פאַרהאַנדלונגען פאַרן געריכט זאָלן קאָנען געפירט ווערן אין די שפּראַכן, וואָס זענען פאַרשטענדלעך פאַר די צדדים, און אַז אַלע עפנטלעכע אָנגעשטעלטע פון אַ וועלכן עס איז געגנט, — פון דעם ריכטער ביז צו דעם פּאָליציימאַן, פון דעם קאַנצליי-שרייבער ביז צו דעם שומר, — זאָלן גוט באַהערשן אַלע יענע שפּראַכן, וואָס האָבן נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג אין יענעם געגנט.

אין קאַזאַן וועלן זיי, אַ חוץ רוסיש, דאַרפן קאָנען טאָטעריש. אין באַקו — נאָך, א חוץ דעם, גרוזיניש און אַרמעניש, אין ריגע — דייטש און לעטיש, אין יאַקוטסק — יאַקוטיש (אויב די יאַקוטן וועלן, ווי איך האָף, שוין איצטער באַקומען אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע), אין בערדיטשעוו, אָדעס און אַלע אַנדערע ערטער מיט אַ באַדייטנדיקער יידישער באַפעלקערונג וועלן זיי מוזן באַהערשן אויך יענע שפּראַך, וואָס וועט אָנערקענט ווערן אין דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

אָט די פאָדערונג פון דער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג איז אויך פאַרבונדן מיט נאָך אַ פאָדערונג, אַז אַלע וויכטי-

קערע באַאַמטע און אָנגעשטעלטע פון דער מלוכה און דער אָרטיקער פאַרוואַלטונג זאָלן זיין גוט באַקאַנט מיט די יסודות פון דעם לעבנספיר, וואָס הערשן ביי די פעלקער פון זייער ראַיאָן.

ביידע פאָדערונגען שטאַמען פון יענעם אלף־בית־כלל אין דער פּאָליטיק, מיט וועלכן מען רעכנט זיך אָבער נאָך אַזוי ווייניק אַפילו אין די פּראָגרעסיווסטע דעמאָקראַטיעס: דעם כלל, וואָס זאָגט, אַז די מלוכה, דאָס געזעץ און די פאַרוואַלטונג עקזיסטירן צוליב דער באַפעלקערונג, און נישט די באַפעלקערונג צוליב דער מלוכה, דעם געזעץ און דער פאַרוואַלטונג.

ווי איינפאַך, דורכזיכטיק און זעלבסטפאַרשטענדלעך דער כלל זאָל נישט זיין, האָט נאָך קיין מאָדערנע מלוכה נישט געפּרווּוט דורכפירן אים ערנסט אין לעבן. אַפילו נישט שווייצאַריע. אויף וויפל מיר איז באַקאַנט, האָט מען נאָר אין בעלגיע, — אַ דאַנק דער באַמיאונג פון די סאָציאַליסטן, — דורכגעפירט דעם געזעץ, אַז די מלוכה איז מחויב צו פאַרעפנטלעכן זיינע געזעצן אויך אין ד י ט ש צוליב די פופצן טויזנט דייטשן, וואָס וווינען אין יענעם לאַנד.

אָבער די רוסישע רעוואָלוציע, אויב זי זאָל בלייבן טריי איר אינעווייניקסטער, מאָדערן־דעמאָקראַטישער לאָגיק, וועט די ערשטע קאָנסעקווענט דורכפירן אין לעבן יענעם וויכטיקסטן פון אַלע פּאָליטישע כללים.

און אויב דאָס וועט מקוים ווערן, — און רוסלאַנדס פעלקער זענען פאַראינטערעסירט אין דעם, עס זאָל מקוים ווערן, — איז דאַרף מען נאָך דאָ אַ סך טראַכטן, וועלכע שפּראַך עס ליגט אין די בירגערלעכע לעבנס־נויטן פון יעדן יידן: העברעאיש אָדער יידיש?

וואָס קאָן אים דאָ העברעאיש נוצן? וואָס געווינט ער דערפון, ווען די געזעצן און פאַראָרדענונגען וועלן איבערגעזעצט ווערן אין העברעאיש? — פאַר זיין פאַרשטענדניש וואָלט שוין גלייכער געווען, זיי זאָלן בלייבן אין רוסיש. — וואָס וועט ער האָבן דערפון, ווען זיינע דאָקומענטן און קאָנטראַקטן זאָלן גע-

באַכט ווערן אין העברעאיש? — ער וועט בלייבן אַ פּאַרקויפ־טער ביי דעם העברעאישן אַדוואָקאַט, ווי ער איז איצטער אַ פּאַרקויפטער ביי דעם רוסאַק. — וואָס וועט גרינגער מאַכן זיין לאַגע בעת אַ משפט, ווען די פּאַרהאַנדלונגען זאָלן געפירט ווערן אין העברעאיש? — אפילו, אויף אַ דין־תורה ביים רב האָט ער געהאַט אַ רעכט צו רעדן זיין אייגענעם לשון. מיט וויפל וועט ער זיך פילן גליקלעכער, ווען ער וועט וויסן, אַז אים דעם פּאָליציימאַן, וואָס שלעפּט אים אין קאָזע, קאָן ער זיך אויסטענהן אין דעם „דבור העברי" מיטן פּתח און דעם מלרע?

די נויטן און די אינטערעסן פון דעם בירגערלעכן לעבן זענען די וויכטיקסטע לעבנס־נויטן, און זיי רעדן אַלע אין איין קול, אַז די יידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע מוז געבויט ווערן אויף דעם יסוד פון יידיש, און בשום אופן נישט אויף דעם פון העברעאיש; סיידן מען וויל, זי זאָל ברענגען דער יידישן פּאָלק שאָדן אַנשטאָט נוצן.

שוין פון אלע ארגומענטן, וואָס מיר האָבן געבראַכט ביז אַהער, מוז יעדן איינעם קלאָר ווערן, אַז פאַר די יידן אין רוסלאַנד קאָן, צוליב זייערע אייגענע קולטורעלע, נאַציאָנאַלע און בירגערלעכע אינטערעסן, גאָר קיין רייד נישט זיין וועגן העברעאיש, ווי דער שפּראַך פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

די, וואָס וואָלטן וועלן, אַז אונזער אָפיציעל־אָנערקענטע נאַ־ציאָנאַלע שפּראַך אין רוסלאַנד זאָל זיין נישט יידיש, נאָר העב־רעאיש, קאָנען דאָס טאָן אָדער אויס גרענעצלאָזער עם־הארצות אין די ענינים פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג, אָדער אויס אומפאַראַנטוואָרטלעכער בטלנות אין די וויכטיקסטע פראַגן פון דעם פאָלקס־לעבן, אָדער אויך אויס דעם פאַרבאָרגענעם מיין: אונטערצושטעלן מיט העברעאיש א הינטער־פיסל דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, זי זאָל בלייבן נאָר אויפן פּאַפּיר און נישט דורכגעפירט ווערן אין לעבן.

VIII

## דאָרט, ווו די יידישע מאַסן רעדן יידיש

אויף דעם באַרימטן פרעסבורגער רב, דעם „חתם סופר״, דערציילט מען אַזאַ מעשה:

די אָרטאָדאָקסישע יידן האָבן אים אויסגעקליבן פאַר א דעפוטאַט צו דעם ווינער פאַרלאַמענט. פלעגט ער אויף אַלע זיצונגען פון דעם פאַרלאַמענט קומען „זיצן״, האָט אָבער קיינ־מאָל נישט ארויסגעלאָזט קיין איין וואָרט פון זיין מויל.

איינמאָל איז פאָרגעקומען זייער א היציקע דעבאַטע וועגן א פראַגע, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע לאַנד. האָט אים זיין שכן א פרעג געטאָן אין דייטש:

— וואָס האַלט אייער ערנווירדע פון דעם ענין?

האָט דער פרעסבורגער רב אויסגעשטעלט אויף אים אַ פאָר גרויסע אויגן און האָט אָפּגעשניטן שאַרף און קאַלט:

— ניקס דייטש!

דער פרעסבורגער רב האָט אַ וואָרט נישט פאַרשטאַנען פון די אַלע פאַרהאַנדלונגען, צוליב וועלכע מען האָט אים גע־שיקט קיין ווין „זיצן״.

דאָס מעשהלע האָב איך געלייענט מיט אַ סך יאָרן צו־ריק ערגעץ־ווו אין אַ קריטיק פון דער יידישער אָרטאָדאָקסיע אין עסטרייך, פון איר פּאָליטישער אומבאַהייטנקייט און אָפּגע־שטאַנענקייט.

דער אַסימילאַטאָרישער קריטיקער פון דעם פאָרפאַל איז גאַנץ זיכער געווען גערעכט, ווען ער האָט פאַרלאַנגט, אַז די יידישע דעפוטאַטן צום פאַרלאַמענט זאָלן קאָנען גוט פארשטיין דייטש. אויב אָבער מען וואָלט דערפון געוואָלט אַרויסדרינגען, אַז יעדער דעפוטאַט מוז אויך קאָנען ר ע ד ן די הערשנדיקע שפּראַך פון דעם לאַנד, וואָלט מען געמאַכט אַ גרויסן טעות.

שוין איצטער האָבן אַלע עסטרייכישע פעלקער א רעכט, זייערע פארטרעטער זאָלן האַלטן זייערע רעדעס אין רייכסראַט אין זייער אייגענעם לשון, און די רעדעס מוזן אויפגענומען ווערן אין דעם אַלגעמיינעם פּראָטאָקאָל.

אָט די שפּראַכן-גלייכבאַרעכטיקונג אין דעם העכסטן פּאָלי-טישן אינסטיטוט פון דעם לאַנד איז אַ פועל-יוצא פון יענער נאַ-ציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס די פעלקער האָבן „על פּי פּרינציפּ" אין עסטרייך. ווי אומבאַקוועם דאָס זאָל אַמאָל נישט זיין פאַר דער פירונג פון די פארהאַנדלונגען, איז אָבער דער פּרינציפּ פון שפּראַכן-גלייכבאַרעכטיקונג א סך וויכטיקער, איידער די פּאָליטישע באַקוועמלעכקייט.

די וויכטיקייט באַשטייט אין דעם, וואָס דורך דעם רעכט צו געברויכן די אייגענע שפּראַך אין פּאַרלאַמענט ווערט פאַר אַלעמען דעמאָנסטרירט די גלייכע רעכט פון אַלע אומות און לשונות, דער גלייכער ווערט זייערער פאַר דער מלוכה. אָבער נישט נאָר דאָס אליין. נאָך אַן אַנדער מאָמענט קומט דאָ אין באַטראַכט.

וואָלט אין עסטרייך איין שפּראַך געווען אַ הערשנדיקע, דעמאָלט וואָלט מען קיין אַנדערע דעפּוטאַטן גאָרנישט געקאָנט אויסקלייבן, סיידן די, וואָס באַהערשן די אָפיציעלע שפּראַך פון דער מלוכה. דאָס וואָלט פאַקטיש באַשאַפן א געוויסן שפּראַכלעכן צענז, א באַגרענעצונג פון דעם אַבסאָלוט-פרייעם וואַל-רעכט.

איך וואָלט דעמאָלט געקאָנט אויסקלויבן נישט די, וואָס פאַרשטייען מיך און וועמען איך פאַרשטיי; נישט די, מיט וועמעס געדאַנקען איך שטים איין, אָדער וועלכע דריקן אויס מיינע אידייען און פאַרלאַנגען. אויב די מענטשן, צו וועמען איך האָב דעם גרעסטן צוטרוי, האָבן נישט געפונען פאַר נויטיק אויסצולערנען זיך די פרעמדע הערשנדיקע שפּראַך, האָב איך פאַקטיש קיין מעגלעכקייט נישט צו פאַרטרויען זיי מיינע פּאָליטישע אינטערעסן. איך מוז שוין זוכן אַנדערע פאַרטרעטער, וואָס באַ-

זיצן דעם נויטיקן שפּראַכלעכן צענז, — מענטשן, מיט וועמען איך בין אפשר גאָרנישט אַזוי צופרידן.

די שפּראַך־גלייכבאַרעכטיקונג אין פּאַרלאַמענט גיט מיר צו־ריק מיין וואַל־פרייהייט. איך קלויב אויס די מענטשן, וואָס דע־נען מיר טייער פאַר זייערע אַנדערע מעלות און נישט פאַר זיי־ערע לינגוויסטישע קענטענישן, און איך קאָן אַרויסשטעלן אויך מיין אייגענע קאַנדידאַטור, ווען איך זאָל אפילו זיין שטום אין אַלע שפּראַכן, א חוץ מיין אייגענעם מאַמע־לשון.

די פּרעסבורגער יידן האָבן גאַנץ געוויס געהאַט א רעכט צו שיקן אין פּאַרלאַמענט יענע פּערזאָן, צו וועלכער זיי האָבן געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זי האָט פון דער גאַנצער דייטשישער שפּראַך געוווּסט נאָר די צוויי ווער־טער: „ניקס דייטש".

די צרה מיט יענער פּרעסבורגער קאַנדידאַטור איז נאָר באַשטאַנען אין דעם, וואָס יידן זענען נישט א גלייכבאַרעכטיקטע נאַציע אין עסטרייך; וואָס יידיש, די אמתע שפּראַך פון דעם פּרעסבורגער רב און זיינע וויילער, איז נישט אָנערקענט אין דעם עסטרייכישן פּאַרלאַמענט. וואָלטן די יידן אין עסטרייך פאַררעכנט געווען, ווי אַלע אַנדערע פעלקער, וואָלט שוין דער פּרעסבורגער גאון גאַנץ זיכער געקאָנט אַרויסזאָגן זיינע געדאַנ־קען אין זיין שפּראַך, ווי דאָס טוען די איטאַליענער און די רוטענער אין דעמזעלבן עסטרייכישן פּאַרלאַמענט. און אַלע די, וואָס וואָלטן זיך באַדאַרפט רעכענען מיט די מיינונגען פון א גלייכבאַרעכטיקטן פאָלק, וואָלטן שוין געפונען מיטלען ווי אַזוי אויסצוגעפינען אין וואָס די מיינונגען באַשטייען...

אויך אין רוסלאַנד וועט די נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג זיך קודם כל אויסדריקן אין שפּראַכן־גלייכבאַרעכטיקונג אויף אַלע פעלדער פון דעם עפנטלעכן לעבן און ממילא אויך אין דעם רוסלענדישן פּאַרלאַמענט וועלן צוגעלאָזט ווערן אַלע יענע שפּראַכן, אויף וועלכע עס וועלן אויפגעבויט ווערן די נאַציאָנאַ־לע אויטאָנאָמיעס פון די פעלקער.

קאָנט איר זיך שוין משער זיין, וואָס עס וואָלט געוואָרן

פון דער יידישער דעמאָקראַטיע, ווען העברעאיש זאָל דערקלערט ווערן פאַר דער נאַציאָנאַלער שפּראַך פון דעם יידישן פאָלק. יידן וואָלטן געקאָנט שיקן נאָר יענע דעפּוטאַטן אין פאַרלאַמענט, וואָס באַהערשן דעם „דבור העברי", און דער „בונד" וואָלט קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט: ער וואָלט געמוזט אָפּגעבן זיינע שטימען פאַר די אוסישקינס און די קלויזנערס.

איך וויל גאָרנישט לייקענען, אַז פאַר די אוסישקינס און די קלויזנערס וואָלט דאָס געווען גאָרנישט קיין שלעכטער משא־ומתן. אָבער איך צווייפל זייער שטאַרק, צי דער „בונד" — און נישט נאָר ער, נאָר אויך די פּועלי־ציון און די ס. ס. און די „סיי־מאָווצעס" און די גאַנצע יידישע דעמאָקראַטיע, — וואָלטן מסכּים געווען אויף אַזאַ יידישער אויטאָנאָמיע, וואָס זאָל דורך דער אוי־בערהערשאַפט פון העברעאיש באַשאַפן די פּאַקטישע אויבערהער־שאַפט פון דעם העברעאיסט.

נאָך וויכטיקער, איידער צו מעגן רעדן די אייגענע שפּראַך אין דעם אַלגעמיינעם פּאַרלאַמענט, איז די שפּראַכן־פראַגע אין די אָרגאַנען פון דער אייגענער נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַר־וואַלטונג.

עס וועלן גאַנץ זיכער זיין דעמאָקראַטישע יידישע קהילות, געבויט אויף אַ ריין־וועלטלעכן יסוד, פריי פון יעדער רעליגיע־זער ביימישעכץ. עס וועט גאַנץ זיכער זיין אַ וועלכע עס איז צענטראַלע פאַרוואַלטונג פון אַלע קהילות אין לאַנד.

וואָס פאַר א פאָרם אָט די אָרגאַנען פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין רוסלאַנד זאָלן נישט אָננעמען, וועלן די דעמאָ־קראַטישע ווײַלער מוזן זיין בלוטיק פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז אַלע פאַרהאַנדלונגען, ווי אויך רעזאָלוציעס, באַשלוסן און פאַראָרדענונגען, — זאָלן פאָרקומען און אַרויסגעטראָגן ווערן אין דער געדרוקטער און פאַרשטאַנענער שפּראַך פון דעם פאָלק, אין יידיש.

קוים שטעלט מען אַוועק העברעאיש אַנשטאָט יידיש, אַזוי ווערט תיכף באַשאַפן פאַר די וואַלן אַ פּאַקטישער שפּראַכן־

צ ע נ ז. אין די אָרגאַנען פון דער י י ד י ש ע ר זעלבסטפאַר־וואַלטונג, וועלן יידישע וויילער קאָנען אויסקלויבן נאָר יענע דעפוטאַטן, וואָס קאָנען זיך פליסיק אויסדריקן אין העברע־איש.

עס איז גענוג צו האָבן קלאָר אין זין נאָר אָט דעם איינ־ציקן פונקט — די שפראַכן־פראַגע אין דער נאַציאָנאַל־יידישער פאַרוואַלטונג, און דעם שפראַכן־צענז, וואָס העברעאיש וועט ארויפגעלייגט אויף דעם יידישן דעמאָקראַטישן וויילער, — כדי קלאָר איינצוזען, אַז העברעאיש האָט קיין ברעקל שאַנס נישט צו ווערן די שפראַך פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָ־מיע אין רוסלאַנד.

דער יידישער בורזשואַזיע וואָלט זיך אפשר גריילעך גע־לוינט, העברעאיש זאָל זיין די אָפיציעלע שפראַך פון דעם יידישן פאָליטישן לעבן, און די „פנקסים” פון דער יידישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג זאָלן אויך געפירט ווערן אין העברעאיש. אַזוי איז דאָס שוין אַמאָל געווען אין דער צייט פון דער יידישער אוי־טאָנאָמיע אין פוילן, — דעם „ועד ארבע הארצות”, — און אין די טעג פון דעם יידישן „קהל” אין רוסלאַנד. אָבער אין רוס־לאַנד איז דאָס איצטער אַ זאַך פון דער אַבסאָלוטער אוממעג־לעכקייט: די יידישע מאַסן זענען, אַ דאַנק פריער דעם רב'שע און דערנאָך דעם „בונד”, נאָך פאַר דער רעוואָלוציע אַרויסגע־ריסן געוואָרן פון זייער פאָליטישער אַפּאַטיע, און וועלן שוין נישט קאָנען בלינד נאָכגיין נאָר די „באַלעבאַטים”.

זיי וועלן זיין פאַראינטערעסירט צו האָבן די פולסטע קאָנטראָל איבער אלע אָרגאַנען פון דער יידישער זעלבסטפאַר־וואַלטונג; נישט צו זיין געבונדן אין זייערע וואַלן מיט אַזאַ שפראַכן־צענז, וואָס קאָן נאָר צונוץ קומען דער בורזשואַזער מי־נאָריטעט, און צו זען, אַז אין דער אייגענער נאַציאָנאַלער אוי־טאָנאָמיע זאָל אַ ל ץ פאָרקומען אין יענער שפראַך, וועלכע דאָס פאָלק פארשטייט. די דעמאָקראַטישע מאסן האָבן איצטער גענוג אָרגאַניזירטע פאָרשטייער אין דער פאָרם פון די פארשיידנסטע דעמאָקראַטישע פאַרטייען, וואָס וועלן גאָר חוצפהדיק באַווייזן

דער בורזשואזיע, ווער גרעסער איז. זיי וועלן איר אין איינס און צוויי איינשלאָגן אין מוח דעם אלף־בית פון דער פּאָליטישער וויסנשאפט, אז די נאציאָנאלע גלייכבארעכטיקונג ווערט אריינגעפירט אין לעבן נישט צוליב די אינטערעסן פון דער בורזשואזער מינאָריטעט, נאָר צוליב די קולטורעלע, נאציאָנאלע, בירגערלעכע און פּאָליטישע לעבנס־נויטן פון די גרויסע מאסן, וואָס קאָנען באפרידיקט ווערן נאָר אויף דעם יסוד פון דער יידישער שפּראך.

עס איז מיר, דעם אמת גערעדט, זייער פריקרע, וואָס איך פארנעם זיך אזוי לאַנג מיט דער יידישער שפּראכן־פראגע אין רוסלאנד און זוך מיט אלערליי ארגומענטן צו באווייזן, אז פיר מאָל פיר איז זעכצן, ווייל אין תוך אריין איז איינס און איינס אלעמאָל צוויי.

אָבער — בין איך דען שולדיק אין דעם, וואָס די נאציאָנאלע מאטעמאטיק פון אונזערע העברעאיסטן הערט נאָכנישט אויף צו טענהן, אז פיר מאָל פיר מוז אמאָל זיין א חלבנע ליכט, ווייל עס טרעפט אמאָל, אז איינס און איינס איז א שטרויענער דאך?

איך ווייס צו גוט, אז נישט נאָר ביי אונז, יידן, נאָר אויך ביי די אומות העולם איז די שאָוויניסטישע וועלט אָפּטמאָל קאפאבל ארויסצוברענגען משונהדיקע חשבונות, פאר וועלכע די פעלקער דארפן זיך דערנאָך פאנאנדערצאָלן מיט שווערע מזומנים, לויט די כללים פון דעם אלגעמיין־מענטשלעכן חשבון.

איך האָב דעריבער געהאלטן פאר מיין חוב ארויסצוברענגען אזוי קלאָר ווי מעגלעך די רעכענונג פון העברעאיש און יידיש פאר אונזער קינפטיקן לעבן אין רוסלאנד און נאָכאמאָל צו באווייזן, אז אויך אין דעם פאל קאָן פיר מאָל פיר נישט זיין קיין חלבנע ליכט, ווייל איינס און איינס איז קיינמאָל נישט געווען און קאָן קיינמאָל נישט זיין קיין שטרויענער דאך.

דאָרטן, ווו די יידישע מאסן רעדן יידיש, ווו זיי זעבען

געצוווּנגען צו פירן אן אייגן נאַציאָנאַל לעבן, ווּ עס וועלען דאָ פאַרטייען, וואָס דערקלערן זיי זייערע קולטורעלע, נאַציאָנאַלע, בירגערלעכע און פּאָליטישע לעבנס-נויטן, — דאָרטן קאָן זייער נאַציאָנאַלע שפּראַך נישט זיין העברעאיש, נאָר מוז זיין דווקא יידיש.

מאַי־יוני, 1917.

# גלות־פסיכאָלאָגיע

איך ווייס נישט, ווער עס האָט צום ערשטן מאָל אַרויס־געבראַכט דעם אויסדרוק: „גלות־פסיכאָלאָגיע". איך בין מיר אָבער משער, אַז ער מוז שטאַמען פון ציוניסטיש־טעריטאָריאַליסטישע קרייזן און אַז ער דאַרף אָנטייטן אויף עפּעס אַזוינס אין אונזער גייסטיקן לעבן, וואָס פאָרדינט אויסגעריסן צו ווערן מיט די וואָרצלען.

אָבער וואָס אַזוינס איז עס? איך מיין דאָ נישט דעם גאַנצן קאַטאַלאָג פון יענע פסיכישע דערשיינונגען, וואָס דאַרפן אַרומגענומען ווערן מיט דעם נאָמען גלות־פסיכאָלאָגיע, נישט די גאַנצע באָטאַניק פון יענע ווילדע גייסטיקע פלאַנצונגען, וואָס דאַרפן אויסגעוואָרצלט ווערן פון אונזער נשמה. איך מיין דאָ יענעם גרונט־פּרינציפּ, וואָס מיט זיין הילף זאָלן מיר קאָנען אין אַלע פאַלן ריכטיק און קלאָר באַשטימען, וועלכע נשמה־גע־וויקסן זענען „גלות־פסיכאָלאָגישע", און מוזן דעריבער אויסגע־וואָרצלט ווערן, אָן אַ ברעקל רחמנות.

אויב איך האָב נישט קיין טעות, האָבן אונזערע טעאָרע־טיקער ביז אַהער זיך זייער ווייניק אָדער אפשר גאָרנישט באַ־שעפטיקט מיט דערדאָזיקער פראַגע. איך וויל דעריבער מאַכן דעם ערשטן פרווו צו פאַרענטפערן זי.

אין פלוג איז אַ ברעקל נישט שווער אַרויסצוגעפינען דעם גרונט־פּרינציפּ, די נויטוועדיקע אייגנשאַפט פון יעדער גלות־פסיכאָלאָגיע. און אינדערראַמתן! די „פסיכאָלאָגיע" בכלל איז

דער גאנצער סכום פון אלע אונזערע פסיכאָלאָגישע דערשיינונ־גען, פון אלע אונזערע געדאנקען, געפילן, „וועלענישן", שטרע־בונגען, שטימונגען, גוסטן און געוווינהייטן, די „גלות־פסיכאָלאָגיע" בפרט איז ממילא יענער טייל פון אלע געשעענישן אין אונזער נשמה, וועלכער שטאמט פון דעם פאקט, וואָס מיר לעבן אין גלות און נישט אין אן אייגענער פרייער היים. און אלעמאָל, ווען מיר געפינען אין זיך א פסיכישן צושטאנד. — א געדאנק, א געפיל אָדער א שטרעבונג, — וואָס איז ארויסגעוואקסן פון יענעם פאקט, איז דאָס גאנץ געוויס א „גלותדיקער" און מוז פארמשפט ווערן צום טויט.

ס'איז גענוג נאָר אביסל נענטער צוצוטראָגן צום אויג אָט דעם אויבנאויפיקן ענטפער, כדי אויפן שטעל איינצוזען, אז ווי ריכטיק ער זאָל נישט זיין טעאָרעטיש, קאָן נישט אין אים ליגן דער אמתער מיין פון יענעם געדאנק, וועלכן מיר מוזן פארבינדן מיט דעם אויסדרוק: „גלות־פסיכאָלאָגיע". אויב דער ענטפער, וואָס ליגט אויבנאויף, וואָלט געווען אמת, וואָלטן מיר דעמאָלט קודם כל געמוזט פארמשפטן צום טויט אלע יענע געפילן פון פ ר אָ ט ע ס ט אנטקעגן דעם גלות, די גאנצע בענקשאפט נאָך באפרייאונג פון אים און דעם גאנצן סכום פון געדאנקען, ווי אזוי פון אים ארויסגעליייזט צו ווערן, ווייל זיי אלע שטאמען בלי ספק פון דעם פאקט, וואָס מיר לעבן אין גלות.

און נישט נאָר דאָס. לעבן אין גלות הייסט לעבן אין דער פרעמד; לעבן אין דער פרעמד הייסט אָבער אויך: ווערן באקאנט מיט דער פרעמד און אריינגעמען אין זיך אלץ, וואָס מיר האָבן אריינגענומען אין דער נשמה פון דער פרעמד — גלות־פסיכאָלאָגיע. אָבער נישט שוין־זשע וואָלט א וועלכער עס איז בר דעת באמת געוואָלט פארשטיקן אין זיך אלץ, וואָס די פרעמד האָט אים געגעבן? נישט שוין־זשע איז אונז נאָך נישט קלאָר געוואָרן יענער פונדאמענטאלער כלל פון יעדן מענטשלעכן פראָגרעס, אז א פאָלק קאָן זיך אנטוויקלען נאָר דעמאָלט, ווען עס שליסט

זיך נישט אָפּ פון דער מענטשהייט, ווען צווישן אים און דער „פרעמד" קומט פאַר א שטענדיקער אויסבייט־שטראָם פון נעמען און געבן, געבן און נעמען? וואָלטן מיר באמת געוואָלט פאַר־טיליקן פון אונזער נשמה אלץ, וואָס דער מענטשלעכער פראָג־רעס האָט ארויסגעבראכט אין דעם משך פון אונזער גלות־לעבן, — אלע וויסנשאפטלעכע, קינסטלערישע, פילאָזאָפישע און קולטורעלע דעראָבערונגען, וועלכע ער האָט געמאכט און וועלכע מיר האָבן אין דער לעצטער צייט אריבערגענומען פון אים?

איך גיב צו, אז מיר האָבן גענוג רעאקציאָנערן, וואָס וואָלטן זיך נישט נאָר נישט אָפּגעשראָקן פאר אזא ראדיקאלן קאמף אנטקעגן דער „גלות־פסיכאָלאָגיע", נאָר וואָס זעען דעם גאנצן זין פון זייערע שטרעבונגען און אידעאלן אין דעם קאמף אנטקעגן דער מאָדערנער אייראָפּעאישער קולטור. אָבער וועגן זיי רעדן מיר נישט. די, פאר וועמען דער פרייער געדאנק, דאָס פרייע זוכן, פאָרשן און שאפן איז די ביטערסטע פרי פון דעם גלות־לעבן, געפינען זיך אין א גייסטיקער אטמאָספער, וואָס איז אזוי ווייט פון אונזערער, אז מיר קאָנען נאָר מיט גרויס מי איינע די אנדערע פארשטיין.

פאר א מאָדערנעם יידן איז די מאָדערנע מענטשלעכע קולטור דער באזיס פון זיין נשמה און ווי הויך ער זאָל נישט שעצן די גייסטיקע שיינקייט, וואָס ליגט אין דער אלטער יידישער קולטור, ווי שטארק ער זאָל נישט באוואונדערן די גייס־טיקע גאונות, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט אָנגעווענדט אויף איר אויסבוי, איז פאר אים אוממעגלעך אומצוקערן זיך צוריק אין דעם אלטן מדבר פון שולחן־ערוך און קבלה. יעדער טייל פון אונזער נשמה, וואָס איז צונויפגעוואקסן מיט דער מאָדערנער קולטור, איז דורך־און דורך אָנגעזאפּט מיט „גלות־פסיכאָלאָגיע", ווייל די קולטור איז אויסגעוואקסן אין „גלות".

און בכלל: נישט אלץ, וואָס איז שלעכט אין אונז, שטאמט פון דעם „גלות", און נישט אלץ, וואָס איז פון „גלות" אין אונז, איז שלעכט. דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, וואָס איז אין אונז, איז

שלעכט. דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, וואָס איז אין אונז, שטאַמט צום טייל פון אונז אליין, פון אונזער כאַראַקטער און דעם בוי פון אונזער נשמה, און צום טייל פון דער סביבה, אין וועלכער מיר לעבן. מען קאָן אָבער גאַנץ זיכער נישט איינטיילן דאָס אַזוי, אַז אַלדאָס גוטס זאָל שטאַמען פון אונז און אַלדאָס בייז זאָל קומען פון דער סביבה.

ממילא, קאָן דער פאַקט, וואָס אַ וועלכער עס איז צושטאַנד אין אונז איז אַרויסגעוואַקסן פון דעם גלות, נאָך בשום אופן נישט זיין קיין באַווייז, אַז ער איז אַ „גלות״-פּסיכאָלאָגישער. אַן אַנדער מאַסשטאַב מוז דעריבער געפונען ווערן, וואָס זאָל קלאָר אַרויסברענגען דאָס „פּחות-ערכדיקע״ און שענדלעכע פון יענער פּסיכאָלאָגיע.

אויב איך האָב נישט קיין טעות, ליגט דער וואָרצל פון דער גלות-פּסיכאָלאָגיע נישט אין דעם אַלגעמיינעם פאַקט, וואָס מיר לעבן אין גלות, נאָר אין דער ספּעציעלער דערשיינונג, וואָס מיר לעבן אין גלות פּאַרשקלאַפּט. דער שקלאַפּישער זין, — אָט דאָס איז דער מקור, פון וואַנען עס שלאָגט די גלות-פּסיכאָלאָגיע, און די בעסטע פאָרמול פאַר איר האָט דער ייד באַשאַפן אין זיין פּסחדיקן שפּרוך פון „השתא עבדי, לשנה הבאה בני חורין״: „איצט זענען מיר קנעכט, איבעראַיאָר וועלן מיר זיין פרייע מענטשן״. אין דעם השתא עבדי, — אין דעם אָפּ-טרעטן פאַר דער געגנוואַרט, אין דעם אויסאיינען זיך מיט דעם געדאַנק, אַז איצט מוזן מיר בלייבן קנעכט, אין דעם אייביקן אָפּלייגן פון פרייהייט אויף „איבעראַיאָר״, — אָט דאָ ליגט דער אייגנטלעכער סם-המות פון דער גלות-פּסיכאָלאָגיע.

יעדן געדאַנק, וואָס איך אונטערשטיץ — נישט דערפאַר, ווייל איך גלויב אין אים, נאָר ווייל „השתא עבדי״; יעדעס געפיל, וואָס דערוועקט זיך אין מיין ברוסט, מיט וועלכן איך וואָלט מיך געשעמט, ווען איך וואָלט געווען אַ „בן-חורין״; יעדע האַנדלונג, וואָס איך טו, אָדער פון וועלכער איך זאָג מיך אָפּ נישט דערפאַר, ווייל איך זע אין איר נוצן אָדער שאָדן, נאָר

ווייל — „וואָס זאָל מען טאָן: מיר זענען איצט אין גלות!" — דאָס אַלץ איז גלות־פסיכאָלאָגיע.

ווייל מען באמת באפרייט ווערן פון איר, מוז מען תמיד האַלטן פאר די אויגן איר היפך, איר ערגסטן און ביטערסטן פיינט: די פסיכאָלאָגיע פון דעם פרייעם, שטאָלצן, זעלבשטענדיקן מאַן. אַלץ, אנטקעגן וואָס עס פראָטעסטירט דער „בן־חורין" אין דיר, איז גלות־פסיכאָלאָגיע, איז יענע גיפטיקע פלאַנץ, וועלכע מוז אויסגעראָט ווערן „עד לחרמה".

איך ווייס גאַנץ גוט, אַז די פאָרמול איז צו אַלגעמיין, צו אבסטראַקט, מען זאָל קאָנען מיט איר הילף אַלעמאָל פאַנאנדערשיידן צווישן די „גלות"־פלאַנצן און די פרייע מענטשלעכע פלאַנצן אין אונזער נשמה. די שוועריקייט ליגט נישט אין דער פאָרמול גופא, נאָר אין דעם אומשטאַנד, וואָס יעדער האָט זיך זיין „בן־חורין" אין דער ברוסט. די „בני־חורין" וואָלטן אויך אין אן אייגענער פרייער היים פאַרשיידן אויפגענומען די פראָבלעמען פון דעם אינדיווידועלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן און וואָלטן געשטרעבט צו פאַרשיידענע אידעאַלן, און איין־און־די־זעלביקע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונג וואָלט אויך דאָרט איינעם אָנציינדן מיט דעם אש־להבה פון רעוואָלוציאָנערן פראָטעסט און דעם אנדערן מיט דער פריידיקסטער התלהבות. אָבער פאַר יעדן פון אונז איז זיין אייגענער בן־חורין, — דער אידעאַל פון אַ שטאָלצן פרייעם חשובן לעבן, — דער בעסטער שופט איבער דער גלות־פסיכאָלאָגיע.

כדי צו וויסן, צי עפּעס אין דיין נשמה איז גלות־פסיכאָלאָגיע, אָדער נישט, איז דאָ גאָר אַ פשוט מיטל:

זיי דיר משער, אַז דו ביזט אַ פרייער מענטש אין אַן אייגענער פרייער היים. מאָל דיר קלאָר אויס, וואָס וואָלסטו דאָרט באַקעמפט און פאַרוואָס וואָלסטו דיך דאָרט איינגעשטעלט, און דאָס, וואָס דו וואָלסט דאָרט אונטערשטיצט, אונטערשטיץ אויך דאָ, איצט באַטראַכט דיינע געפילן און דיינע האַנדלונגען אין גלות. אויב דו געפינסט, אַז דו זאָגסט דיך אָפּ פון אַ קאַמף, וואָס איז טייער דיין נשמה, אָדער דו אונטערשטיצסט אַ זאַך

וואָס איז איר צווידער, מער נישט דערפאַר, ווייל השתא עבדי, – ווייל „איצט זענען מיר אין גלות״, — איז זיי ווייסן, אַז דו שטייסט אונטער דער גיפטיקער שליטה פון דער גלות-פסיכאָלאָגיע.

א פּאָר ביישפּילן וועלן אונז נאָך קלאָרער מאַכן דעם ענין.

אויב איינער גלויבט באמת, אַז פּאָליטיק דאַרף געמאַכט ווערן נאָר פון א פּאָר „גדולים״; אַז דאָס פאָלק האָט קיין רעכט נישט אריינצומישן זיך אין אזוינע זאכן, וואָס ריִרן אָן די יסודות פון זיין לעבן, און אויב אזא מענטש זוכט צו פאַרענטפערן די פּראָבלעמען פון דעם פאָלקס-לעבן דורך שתדלנות ביי די „גדולים״, די אייגענע אָדער פרעמדע, דורך „מה-יפית״-טאַקטיקן און פּאָרהויז-אינטריגעס, איז ער פ ר י י פון גלות-פסיכאָלאָגיע, מחמת דעם פּשוטן טעם, וואָס דער צרהדיקער „בן-חורין״ זיינער וואָלט אויך אין א פרייער אייגענער היים נישט געוווּסט פון קיין אנדערער פּאָליטיק, ווי נאָר קריכן אויף דער ערד און לעקן ביי די „גרויסע״ און „שטאַרקע״ דעם שטויב פון זייערע שטיוול.

אָבער אויב איינעמס „בן-חורין״ איז שוין אויסגעוואַקסן, ברוך השם, צו דער מדרגה פון אַ שטאָלצן, פרייעם דעמאָקראַט, און ער בויגט פאָרט זיין נאַקן פאַר די, וואָס האָבן די מאַכט אין די הענט, און ער טרייבט שתדלנות-פּאָליטיק און „מה-יפית״-טאַקטיק, ווייל „דאָ און איצט קאָן מען נישט אַנדערש״, איז דאָס די געמיינסטע גלות-פסיכאָלאָגיע.

אויב איינער גלויבט באמונה שלמה, אַז די יידישע רעליגיע איז דער העכסטער שטאַפּל פון אמת און, אַפילו ווען מיר וואָלטן געלעבט אין אונזער אייגענעם פרייעם לאַנד, וואָלט ער, דער בן-חורין, געקעמפט פאַר יעדן אות פון דעם שולחן-ערוך, איז זיין קאַמף דאָ אין גלות פאַר די אַלטע רעליגיעזע קייטן אַנטקעגן יעדן פאַרזוך אַראָפּצוּוואַרפן זיי פון זיך, בשום אופן נישט קיין גלות-פסיכאָלאָגיע, ווען אַפילו מיר קאָנען זיין ווי איבער-

ציִיגט, אַז די איבערגעגעבנקייט צום שולחן־ערוך האָט געקאָנט אויסוואַקסן נאָר אין גלות.

נאָר אויב איינער איז שוין אינעווייניק באַפרייט פון דעם גלויבן אין אים, אָבער ער שטעלט זיך פאָרט פאַר אים איין שטאָל און אייזן, מחמת דעם איינציקן טעם, וואָס דער שולחן־ערוך איז די בעסטע שמירה פאַר דעם נאַציאָנאַלן קיום אין גלות, איז דאָס נישט קיין אַנדער זאַך, ווי „גלות"־פּסיכאָ־לאָגיע.

איך קאָן מענטשן, גאַנץ פריידענקנדיקע, וואָס ביי זיי איז אַזוי קלאָר ווי דער טאָג, אַז אין אַן אייגענעם לאַנד וועלן מיר מוזן דורכפירן דעם פאַנאַנדערריס פון „רעליגיע" און „נאַציע" אַקוראַט אַזוי שאַרף, ווי ער איז דורכגעפירט ביי אַלע פּראָגרע־סיווע פעלקער. מיר וועלן מוזן געבן יעדן יידן דאָס רעכט צו גלויבן אָדער נישט צו גלויבן אין וואָס ער וויל. און פונדעסט־וועגן ווערן אָט די פריידענקער פאַרציטערטע, ווי נאָר מען וויל דורכ־פירן דעם פּרינציפּ פון אַבסאָלוטער רעליגיע־פרייהייט אין דעם יידישן לעבן שוין דאָ, אין גלות. אָט די אַבסאָלוטע רעליגיע־פרייהייט קאָנען אַ סך פון אונזערע „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלן" נישט צולאָזן פשוט דערפאַר, ווייל „דאָ, אין גלות", זאָגן זיי, וואָלט דאָס געווען אַ געפאַר פאַר דעם קיום־הלאום. אינדעראמתן זענען זיי נישט קאָנסעקווענט דערפאַר, ווייל זיי טרויען נישט דעם אייגענעם „בן־חורין": פאַרשטאָפּן אים דאָס מויל מיט דעם „השתא עבדי" און טרייסטן אים מיט דער חלשותדיקער טרייסט פון „לשנה הבאה". אָט דאָס איז אמתע גלות־פּסיכאָלאָגיע.

נאָכאַמאָל: דעם פרומען יידן באַשולדיק איך נישט אין דערדאָזיקער פּסיכאָלאָגיע. איך פאַרשטיי זיין ווייטאָק און האָב דרך־ארץ פאַר זיין קאַמף, ווייל איך ווייס, אַז אויך אין דער פרייער היים וואָלט ער געשטאַנען אויף זיין קלעריקאַלן שטאַנד־פּונקט און וואָלט געקעמפט פאַר זיין אמת. איך באַשולדיק אין דער ערגסטער גלות־פּסיכאָלאָגיע נאָר יענע, פאַר וועמען די יידישע רעליגיע איז נישט קיין אינעווייניקסטער אמת פון זייער האַרצן; וואָס באַגייען זיך מיט רעליגיעזע אמתן, ווי מען באַגייט

זיך מיט שטיינער און פלעקער; וואָס ווילן אויסבויען פון זיי
אַ דרויסנדיקע צאָם אַרום זיך, ווייל עס לוינט זיך אַזוי צו
טאָן — אין גלות!

איך קאָן נאָך אַנדערע פריידענקנדיקע מענטשן, שוין, נישט
צו פאַרזינדיקן, סאָציאַליסטן, וואָס גלויבן, ווי כּשרע סאָציאַליסטן,
באמונה שלמה, אַז יעדע ענגע פאַרבינדונג פון דעם פּראָלע-
טאַריאַט מיט דער בורזשואַזיע מוז פירן צו דער אָפּשוואַכונג
פון דעם פּראָלעטאַריאַטס ענערגיע, און פונדעסטוועגן דערלאָזט
זיי זייער „ריין-פּראָלעטאַרישער" יושר, זיי זאָלן איינשפּאַנען
דעם יידישן אַרבעטער אין איין וואָגן מיט דער בורזשואַזיע,
ווייל „דאָ, אין גלות, קאָן מען אַנדערש נישט", ווייל, אַז נישט,
וועט די בורזשואַזיע גאָרנישט ווערן „פּאָדערן". אויך דאָ האָבן
מיר פאַר אונז אַ פאַל פון ריינער, אויסגעקריסטאַליזירטער גלות-
פּסיכאָלאָגיע.

ווידעראַמאָל: איך האָב דאָ אין זין נאָר די גאַנץ-כּשרע,
מאַרקסיסטישע סאָציאַליסטן-טעריטאָריאַליסטן און די „פּועלי-ציון",
וואָס גלויבן, אַז ווי נאָר מיר קומען אין אונזער פרייער היים,
אַזוי שפּייען מיר אָן אין פּנים דער בורזשואַזיע, פאַרקאַשערן
תּיכּף די אַרבל און הויבן אָן פירן אַ קאָממיותדיקן קלאַסנקאַמף...
דאָס דאַרף אָבער געשען נאָר „לשנה הבאה". איצט, צוריק,
דאַרף מען ציטערן פאַר יעדן ערנסטערן אַרויסטריט פון דעם
יידישן פּראָלעטאַריאַט, ווייל — השתּא עבדי. די האַלב-כּשרע
און גאָר „טריף-פּסולע" סאָציאַליסטן, וואָס גלויבן, אַז אַפילו
אין דער אייגענער היים וועלן מיר מוזן אין געוויסע גרענעצן
גיין האַנט אין האַנט מיט דער בורזשואַזיע, — זיי באַשולדיק
איך נישט אין „גלות-פּסיכאָלאָגיע", ווייל זיי בלייבן טריי זייער
אייגענעם „בן-חורין".

איך וואָלט געקאָנט אָנפירן נאָך אַ גאַנצע מאַסע ביישפּילן,
וואָס וואָלטן אונז אילוסטרירט די „גלות-פּסיכאָלאָגיע" דווקא פון
יענע באַציאָנאַליסטן, וואָס לאָזן דאָס ווערטל נישט אַרויס פון
מויל, שליידערן עס אין פּנים פון זייערע קעגנער. וואָס זענען אין
דעם פּונקט אַ סך ריינער, איידער זיי אַליין.

אָבער מײַן הײַנטיק קאַפּיטל איז נישט קײן פּאָלעמישער, נאָר אײן ערשטער ליניע אַ רײן־טעאָרעטישער. מיט יעדן פּעדימל פון מײַנע נערוון האָב איך אַלײן פּײַנט „גלות" און „גלות־פּסיכאָלאָגיע". איך האָב מיר געוואָלט אַלײן קלאָר ווערן אין דעם ענין, כּדי אויף זיך אַלײן צו קאָנען האַלטן די קאָנטראָל, און דאָס איז דער רעזולטאַט, צו וועלכן איך בין געקומען:

עס איז נישטאָ קײן אַבסאָלוטע גלות־פּסיכאָלאָגיע. יעדער אײנער האָט זײַן אײגן שטיקל צרה אין דעם פּרט, און זי הענגט אָפּ פון דעם אײגענעם פרײַהײטס־אידעאַל. פרײַ פון גלות־פּסיכאָלאָגיע איז דער, וואָס קעמפט פאַר זײַנע פרײַהײטס־אידעאַלן אין דער פרעמד נישט מיט אַ קלענערער ענערגיע, אײדער ער וואָלט געקעמפט פאַר זײַ „אינדערהײם". פרײַ פון גלות־פּסיכאָלאָגיע איז דער, וואָס פילט שטאָלץ אין זיך דעם בן־חורין, און לאָזט נישט קריכן אויפן קאָפּ און פאָדערט אומעטום דאָס רעכט, וואָס אים געהער, ווי אַ פרײַעם מענטשן, אַלץ אײנס, וווּ ער זאָל זיך נישט געפינען: אינדערהײם, אָדער אין דער פרעמד. די „גלות־פּסיכאָלאָגיע" הײבט זיך אָן מיט דעם מאָמענט, ווען מען הײבט אָן צו מאַכן קאָמפּראָמיסן מיט דעם אײגענעם „בן־חורין", ווען מען הײבט אָן צו פאַררעדן אים די צײן מיט דער זױערער „נעבעך"־טענה, אַז — „הײב זיך נישט אָן מיט דעם גוי", „פאַרגעס נישט, מיר זענען אין דער פרעמד", און — „וואָס זאָל מען טאָן? דער ביטערער גלות!"

דער אידעאַל פון דעם פרײַעם, שטאָלצן מענטשן אין דער אײגענער הײם איז דער אײנציקער מאָסשטאַב, מיט וועלכן מיר קאָנען מעסטן און דורך וועלכן מיר קאָנען באַשטימען די גלות־פּסיכאָלאָגיע: זי איז אַלעמאָל די פרוכט פון אַ געבראָכענער פרײַהײט און אַ פאַרטונקלטן שטאָלץ.

די אויפלעבונג פון דעמדאָזיקן אידעאַל אין אונזער ברוסט, זײַן דורכפירונג אין יעדן מאָמענט פון אונזער לעבן, אין יעדן אָרט פון אונזער זין איז דאָס אײנציקע מיטל אַנטקעגן דער

ד״ר ה. זשיטלאָווסקי

גלות־פסיכאָלאָגיע, זי איז אָבער אויך דאָס איינציקע מיטל אַנט־
קעגן דעם גלות, ווייל נאָר די, וואָס װעלן אינגאַנצן זיין פריי
פון דערדאָזיקער פאַרשאָלטענער פסיכאָלאָגיע, וועלן קאָנען בויען
אַן אייגענע פרייע היים.

אין דער „פאָלקס־שטימע“, ניו־יאָרק, און אין „פריינד“, פעטערבורג.

# הערמאַן באַהר וועגן יידישן נאַציאָנאַליזם

אין דעם נומער 8 פון דער ציוניסטישער „די וועלט“ איז איבערגעגעבן דער אינהאַלט פון אַ זייער באַלערנדיקער פאָרלעזונג, וועלכע הערמאַן באַהר האָט נישט לאַנג געהאַלטן אין דער „יידישער לעזע־האַללע“ אין פראָג. די פאָרלעזונג רופט זיך „דאַס יודענפּראָבלעם“.

הערמאַן באַהר איז איינע פון די אינטערעסאַנטסטע פיגורן אין דער נייער דייטשישער ליטעראַטור. אויף זיין נאָמען פאַלט אויס אַ גאַנץ גרויסער חלק פון יענעם רום, וועלכע די „יונגע“ האָבן פאַרדינט דורך זייער באַשאַפן די מאָדערנע ריכטונגען אין דער דייטשישער קונסט. צו דעם סוף אַכציקער און דעם אָנהויב נײַנציקער יאָרן פון דעם פאָריקן יאָרהונדערט איז באַהר געווען דער אייגנטלעכער פאָן־טרעגער פון דער נייער באַוועגונג; נישט נאָר דער טעאָרעטישער וואָרט־פירער, נאָר אויך דער באַשאַפער פון קונסט־ווערק, אין וועלכע די נייע פּרינציפּן האָבן געזאָלט זיין אויסגעדריקט.

אַ ראָמאַניסט, וואָס האָט גליקלעך פאַראייניקט דאָסטאָיעווסקיס מיקראָסקאָפּישן אַנאַליז פון צערודערטע נשמות, מיט דעם מאָדערנעם עסטעטיזם, דעם פאַלן כּורעים פאַר דער ריינער שיינקייט, איז באַהר געוואָרן דער פאָטער פון יענער ריכטונג אינם ראָמאַן, וואָס האָט איצטער זיין גלענצנדיקסטן פאַרטרעטער אין פּוילן, פּשיבישעווסקי; אַ דראַמאַטורג פון קראַפט און ווירקונג; אַ גלענצנדיקער סטיליסט און קריטיקער, וואָס האָט קאָמענטירט

פאַרן דייטשישן עולם די מאָדערנע ריכטונגען פון די אויסלענדישע ליטעראַטורן און האָט געקעמפט זייער קאַמף, איז הערמאַן באַהר אָבער נישט נאָר ליטעראַט און קונסט־קריטיקער: ער האָט אויך גאָרנישט קיין שלעכטן קאָפּ אין ריין־טעאָרעטישע ענינים.

איך ווייס נישט, אויב אַלעמען, וואָס האָבן זיך מיט אים אינטערעסירט, איז באַקאַנט דער פאַקט, אַז באַהר איז אַ לענגערע צייט געווען אַ פאַרקעמפער פון דעם יונגן מאַרקסיזם. ער האָט מיט פיל טעאָרעטישער עלעגאַנץ און שאַרפזין געפּרוווט אָנווענדן מאַרקס' היסטאָרישן מאַטעריאַליזם אויף דעם אַנאַליז און דער דערקלערונג פון דער קינסטלערישער עוואָלוציע פון זיין צייט.

שפּעטער האָט זיך באַהר אָפּגעזאָגט פון מאַרקסיזם. אָבער זיין מאַרקסיסטיש הויפּטווערק „צור קריטיק דער מאָדערנע" האָט נאָך עד היום נישט פאַרלאָרן זיין ווערט נישט נאָר ווי אַ היסטאָרישער דאָקומענט, נאָר אויך ווי א טעאָרעטישער בנין. די פונדאַמענטן פון דעם בנין זענען, אמת, פאַראַלטעט און צעשאָקלט, אָבער פון זיינע איינצלנע טיילן קאָן מען נאָך עד היום עפּעס לערנען, בפרט יענע, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דער רייכער און פאַרפּלאָנטערטער פּראָבלעם, ווי אַזוי „די געזעלשאַפטלעכע מאַטעריע" ווירקט אויף די קינסטלערישע באַוווסטזיינס־פאָרמען.

פון דערזעלביקער צייט (אַ ביסל פריער) שטאַמט נאָך אַ מאַרקסיסטיש־פּאָלעמיש ווערק פון אים, וואָס איז אָפּט אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דערזעלביקער הויך, ווי די באַרימטע פּאָלעמיקן פון לאַסאַל אַנטקעגן שולצע־דעליטש און פון ענגעלס אַנטקעגן דיורינג. (לײדער איז מיר איצטער אַרויס פון זכרון סיי דער נאָמען פונם ווערק, סיי דער נאָמען פונם אומגליקלעכן, וואָס האָט צוגעצויגן צו זיך דעם כעס און די פּאָלעמישע פיילן פון הערמאַן באַהר).

געוואָרן „אויס מאַרקסיסט", איז הערמאַן באַהר געוואָרן אויך „אויס סאָציאַל־דעמאָקראַט", — אַ דערשיינונג, וואָס דערקלערט זיך ביי באַהרן, ווי ביי אַ סך אַנדערע, גאָר פּשוט. זיין

סאָציאַליזם איז צו פעסט געווען צונויפגעוואַקסן מיט די ריין־פילאָזאָפישע און געשיכטס־פילאָזאָפישע טעאָרעמען פונם מאַרקסיזם. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז יענע זענען פאַלש, — ווייניקסטנס האָט עס זיך אַזוי אַרויסגעוויזן אין באַהרס אויגן, — האָט ממילא אויך דער סאָציאַליזם פאַרלאָרן פאַר אים יעדע באַרעכטיקונג.

אָבער אַ פּראָגרעסיוו־ראַדיקאַלער מענטש איז באַהר געבליבן. און כמעט אויף יעדן פעלד פון דעם עפנטלעכן באַוווּסטזיין, ווו דאָס נייע קעמפט אַנטקעגן דאָס אַלטע, קאָנען מיר טרעפן באַהרן ווען נישט אין אַ פירער־ראָלע איז לכל־לפחות אין דער ראָלע פון אַ פעאיקן סאָלדאַט, וואָס פאַרשטייט צו באַגיין זיך מיט אַלע אַרטן געווער: ער פעכט גוט מיטן שווערד, אָבער פאַרשטייט אויך ווי צו צילן פון אַ שווערן האַרמאַט.

אַלס סאָלדאַט פון דער פּראָגרעסיווער אַרמיי איז הערמאַן באַהר אָפט צונויפגעקומען זיך מיט ראַדיקאַלע יידן און איז אַ לאַנגע צייט געווען אַ מיט־אַרויסגעבער פון דער ווינער צייטשריפט „די צייט", וואָס צוויי ראַדיקאַלע יידן זענען געשטאַנען אין איר שפּיץ, און איבערהויפּט איז די גייסטיקע אַטמאָספער, אין וועלכער אַ הערמאַן באַהר באַוועגט זיך, פול אָנגעפּראָפּט מיט ראַדיקאַלע יידן, וואָס האָבן, פאַרשטייט זיך, שוין לאַנג פאַרלאָרן זייער צורת ייד (אָדער ווייניקסטנס גלויבן זיי אין דעם) און פאַר וועלכע דאָס וואָרט „יידישער נאַציאָנאַליזם" איז אַ פערזענלעכע באַליידיקונג.

עס איז דעריבער זייער אינטערעסאַנט צו הערן, וואָס אַזאַ מענטש האָט צו זאָגן וועגן דער „יידן־פּראָבלעם".

אין וואָס באַשטייט די יידישע פּראָבלעם? פאַר אונזער איינעם וואָלט גאָרנישט שווער געווען צו געבן אַן ענטפער אויף דער שאלה: די הויפּט־פּראָבלעם פון דעם יידישן פאָלק איז די פּראָבלעם פון אַ זעלבשטענדיקן נאַציאָנאַלן לעבן, דער קאַמף פון דעם מאָדערנעם פּראָגרעסיוון נאַציאָנאַליזם אַנטקעגן דער אַסימילאַציע. צום גליק האָט אויך באַהר פאַרשטאַנען זיין טעמע אין דעם זעלביקן זין, און זיין גאַנצער רעפעראַט איז געווען

טיפע קריטיק פון דעם אַסימילאַציע־ייד און אַן אויפפאָדערונג, יידן זאָלן זיך אין איידאָפּע אָרגאַניזירן ווי אַ באַזונדערע נאַציע.

דער געדאַנק, פאַרשטייט זיך, איז נישט ניי. ניי איז אָבער, וואָס אַן איידאָפּעאישער ראַדיקאַל רעדט אַזוינע רייד, ווייל ביז אַהער האָט דער איידאָפּעאישער ראַדיקאַל אָדער ריין־עגאָאיסטיש צוגעבאַמקעט צו דער אַסימילאַציע, ווייל זי האָט פאַרמערט זיין אַרמיי מיט פעאיקע שטרייטערס, אָדער ער האָט געמאַכט אַ שווייג ווענן זיינע אמתע געפילן און געדאַנקען, כדי נישט צו באַליידיקן די יידישע גענאָסן.

דענקט זיך באמת אַריין אין דער לאַגע פון אַן אויפגעקלערטן ראַדיקאַל. ער זעט איין די גאַנצע לעכערלעכקייט פון דער יידישער אַסימילאַציע, דעם אומגעהייערן שווינדל פון דעם יידישן „דייטש״, „רוס״, „פראַנצויז״ א. אַז. וו., אָבער וואָס זאָל ער טאָן? ער זעט אין דערזעלביקער צייט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז אויך זיין פיינט, ז. די איינציקע געזעלשאַפטלעכע ריכטונג, וועלכע קעמפט אַנטקעגן דעמדאָזיקן „בלאָף״. האָט נישט אַ רעכט זיין יידישער גענאָסע צו פאַרלאַנגען פון אים, ער זאָל אין דעם פונקט נישט גיין האַנט אין האַנט מיט דעם אַנטיסעמיטיזם? און וועט דער יידישער גענאָסע נישט האָבן אַ רעכט אויך אים צו באַשולדיקן אין אַנטיסעמיטיזם, ווען ער וועט אַרויסגיין און זאָגן צו זיינע יידישע פריינט: „איך גלויב נישט אין אייערע אָנשטעלן. איר וועט קיינמאָל נישט זיין קיין „רוסן״, „דייטשן״, „פראַנצויזן״. יידן זענט איר געוועזן און יידן מוזט איר בלייבן״...

כדי אויסצומיידן דעם חשד אין אַנטיסעמיטיזם, מוז דער ראַדיקאַל מאַכן אַזאַ מינע, אַקוראַט ווי ער וואָלט באמת געגלויבט אין דער פאַרוואַנדלונגס־מיסטעריע פון אַ יידן אין אַ רוס אָדער אַ דייטש, — אַן איבערנאַטירלעכער וווּנדער, וואָס אין אים איז נאָך שווערער צו גלויבן איידער אין דער פאַרוואַנדלונג פון ווייַן און ברויט אין פלייש און בלוט.

הערמאַן באַהר איז אָבער אַלעמאָל געװען אַן „ערץ-עזות-פּנים" און אויך איצטער זאָגט ער אָפן און ערלעך, אַז ער פאַר-שטייט נישט יזי אַזוי אַזאַ װוּנדער קאָן געשען. שילדערנדיק די לעכערלעכקייט פון די רייכע ייִדן, װאָס װילן נאָכטאַנצן נאָך דעם פרעמדן לעבן פון דער ערעמדער אַריסטאָקראַטיע, באַמערקט באַהר, אַז די מיאוסע דערשײַנונג קאָן מען געפינען אומעטום, אַפילו אין דער ליטעראַטור. „װי אומגעהײער נאַריש איז דער געהיימנישפולער אינטערעס, די געהיימנישפולע סימפּאַטיע, װאָס די ייִדישע אויטאָרן װײַזן אַרויס בנוגע צו דעם גערמאַנישן לע-גענדן-קרײַז! יעדער פון דידאַזיקע בערלינער מאָדערנע ייִדן מאַכט אַ פאַרהימלטן פּנים, װי נאָר ער הערט דעם נאָמען פון דעם קעניג אַרטוס. פאַרװאָס? װער איז דער קעניג אַרטוס? מיר געפעלן נישט יענע ייִדן, אָבער פּסיכאָלאָגיש באַװוּנדער איך זיי, איך באַװוּנדער דעם געהירן-קונץ-שטיק, װאָס זיי ברענגען אַרויס".

אין אַן אַנדער שטעל װײַזט ער אויף אויף דעם אַלט-באַ-קאַנטן פאַקט, אַז דער בעסטער לויב פאַר אַן אַסימילירטן ייִדן איז װען מען זאָגט אים, אַז ער איז אייגנטלעך גאָר קיין ייִד נישט. „װאָס זענען דאָס", פרעגט באַהר, „פאַרא מענטשן, װאָס דער העכסטער לויב ביי זיי איז, װען מען זאָגט זיי: דאָס װאָס איר זענט, זענט איר אייגנטלעך נישט? איך האָב אַמאָל געלעזן אַ װוּנדער-שײנעם בריװ, װעלכער איז זייער כאַראַקטע-ריסטיש פאַר דערדאָזיקער גאַנצער פאַרװירונג אין די אויפגעקלער-טע ייִדישע קעפּ, װאָס איך קאָן נישט פאַרשטיין. אַ דיכטער, אַ ייִד, איך רוף אים דאָ דער ייִד א., האָט אָנגעשריבן אַ פּיעסע. אַן אַנדער ייִד, דער ייִד ב., האָט אים שטאַרק אַרונטערגעריסן אין אַ קריטיק. אַ דריטער ייִד, װעמען די פּיעסע פון דעם ייִד א. איז שטאַרק געפעלן געװאָרן, שרײַבט צו אים אַ בריװ װעגן יענער אַרונטעררײַסנדיקער קריטיק און זאָגט: דער הער ב. איז אַ נידערטרעכטיקער קערל. עס ברענגט אים אַרײַן אין כּעס, װי געמיין יענער הער האָט געשריבן װעגן דער פיינער פּיעסע. „אָבער עסט זיך נישט אָפּ דאָס האַרץ דערפון", זאָגט ער צום

סוף, „ווי קאָן דען אַ ייד ווען עס איז פאַרשטיין די הערלעכקייט פון אייער שאַפונג!"

איך קאָן, זאָגט ווייטער באַהר, „אַלע דריי הערן. אַלע דריי זענען יידן. אַלע דריי אָנשטענדיקע מענטשן, און דער, וואָס האָט געשריבן יענעם בריוו, האָט אים געשריבן אין דעם טיפסטן ערנסט. איך קאָן געבן אַ שבועה, אַז דער אַנעקדאָט איז אַן אמת. און איצטער שטעלט זיך פאַר די ברייטע מאַסע פונעם פאָלק, די דורכשניט-אינטעליגענץ פון דעם דייטשישן, פראַנצויזישן, טשעכישן פאָלק, פאַר וועמעס אויגן עס שפּילן זיך אָפּ אַזעלכע דערשיינונגען"...

אַ נאַטירלעכער מענטש מיט אַ נאַטירלעכן נאַציאָנאַל-געפיל קאָן דאָס טאַקע באמת נישט באַגרייפן, ער פאַרשטייט דאָס פשוט נישט.

נאָך אַן אינטערעסאַנטן פאַקט ברענגט באַהר, כדי צו אילוסטרירן זיין געדאַנק.

„איך בין איינמאָל געקומען אין אַן אָרט אין דרום-עסטרייך, ווו צוויי נאַציעס, — אגב, ביידע סלאַווישע, — זענען געשטאַנען אין אַ ביטערן קאַמף, איינע קעגן דער אַנדערער. יעדע פון דידאָזיקע נאַציעס האָט געהאַט אַן אויסגעצייכנטן פירער, ביידע זייער קלוגע, טיכטיקע און געשייטע מענטשן. איינער פון זיי, דר. א., איז געווען — אַן אונגאַרישער ייד. דער אַנדערער, דר. ב. — אַן עסטרייכישער ייד.

נישט ווילנדיק פרעגט מען זיך: וואָס איז דאָס פאַר אַ ראַסע? ווי מוז דאָס דאָרטן אויסזען אין די געהירן פון אַזעלכע לייט? דידאָזיקע יידן מאַכן באַשיינפערלעך אַ גרויסן טעות. געוויס, ווען איך וווין אָפּ אַ סך יאָרן צווישן פראַנצויזן אָדער יאַפּאַנער, קאָן איך ביז צו אַ געוויסן גראַד אַריינגעמען אין זיך דעם גאַנצן געדאַנקען-אינהאַלט פון די פראַנצויזן. וואַרשיינלעך קאָן איך אַפילו אין אַלע זיטלעכע ענינים זיך צופּאַסן צו דעם עמפּפינדונגס-לעבן פון אַ פרעמדער נאַציע. און דאָס, מיינען אַזעלכע יידן, איז גענוג, כדי פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ קינד פון יענער פרעמדער נאַציע.

דאָס איז אָבער נישט אמת. אינם נאַציאָנאַלן לעבן שפּילן די הויפּט־ראָלע די אינסטינקטיווע זאַכן. איך קאָן ווערן אַ פולקאָמענער ענגלענדער אין דענקען און אין עמפינדן. אָבער אַפילו ווען איך זאָל האָבן אָפּגעלעבט צוואַנציק יאָר אין ענגלאַנד, חתונה געהאַט מיט אַן ענגלענדערין און לפנים זיך אינגאַנצן אַסימילירט, וועלן נאָך דעמאָלט אַרויסשפּרינגען קליינינקייטן, וואָס וועלן באַווייזן, אַז איך בין פאָרט נישט קיין ענגלענדער.

איך וועל נישט קאָנען לאַכן דאָרטן, וווּ דער ענגלענדער לאַכט פונם גאַנצן האַרצן, און צוריק וועל איך דערציילן לוסטיקע מעשיות, ביי וועלכע דער ענגלענדער וועט בלייבן קאַלט און ערנסט. אָן אַ שום גרונט וועט פאַר מיר זיין סימפּאַטיש עפּעס אַזוינס, וואָס איז אומסימפּאַטיש דעם עכטן ענגלענדער און אומגעקערט. אינסטינקטיווע זאַכן קאָן מען נישט באַנעמען מיט די געהירן. אָט דאָ, גלויב איך, ליגט דער טיפער פּסיכאָלאָגישער טעות פון דעם אַסימילאַציע־ייד".

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער ראַדיקאַל, פאַר וועמען דער אַסימילאַציע־ייד איז אָדער אַ לעכערלעכע דערשיינונג, אָדער אַ נישט־פאַרשטאַנענע חדה, מוז קוקן גאָר מיט אַנדערע אויגן אויף יענע פּראָגרעסיווע יידן, וואָס באַקענען זיך שטאָלץ צו דער יידישער נאַציע. אַזאַ ייד איז געווען טעאָדאָר הערצל, און הערמאַן באַהר רעדט זייער וואַרעם וועגן אים. ער דערציילט אונז וועגן אייניקע מאָמענטן פון הערצלס לעבן, וואָס האָבן אויך אַן אַלגעמיינעם אינטערעס.

„איך רעכן פאַר איינעם פון דיווירקלעך גרויסע גליקספאַלן אין מיין לעבן", זאָגט ער, „וואָס איך האָב פון מיין יוגנט אָן פּערזענלעך געקאָנט דעם גרעסטן יידן פון אונזער צייט און וואָס איך בין מיט אים געווען זייער באַפריינדעט: מיט טעאָדאָר הערצל. ווייסט איר, וואָס טעאָדאָר הערצל איז געווען, בעת איך בין מיט אים באַקאַנט געוואָרן? ער איז געווען אַ דייטש־נאַציאָנאַלער בורשענשאַפטער. דאָס איז געווען זיין אָנהויב. און ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער דייטשישער בורשענשאַפטער".

באַהר דערציילט אונז, ווי הערצל האָט אַריינגענומען

אין זיינע געהירן דאָס גאַנצע דייטשטום און ווי ער פּלעגט עס פּלאַסטיש אויסדריקן אין אַלע דערשיינונגען פון דעם ווינער סטודענטישן לעבן, אינם רעדן, טרינקען און ביי די דועלן. דערפאַר האָט די „פאַרביקע״ פאַרבינדונג, צו וועלכער הערצל האָט געהערט, אין איין פרימאָרגן באַשלאָסן, מען זאָל אַלע יידן אַרויסיאָגן „פון דער פאַרב״ „קום אינפאַמיאַ״ („מיט שמאַך״)...

אגב אורחא! אויב דער אַמעריקאַנער יידישער לייענער מיינט, אַז אַ „פאַרביקע פאַרבינדונג״ איז אַ נעגער-פאַרבינדונג אָדער אַן אינדיאַנער-פאַראיין, האָט ער אַ טעות. דאָ רעדט זיך עס וועגן סטודענטן-פאַראיינען, וואָס טראָגן געוויסע פאַרבן, ווי סמנים, וואָס באַדייטן... אסור, אויב איך הויב אָן צו וויסן, וואָס זיי באַדייטן! על כל פנים געהערן יענע סטודענטן צו דער ווייסער ציוויליזירטער ראַסע. דאָס מוז מען תמיד געדענקען, אַז נישט, קאָן מען באמת מיינען, אַז זיי געהערן צו די אינדיאַנער.

„דאָס איז געווען״, זאָגט באַהר, „הערצלס גרויסע יוגנט-איבערלעבעניש״. אים, דעם פּעאיקסטן פון זיי אַלעמען, האָבן זיי אַרויסגעשטויסן, און האָבן געהאַט אַ געוויסן לאָגישן רעכט דערצו: זיי האָבן אים געזאָגט: „מיר מוזן ציען די קאָנסעקווענצן פון דיין דייטש-נאַציאָנאַלן געדאַנק״.

הערצל איז אַוועק קיין בערלין, פון דאָרטן קיין פאַריז, ווו ער האָט דורכגעלעבט די גאַנץ גרויסע, אויפרודערנדיקע טראַגעדיע פון זיין לעבן: אַלס אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער „נייער פרייער פּרעסע״ איז ער געווען דערביי, ווי מען האָט פון דרייפוסן אַראָפּגעריסן די עפּאָלעטן. הערצל האָט אָפט דערציילט פאַר באַהרן יענעם וויכטיקן מאָמענט פון זיין לעבן. דערהויפּט האָט געווירקט אויף אים דער אויסדרוק פון האַס, וועלכן ער האָט געזען אויף אַלע פּנימער, אַ האַס נישט נאָר צו דעם קאַפּיטאַן דרייפוס, נאָר צו דעם גאַנצן יידנטום.

ער האָט זיך געפילט אַקוראַט, ווי ער וואָלט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט אין אַ פינסטערער נאַכט און פּלוצלונג איז גע-

קומען אַן אומגעהייערער בליק, וואָס האָט מיטאַמאָל אויף אַ רגע אויפגעדעקט פאַר אים דעם גאַנצן אמת. אין דעם מאָמענט האָט ער זיך געמוזט זאָגן: „דו שטייסט צווישן דידאַקטיקע מענטשן, דו שפּילסט מיט דער קולטור פון דידאַקטיקע מענטשן, דו פילסט דיך נאָך שטאָלץ, וואָס מען גיט דיר דאָס רעכט צוצופּאַסן זיך צו דער קולטור פון דידאַקטיקע מענטשן, וואָס שטעלן זיך אַזוי צו דיר און דיין גלייכן, אָט מיט דעם פאַרצוקטן האַס אין פּנים"...

דאָס איז געווען דער מאָמענט ווען הערצל איז צוריק געוואָרן אַ ייד.

הערמאַן באַהר באַטראַכט די דרייפוס-אַפערע נישט ווי אַ צופעליקן עפּיזאָד אין דעם לעבן פון דעם פראַנצויזישן פאָלק, נאָר ווי אַ נויטווענדיקע דערשיינונג פאַר אַלע צייטן און פעלקער, צווישן וועלכע די יידן וווינען. „די געשיכטע מיט דרייפוסן," זאָגט ער, „וועט זיך אַלעמאָל ווידערהאָלן, כּל זמן די יידן וועלן זוכן זייער עקזיסטענץ אין אַ פרעמדער וועלט. זי וועט אויפהערן אין דעם מאָמענט, ווען די יידן אין אייראָפּע וועלן זיך אַוועקשטעלן אַקוראַט אַזוי ווי אַלע אַנדערע נאַציעס, ווי צוגעהעריקע פון אַ באַשטימטער באַוווסטער אָרגאַניזירטער נאַציע".

באַהרס פאָרלעזונג האָט נאָך אייניקע אַנדערע אינטערעסאַנטע געדאַנקען וועגן דער ראָלע, וועלכע די יידישע נאַציע קאָן שפּילן אין דעם אייראָפּעאישן לעבן. מיר וועלן דאָ ברענגען נאָר דעם פּועל-יוצא, צו וועלכן ער קומט נאָך אַלע זיינע באַטראַכטונגען:

„דאָס איינציקע נויטווענדיקע פאַר יידן און דאָס איינציקנויטווענדיקע פאַר די אַנדערע נאַציעס אין אייראָפּע איז, אַז די יידן זאָלן זיך דערמאָנען אָן זייער אייגענער נאַציאָנאַליטעט, אַז זיי זאָלן זיך אָרגאַניזירן אין אייראָפּע ווי אַ נאַציע, — זיי קאָנען נאָך דערביי בלייבן זייער גוטע, בראַווע מלוכה-בירגער אין יעדער איינצלנער מלוכה, — און אַז זיי זאָלן זיך דערקלערן אין לעבן ווי אַן אָרגאַניזירטע נאַציע. ווען זיי וועלן זיך פילן ווי אַ נאַציע, וועלן זיי, ווילנדיק — נישט ווילנדיק, זיך

מאַן אָוועקשטעלן אויף דער ריכטיקער זייט פון דער מענטש־הייט, אויף דער זייט פון פרייהייט, אויף דער זייט פון דעם פאָלק. אומעטום, ווו עס זענען דאָ געדריקטע, דאָרטן זענען דאָ אייערע פריינט און נישט ערגעץ אַנדערש ווו. זייט די פריינט פון די באַדריקטע, און איר וועט תמיד זיין אויף דעם ריכטיקן וועג״.

הערמאַן באַהרס פאָרלעזונג באַווייזט אונז, ווי פאַלש עס איז דער פחד פון איינזיקע אַסימילאַטאָרן, אַז אונזער צוריקקער צו דעם נאַציאָנאַליזם קאָן אָפּשטויסן פון אונז די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון לאַנד. אדרבה! נאָר אָט דער צוריקקער, אויב ער איז נאָר פאַרבונדן מיט אַן אמת־פּראָגרעסיווער פּראָגראַם, קאָן באַפרייען ביידע צדדים פון יענער אומנאַטירלעכער לאַגע, אין וועלכער די אַסימילאַציע האָט אונז אַריינגעבראַכט, און קאָן נאָר שטאַרקער מאַכן די סימפּאַטיע צו אונזערע פאָלקס־אינטערעסן ביי אַלע אמת־ראַדיקאַלע און אמת־פּראָגרעסיווע מענטשן.

„דאָס נייע לעבן״, מערץ, 1911.

# אַ פאָר ווערטער וועגן יידישן אַנאַרכיזם

(צו דעם 10-יעריקן יובילעאום פון דער „פרייער אַרבעטער שטימע“)

ווי יעדע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג פון אַ פאָלק, וואָס נעמט אָנטייל אין דעם מאָדערנעם פראָגרעס, געהער אויך דער יידישער אַנאַרכיזם צו צוויי וועלט-ספערן: צו דער אַלגעמיין-מענטשלעכער ספערע פון דער באַוועגונג, און צו דער נאַציאָנאַלער ספערע פון דעם פאָלק. דער יידישער אַנאַרכיזם, — ווי קליין און אָרעם ער זאָל נישט זיין, — איז אַ יידישער צווייג אויף דעם אַלגעמיין-אַנאַרכיסטישן בוים און אַן אַנאַרכיסטישער צווייג אויף דעם בוים פון דער יידישער קולטור.

וועלכע אייגנשאַפט איז אין אים גובר די אַנדערע: זיין אַנאַרכיסטישקייט אָדער זיין יידישקייט? אין וואָס ליגט די וויכטיקייט פון דעם אויפטו, וואָס ער האָט אויפגעטאָן? אין דעם, וואָס ער האָט די אַלגעמיין-אַנאַרכיסטישע באַוועגונג באַרייכערט מיט אַ יידישן צווייג, אָדער אין דעם, וואָס ער האָט די יידישע קולטור באַרייכערט מיט דער אַנאַרכיסטישער ריכטונג?

צי די געשיכטע פון דער אַלוועלטלעכער אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק וועט זיך ווען עס איז אָפּשטעלן אויף די צען יאָרגענג „פרייע אַרבעטער שטימע“ און מיט אַ גוטן וואָרט דערמאָנען זיי, בין איך שטאַרק אין ספק: אַזוי ווייניק האָט דער יידישער צווייג אויפגעטאָן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם אַנאַרכיזם איבערהויפט. אָבער דאָס איז פאַר מיר קלאָר ווי דער טאָג, אַז דער געשיכטס-שרייבער פון דער

יידישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק וועט זיך מוזן אָפּ־שטעלן אויף די צען יאָרגענג, כדי אויסצופאָרשן און אָפּצושאַצן זייער ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קול־טור.

דער פאַקט, וואָס די „פרייע אַרבעטער שטימע״ איז אַ יידישע צייטונג, שפּילט אין איר לעבן און אין איר באַ־דייטונג אַ סך אַ גרעסערע ראָלע, איידער דער פאַקט, וואָס זי פּרעדיקט אַנאַרכיזם. סיי אירע לייענער, סיי אירע מיטאַר־בעטער, סיי איר רעדאַקטאָר זענען יידן, אויסגעוויקט אין יידיש־קייט, געזאַלצן און געפּפערט מיט יידישן זאַלץ אין דער אַט־מאָספער פון דעם יידישן לעבן, — זיי מעגן אַפילו דריי מאָל אַ טאָג אָפּלייקענען זייער מינדעסטע שייכות צו אַלץ, וואָס שמעקט מיט אַ יידן, די ענינים, וואָס אינטערעסירן די „פרייע אַרבעטער שטימע״, זענען דאָס רוב גענומען פון דעם יידישן לעבן, אויף וויפל די „פר. אַרב. שט.״ קאָן אויסווירקן אַ וועלכן עס איז דרוק אויף די טעגלעכע דערשיינונגען פון דעם יידישן טאָג.

שטייט אָט דער פאַקט גאַנץ קלאָר פאַר די אויגן פון איר רעדאַקטאָר, פון איר אייגענעם פּירער, וועמעס צען־יעריקע אומדערמידלעכע אַרבעט האָט זי דערהאַלטן ביים לעבן ? ליידער, ניין. ליידער, מיינט ער בתמימות, אַז ער און די „יידישקייט״ קערן זיך איינע די אַנדערע נישט אָן ; אַז זיין צייטונג איז נישט קיין יידישע און אַז ער און זיינע אַנאַרכיסטישע לייענער זענען נישט קיין יידן, נאָר „מענטשן״, מענטשן בכלל, סתם־מענטשן. פון אָט דער קאָסמאָפּאָליטישער בלינדקייט ליידט די קולטור פון דעם יידישן פאָלק און עס ליידט דער אַנאַרכיזם.

אין מיין היינטיקן אַרטיקל וויל איך זיך אָפּשטעלן נאָר אויף דעם צווייטן פּונקט.

ווי יעדע טיף־גרייפנדיקע געזעלשאַפטלעכע לערע, האָט דער אַנאַרכיזם אַ באַשטימטן „גייסט״ און — צו יעדער געגע־בענער צייט — אַ באַשטימטן „בוכשטאַב״. דער בוכשטאַב, דאָס זענען די באַשטימטע מיינונגען און פאָדערונגען, וועלכע די לערע

שטעלט אַרויס אין דער געגעבענער היסטאָרישער עפּאָכע; דאָס זענען, לאָמיר זאָגן, די „באָמבע", די „פרייע ליבע", דער „אַטע-איזם". דער ג ײ ס ט פון דעם אַנאַרכיזם — דאָס איז דער גייסט פון אינדיווידואַליטעט און אָריגינאַליטעט: דער שטאָל-צער פּראָטעסט פון דעם אינדיווידואום און פון דער מינדערהייט, ווען די אַרומיקע סביבה וויל אים אָדער זי איינשלינגען, וויל אים אָדער זי אָפּפאַרבן אין אַ פרעמדע פאַרב, וויל אַריינזעצן אין אים אָדער איר אַ פרעמדע נשמה. דאָס איז דער קאַמף אַנטקעגן דער צופּאַסונגס-קראַפט פון דער מאַיאָריטעט. אינדיווי-דועו וויל דער אַנאַרכיזם, שטאַרקע, קאָנקרעטע, מיט אייגנווילן און מיט אַן אייגענעם קאָפּ אויף די אַקסלען.

די לערע פון דעם „סתם-מענטשן" איז נישט קיין אַנאַר-כיסטישע לערע. דער סתם-מענטש איז נישט קיין אינדיווידואום מיט אייגענע בולטע סמנים. דער סתם-מענטש — דאָס איז נישט שמערל, נישט פייוויש. דאָס איז דאָס, וואָס עס בלייבט איבע-ריק, ווען איך וואַרף אַראָפּ פון חשבון אַלץ, וואָס מאַכט שמער-לען פאַר אַ שמערל און פייווישן פאר אַ פייוויש; ווען איך רייס מיט געוואַלט פון זיי אַראָפּ אַלץ, אין וואָס עס באַשטייט זייער קאָנקרעטער זיין אויף דער וועלט. דער „סתם-מענטש" איז דער קבר פון דער אינדיווידואַליטעט, די וויסטע אַבסטראַקציע, וואָס בלייבט, ווען מען טויט זי איינגאַנצן אָפּ: אַ ליימענער גולם, אַ גלאָמפּ מיט צוויי אויגן.

אָט דער גלאָמפּ מיט צוויי אויגן, אָט די ליימענע פאַר-קוקעניש, אָט דער פּאַטש אין פנים דעם אַנאַרכיסטישן גייסט איז געוואָרן דער ליבלינגס-פּרינציפּ פון דעם יידישן אַנאַרכיזם.

אַ ליימענער גולם קאָן נישט עקזיסטירן אין דערווירק-לעכער וועלט פון מענטשלעכער קולטור; אין דער ווירקלעכער וועלט זענען נישטאָ קיין ליימענע גולמס, נאָר מענטשן פון אַ גאַנץ-באַשטימטער נאַציאָנאַלער פאָרם, אַ גאַנץ-באַשטימטער נאַציאָ-נאַלער נשמה. עס איז דעריבער פאַר דעם יידישן אינדיווידואום אין אַמעריקע פאַראַן נאָר איין ברירה: אָדער בלייבן ביי דער אייגענער יידישער נאַציאָנאַלער פאָרם אָדער אָננעמען די אַמערי-

קאַנער. האָט דער „גלאָמפּ־מיט־צווײ־אויגן־שטאַנדפּונקט" געגעבן פאַר דעם יידישן אינדיווידואום אַזאַ ענטפער: ווארף אָוועק דיין אייגענע נאַציאָנאַלע פאָרם פון דער יידישער מינאָריטעט און גיס זיך צונויף מיט דער פרעמדער נאַציאָנאַלער פאָרם פון דער אַרו־מיקער אַמעריקאַנער מאַיאָריטעט, — אַן ענטפער, פון וועלכן עס מוזן זיך שטעלן די האָר קאַפּויער ביי יעדן איינעם, וואָס האָט נאָר אין זיך אַ טראָפּן פון דעם באמת אַנאַרכיסטישן גייסט.

עס קומען אַהער אַ מיליאָן יידן, אַ קליינינקער מעוט, וואָס האָט זיין אייגענע שפּראַך, אין וועלכער ער דריקט אויס זיינע געדאַנקען און געפילן. דער מעוט לעכצט נאָך בילדונג און וויל האָבן שולן פאַר זיך און זיינע קינדער. די נאַטירלעכסטע זאַך אין דער וועלט וואָלט געווען, ער זאָל האָבן די שולן אין דער שפּראַך, וועלכע ער פאַרשטייט, וועלכע ער ליבט פון קינדוויייז אויף, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פון אים און וואָס איז צוגעפּאַסט צו זיין אינדיווידואַליטעט. קומט די אַמעריקאַנישע מלוכה און זאָגט: אַזאַ! דאָס נישט! ווילסט בילדונג? הויב אָן רעדן און דענקען, ווי איך...

וואָס האָט באַדאַרפט זיין די שטעלונג פון דעם יידישן אַנאַרכיזם אין דעם קאָנפליקט?

וואָלט אין אים געלעבט דער אַנאַרכיסטישער גייסט, דער גייסט פון פּראָטעסט אַנטקעגן דער אַרומיקער סביבה, דער גייסט פון קאַמף אַנטקעגן דער שאַבלאָניזירטער מאַיאָריטעט, וואָלט ער מיט זיין גאַנצן פייער געדאַרפט אַריינרייסן זיך אין דער יידי־שער מחנה און אַריינברענגען אין איר דעם גייסט פון רעוואָלט און זעלבשטענדיקן שטאָלצעם ווילן.

„נישט אונטערגעבן זיך, אינדיווידוען! נישטאָ קיין שפּראַכן־מיוחסים און שפּראַכן־בעטלער! אַלע שפּראַכן האָבן גלייכע רעכט. וייט נישט קיין ליימענע גולמס, אין וועלכע מען קאָן פון דרויסן אַריינבלאָזן אַ נשמה און אַ קולטור. אַנטוויקלט די מענטשלעכע קולטור פון ז י ך אַרויס! זייט דאָס, וואָס איר זענט. לאָזט זיך נישט איינשלינגען פון דעם אַרומיקן שאַבלאָן. און אויב איר האָט נישט קיין כּוח צו צווינגען דער מלוכה, זי זאָל טאָן אייער

זוילן, טוט אייער ווילן אָן איר. לאָמיר זיי באַווייזן, וואָס שטאָל־צע, שטאַרקע, באַוווסטזיניקע אינדיווידוען קאָנען אויפטאָן אָן אַ מ ל ו כ ה: לאָמיר בויען אונזערע אייגענע שולן! לאָמיר לערנען אין זיי דאָס, וואָס מיר ווילן, וואָס א ו נ ז איז נויטיק, נאָך א ו נ ז ע ר שכל, גענומען פון וו אַ נ ע ן מיר ווילן, ו ו אָ ס מיר ווילן און נישט דאָס, וואָס עס לוינט זיך פאַר די פינף און אַכציק מיליאָן, וואָס אַרום אונז און וואָס ווילן אונז אויפפרעסן. דאָס וועט דאַרפן קאָסטן קרבנות? קליינינקע ברואימלעך! איז ווען עס איז וואָס באַשאַפן געוואָרן גרויסעס אין דער וועלט אָן קרבנות? אין דעם בראַנד פון קרבנות ברענט זיך פאַנאַנדער און לייכט פאַר די דורות דער שטאָלץ און דער מוט און דאָס רייכטום פון דעם אינדיווידואומס נשמה!"

אָט דאָס וואָלטן געווען אַנאַרכיסטישע רייד!

האָט מען ווען עס איז געהערט זיי פון דער „פריי־ער אַרבעטער שטימע"?

אָדער נעמט די שבת־פראַגע: טויזנטער, צענדליקער טויזנ־טער יידישע אַרבעטער און קליינע הענדלער וואָלטן זיך געפילט גליקלעך, ווען זיי וואָלטן נישט דאַרפן גיין שבת אין שאַפ און אין קראָם און אין „גאַס"; ווען זייער וועכנטלעכער רו־טאָג וואָלט געווען שבת און נישט זונטיק. קומט די אַמעריקאַנער מלוכה און די אַמעריקאַנער מאַיאָריטעט און לייגט אַ פּראָטעסט: „דער געזעצלעכער רו־טאָג איז זונטיק און נישט שבת". אויף וועמעס זייט האָט זיך געשטעלט דער יידישער אַנאַרכיזם? האָט ער אַריינגעדונערט אין דער יידישער מחנה דעם רוף פון זעלבסט־אַכטונג און טראָץ? האָט ער געהאַלטן פאַר זיין חוב אויפצו־קלערן דעם יידישן עולם, אַז זונטיק איז נישט מער מיוחס, ווי שבת? אַז פרייהייט מיינט לעבן, ווי „א י ך" וויל, און נישט ווי דאָס געפעלט דער מיליאָנענקעפּיקער סביבה? אַז עס איז אַ חוב פאַר יעדן — זען דורכצוזעצן זיין ווילן, אויף וויפל דאָס גרייפט נישט אָן דעם באַרעכטיקטן ווילן פון דעם אַנדערן? אַז דער ייד, ו ו י י ל ער איז אין אַ מינאָריטעט, האָט אין דעם

פֿאַל אַ רעכט צו לעבן נאָך דעם אייגענעם גוסט און נישט נאָכטאַנצן נאָך אַ פֿרעמדן אומגערעכטן געזעץ?

איך בין נישט קיין אַנאַרכיסט. איך בין אַ סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער. איך נעם אָן די מלוכה און גלויב אין דער נויטווענדיקייט פֿון געוויסע געזעצן בכלל. וואָס איך האָב צו זאָגן אין דער פֿראַגע פֿון דעם געזעצלעכן רו־טאָג, איז אַן אַנדערע זאַך, וואָס אינטערעסירט אונז היינט נישט. אָבער איינס איז זיכער: דאָס, וואָס דער יידישער אַנאַרכיסט האָט צו זאָגן אין דער פֿראַגע, פֿאַרשווייגט ער, אָדער ער רעדט אַזוי, אַז דעם אַנאַרכיזם ווערן דערביי איבערגעבראָכן רוק און לענד.

איך וואָלט נאָך געזאָגט: דער יידישער אַנאַרכיזם מישט זיך נישט אין די לעבנס־פֿראַגן פֿון דעם יידישן קוואַרטאַל. ער ווייסט נאָר איין זאַך: פֿריידיקן דעם אַבסטראַקטן אַנאַרכיזם; קאָן מען פֿון אים נישט פֿאַרלאַנגען, ער זאָל האָבן אַ וועלכע עס איז מיינונג וועגן יידישע פֿראַגן. אינדערעמתן אָבער מוז מען מודה זיין צו דעם שבח פֿון דער „פֿרייער אַרבעטער שטימע״, אַז זי האָט אַ סך לעבן אין זיך, אַז זי זוכט זיך אַריינצופֿלעכטן אין אַלץ, וואָס קומט פֿאָר אין אונזער קוואַרטאַל, לכל הפחות, אין זיין ראַדיקאַלן טייל. ס׳איז נישטאָ קיין איין שטיקל זייט־מיר־מוחל, ווו די „פֿרייע אַרבעטער שטימע״ זאָל נישט אַריינשטעקן אירע הענט. עס איז נישטאָ קיין איין־איינציקער גאָנער, צוליב וועמען אונזערע „איוואַן איוואַנאָוויטשעס״ צעקריגן זיך מיט אונזערע „איוואַן ניקיפֿאָראָוויטשעס״, וואָס אויך די „פֿרייע אַרבעטער שטימע״ זאָל נישט האָבן געצופּט אים פֿאַר די פֿעדערן. איך מאַך דערפֿון קיין פֿאָרוואורף נישט דער „פֿרייער אַרבעטער שטימע״. דאָס איז אַ סך גלייכער און אַ סך וויכטיקער פֿאַר דעם אַנאַרכיזם, איידער האַלטן אין איין „בראָקן״ דעם דרייפֿאַלטיקן „אני מאמין״ פֿון דעם וואולגאַרן אַנאַרכיזם: „קיין גאָט איז נישטאָ, אַ כפּרה די מלוכה, ווילסט אַ נקבה — נעם״. אָבער — באַשטייט דען דאָס יידישע פֿאָלק נאָר פֿון די זייט־מוחלס און די גאָנערס? און ווו זענען יענע גרויסע פּראָבלעמען, וואָס די געשיכטע האָט אַוועקגעשטעלט פֿאַר דעם איצטיקן יידישן דור, וואָס

האָט צוגעצויגן צו זיך די בעסטע קעפּ און די בעסטע הערצער פון דער יידישער יוגנט און האָט זיי פאַנאַנדערגעשפּאָלטן אין פארשיידענע פארטייען און לאַגערן? ווו איז דער ציוניזם? דער בונדיזם? דער סיימיזם? האָט דער יידישער אנארכיזם גאָרנישט וואָס צו זאָגן וועגן זיי?

מיר דאַכט, אז ער האָט. וואָלט זיין געדאנק נישט געווען פאַר־היפּנאָטיזירט פון דעם בלייערנעם בליק פון דעם גלאָמפּ מיט צוויי אויגן, וואָלט ער געהאט א ברעקל חוש ארויסצוגעפינען ווו עס ליגט דער מאגנעט פון לעבן, וואָלט ער איינגעזען, אז דאָ, און נישט ביי די „גאָנערס”, שלאָגט נאָך דער דופק פון אינדיווי־דועלער ענערגיע, פון א דראַנג צו א זעלבשטענדיקן שאפן. דעמאָלט וואָלט ער נישט געקאָנט בלייבן גלייכגילטיק צו די אלע פראגן און וואָלט זיך געמוזט קרעפטיק אריינמישן, כדי דורכצו־פירן ז י י ן שטאנדפונקט.

„אייך ציט קיין ציון? ווידער צוריקקערן זיך צו דער נא־טור, צו דעם אייך טייערן פארלאָזענעם לאנד? בויען א ניי, זעלבשטענדיק, פריי לעבן? נישטאָ קיין שענערער אידעאַל פון דעם אנארכיסטישן שטאנדפונקט! פארווירקלעכט אים מיט אלע אייערע כוחות! הערט נישט די מכלומרשטע וויסנשאפטלעכע פּי־ליסטערס, וואָס זיי ווילן אייך אָנפלוידערן גאנצע זעק מיט „אייזערנע געזעצן פון דער נאטירלעכער אנטוויקלונג”, מיט דער „אָנ־מעכטיקייט פון דעם אינדיווידואום לגבי די געזעצן פון דער גע־זעלשאפט!”

„איר, די אינדיווידוען, זענט די באשאפער פון די געזעצן. ווילט! ווילט שטארק און גאנץ מיט יעדן טראָפּן זאפט פון איי־ערע נערוון און זעט, אז די ווירקלעכקייט זאָל זיך בויגן אונטער אייער ווילן. אָבער — אויף וואָסער פּייער דארפט איר די „טשארטערס” מיט די דיפּלאמאטישע אָפּמאכונגען צווישן מלוכות? אין פרייע געזעלשאפטן, פון קיינעם נישט באשיצט, א חוץ אייך, גייט און מאכט ווידער א גן־עדן פון יענעם פּיצעלע ערד, וואָס איז אמאָל געווען אין די הענט פון אונזערע אבות. און האַלט נישט אין איין פריידיקן פאר אנדערע! גייט אליין! טוט אליין!

זייט זיך מקריב! מיט אייער בלוט און לעבן באווייזט, אז איר זענט אינדיווידוען, אז איר האָט אן אייגענעם ציל און אן אייגענעם ווילן. דער וועג, וואָס פירט צום אידעאַל, איז תמיד אויסגעפלאַסטערט מיט קרבנות!..."

„איר ווילט אן אייגענע יידישע פּראָגרעסיווע קולטור אין גלות? א נייע, שיינע פלאנץ אין דעם גאָרטן פון דער מענטשהייט? נישטאָ קיין שענערער אידעאַל פון דעם אנאַרכיסטישן שטאנדפונקט, ווי האָבן די מענטשלעכע קולטור אין פארשיידענע אָריגינעלע פאָרמען, רייך און פארשיידנפארביק אין זייערע געשטאלטן. ווילט! ווילט שטארק און גאנץ מיט יעדן טראָפּן זאַפט פון אייערע נערוון און זעט, אז די ווירקלעכקייט זאָל זיך בויגן אונטער אייער ווילן. אָבער אויף וואָסער פייער דאַרפט איר דערצו די הסכמה פון דער מלוכה? וואָס יאָגט איר זיך נאָכדעם אז אויף אייער אידעאַל זאָל דער מיניסטער ארויפלייגן זיין שטעמפּל און דער זשאנדאַר זיין לאַפּע? קומט, לאָמיר איינאיינעם אין פרייע געזעלשאַפטן, בויען יידישע פּראָגרעסיווע שולן, ביבליאָטעקן, מוזייען, קונסט-פאראיינען. לאָמיר אָן זשאנדאַרן און אָן פאָליציי פאנאנדערבלאָזן די שאַפונגספלאַם פון אונזער פאָלק אַזוי, אז זי זאָל לייכטן און וואַרעמען אין יעדער יידישער שטוב און מאכן שפּראָצן די שאַפונגס-כוחות פון יעדן יידישן אינדיווידואום..."

נאָכאַמאָל: איך בין נישט קיין אנאַרכיסט און וואָלט געקאָנט ענטפערן, וואָס איך האָב דערויף צו ענטפערן. אָבער אויף אַזוי פיל אנאַרכיסטישן גייסט האָב איך אין זיך — צו שפּירן אז א שטיק אמת וואָלט געלעגן אין אזעלכע ריין-אנאַרכיסטישע רייד; אז דער יידישער אנאַרכיזם וואָלט, — אין זיין גאנצער איינזייטיקייט, אין זיין גאנצן עקסטרעם, — געקאָנט ווערן א טרייבנדיקע מאכט, וואָס וואָלט אריינגעשטאָכן אין אונזער פארשלאָפנקייט זיינע רויט-אָנגעגליטע שטעך-אייזנס פון טאַטן-דראנג און שאַפונגס-לוסט, פון זעלבסטאויפאָפּפערונג אין דעם קאַמף פאר אינדיווידואַליטעט.

האָט די יידישע צייטונג פאר אנאַרכיזם, די אנאַרכיסטישע

„פרייע אַרבעטער שטימע" ווען-עס-איז געדעדט צו אונז אַזעלכע רייד? האָט זי פאַרשטאַנען איר פּלאַץ און איר מיסיע אינם יידישן לעבן? האָט זי געוועקט דעם יידישן אינדיווידואום? אויפגעמונטערט אים צום קאַמף פאַר זיין „איך"? אָדער לכל הפּחות אונטערגעשטיצט יענע אינדיווידועןֹ, וואָס האָבן זיך געווענדט צו איר נאָך ראַט און הילף אין זייער קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט?

לאָזט מיר אייך ברענגען נאָר איין קליינינקן ביישפּיל, אויף וועלכן דער רעדאַקטאָר פון דער „פרייער אַרבעטער שטימע" האָט מיר אָנגעוויזן ווי אויף אַ מוסטער פון דער ריכטונג, אין וועלכער ער ווירקט אַלס יידישער אַנאַרכיסט.

א יונגערמאַן, וועמען עס ווילט זיך אויסבילדן זיין שוי-שפּילער-טאַלאַנט אויף אַ יידישער בינע, האָט זיך געווענדט צום רעדאַקטאָר נאָך אַן עצה. דער רעדאַקטאָר גיט אים צו מוט און קוראַזש בזה הלשון: „... אַ חוץ אַלץ פאַרשטייען מיר נישט, וואָרום איר זענט דווקא אַזוי איינגעשפּאַרט צו שפּילן יידיש טעאַטער. איר זענט אַ יונגער מענטש, איר קאָנט זיך אויסלערנען ענגליש, באַזוכן אַ דראַמאַטישע שול און ווערן דאָ אַן ענגלישער אַקטיאָר... די יידן וואַקסן אונטער, לערנען זיך ענגליש, גייען אין מוזיק-האָל, אין ענגלישן טעאַטער אָדער גאָר צו דער אָפּערע. דאַרום איז פאַר אַ יונגנמאַן גאָר אַ קנאַפּע צוקונפט די יידישע בינע": (בריוו־קאַסטן פון דער „פ. א. ש." פון דעם 18-טן סעפּטעמבער 1909).

א יונגערמאַן האָט זיך „איינגעשפּאַרט צו שפּילן יידיש טעאַטער". דאָס איז אפשר דער בעסטער טרוים פון זיין נשמה, דער קלאָרסטער און שאַרפסטער אויסדרוק פון זיין אינדיווידוא-ליטעט. ליבע צו דער דראַמאַטישער קונסט האָט זיך פאַראיי-ניקט מיט דער ליבע צו דער יידישער שפּראַך און האָט אַרויס-געבראַכט אַ שטרעבן צו אַ טעטיקייטס-פעלד, וואָס איז פאַר-בונדן מיט אָפּפער און איז פאַר אַ יונגנמאַן „גאָר אַ קנאַפּע צוקונפט".

וואָס האָט דער יידישער אַנאַרכיזם דערפון געדאַרפט אָפּ-

לערנען און אין וועלכער ריכטונג האָט ער באדארפטווירקן! ער האָט דערפון באדארפט איינזען קלאָר ווי דער טאָג, אז די יידישע אינדיווידואליטעט וויל געפינען איר אויסדרוק אויך אויף יענעם פעלד פון קולטור, וואָס מען רופט דראמאטישע קונסט. ער האָט באדארפט אויפמונטערן דעם יונגגמאן און אלע יונגע־לייט, וואָס שפירן אין זיך דעמזעלביקן דראנג צו דער יידישער דראמאטישער קונסט, זיי זאָלן אזוי גיך זיך נישט לאָזן אונטערגעבן, נישט ווארפן אין איילעניש דעם פייל־און־בויגן, נישט אנטלויפן פון קאמפפלאץ. אָנשטאָט דעם קרייט ער, ווי אן אלטער פיליסטער־האָן, וועגן דעם גרויסן טאָפּ לינזן, וואָס די גרויסע אמעריקאנער מאיאָריטעט האָט אויסגעקאָכט פאר גוטע אמעריקאנער אקטיאָרן...

ווי א טראָפּן וואסער שפיגלט אין זיך אָפּ די גאנצע זון, אזוי האָט דער טראָפּן יידיש לעבן, יידישער קאמף פאר אינדיווידואליטעט אָפּגעשפיגלט אין זיך דעם גאנצן איצטיקן מהות פון דעם יידישן אנארכיזם אין אמעריקע.

דער אנארכיזם, דער הימל־שפאלטער, דער גאָט־באשטורעמער, דער העראלד פון אָריגינעלער טאט און קאמף מיט דער מאיאָריטעט איז דאָ געוואָרן דער פאָנעטרעגער פון דעם גרויסן אמעריקאנער לינזנטאָפּ, א קאָמי־וואָיאַזשאָר ביי דעם אמעריקאנער שאבלאָן...

ניו־יאָרק, צום גדליה, תר״ע.

---

## אַן ענטפער פון דער רעדאַקציע פון דער „פ. א. ש.״*)

קיינע דעבאַטן איצט. און אייגנטלעך איז גאָר נישטאָ וואָס צו דעבאַטירן. יעדע באַשולדיקונג פון אונזער פריינט דר. זשיטלאָווסקי וואָלטן מיר געקאָנט ווידערלייגן מיט הונדערטער ציטאַטן פון דער פ. א. ש., נאָר פאַר דעם איז איצט קיין פּלאַץ נישטאָ, און מיר ברענגען דאַרום בלויז איין נאָטיץ אונזערע איבער דער שבת-פראַגע, געדרוקט דעם 23-טן יאַנואַר, אין נומער 18 פ. א. ש. פון דעם יאָר. זאָל דער לייענער זען, אויב מיר האָבן נישט געטאָן גראָד דאָס, וואָס דר. זשיטלאָווסקי באַהויפּטעט, אַז מיר האָבן געדאַרפט טאָן און נישט געטאָן, אויך וואָס אונז דר. זשיטלאָווסקי געטאָן א ביסל אומרעכט, איבערגעבנדיק בלויז א שטיקל ענטפער פון דעם בריוו־קאַסטן. וואָלט ער אים געגעבן אינגאַנצן, וואָלט ער געוויס נישט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דער רעדאַקטאָר פון דער פ. א. ש. איז געוואָרן דער קאָמי-וואָיאַזשאָר פון דעם אַמעריקאַנער לינזן-טאָפּ. נאָר אַפילו פון דעם ביסעלע, וואָס דר זשיטלאָווסקי האָט אָפּגעדרוקט, איז דאָס אויך נישט צו זען. האָבן מיר דען דעם יונגנמאַן געראַטן, ער זאָל גאָרנישט דענקען פון ווערן א קינסטלער, און ווערן א ביזנעסמאַן און לעבן א טאָג? פאַרקערט, מיר האָבן אים געראַטן צו אַרבעטן מיט אַלע קרעפטן צו ווערן אַן ענגלישער אַקטיאָר, עטוואָס צו וואָס עס פאָדערט זיך פיל מער כוחות און אָנשטרענגונג, ווי צו ווערן א יידישער אַקטיאָר און וואָס עס באַצאָלט זיך פיל ערגער. נאָר וועגן דעם אַלעם אַן אַנדערש מאָל. דערווייל באַט איינך אונזער שטעלונג צו דער שבת-פראַגע:

„אונזערע לייענער פאַרשטייען געוויס, אַז מיר וואָלטן זיך

*) אַזוי ווי איך דרוק איבער מיין אַרטיקל פון דער „פ. א. ש.״ האַלט איך פאַר מיין חוב איבערצודרוקן אויך דעם ענטפער פון דער רעדאַקציע.

דאָס האַרץ נישט אָפּגעגעסן, ווען אַלע יידן אין אַמעריקע וואָלטן אָנגענומען אַלס רו-טאָג דעם טאָג זונטיק אָנשטאָט שבת. פאַרקערט, וואָלטן זיי עס אָנגענומען פרייוויליק, ווייל אַזוי פאַרלאַנגען די אַלגעמיינע פאַרהעלטענישן, וואָלט אונז די מעשה נישט נאָר נישט געערגערט, נאָר גראָד הנאה געטאָן. פאַר אונז וואָלט עס באַטייט, אַז די יידן פאַרגעסן ביסלעכווייז זייער רעליגיע, וואָס טיילט זיי אָפּ פון אַלע אַנדערע מענטשן בלויז דורך אויסערלעכע און אַלטע פאַרשימלטע מנהגים, און ווערן מענטשן, וועלכע טוען דאָס, וואָס עס פאָדערן פון זיי געוויסע לעבנס-באַדינגונגען, און נישט אַ פאַרשטיינערטע רעליגיע. אָבער אין אַמעריקע, אין דער פרייער אַמעריקע, וווּ יעדער האָט אַ רעכט צו דינען זיין גאָט, ווי ער פילט, וויל מען פשוט מיט געוואַלט אַרויפצווינגען אויף געוויסע מענטשן אַ רו-טאָג. מען וויל, אַז דער זונטיק זאָל ווערן דער געזעצלעכער, דער צוואַנג-רו-טאָג פאַר אַלע, און קעגן דעם דאַרף קעמפן סיי דער רעליגיעזער מענטש און סיי דער פרייַדענקער, און דער פרייַדענקער נאָך מער ווי דער רעליגיעזער.

ערשטנס, דערפאַר, ווייל דאָ האַנדלט זיך אום פרייהייט פון געוויסן; צווייטנס, דערפאַר, ווייל דאָ האַנדלט זיך אום די אונטערדריקונג פון איין רעליגיע, אַ שוואַכערע לויט דער צאָל פון אירע אָנהענגער, דורך אַ שטאַרקערע, אַ מעכטיקערע. דריטנס, ווען נישט דער דאָזיקער צוואַנג, וואָלטן די רעליגיע-אונטערשיידונגען במילא פאַרשווּנדן מיט דער צייט. דווקא דערפאַר, ווייל מען הויבט אָן געברויכן צוואַנג, קאָן עס פּאַסירן, אַז דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם פון ביידע זייטן זאָל זיך ערשט שטאַרק צעפלאַקערן — עטוואָס, וואָס איז אפשר זייער וויכטיק פאַר די כּלי-קודש פון די ביידע צדדים, אָבער נישט פאַר די פרייַדענקער פון ביידע צדדים. און דערפאַר דאַרפן אַלע פרייַדענקער, אַלע די, וועלכע פאַרשטייען, וואָס פאַר אַ קללה דאָס איז די רעליגיע, אָנווענדן אַלע כּוחות, דער פינסטערער פאַרזוך פון דער זייט פון אַ סך קריסטלעכע גלחים — צו

מאכן דעם זונטיק פאַר אַן אלגעמיינעם רו-טאָג — זאָל נישט געלינגען.

„אום דאָס דורכצופירן איז, ערשטנס, נויטיק, אז דער זונטיק-טאָג זאָל ווערן פראַקטיש א קאמפס-טאָג. זאָל לכל הפחות די פּאָליציי האָבן דעם גאנצן טאָג זונטיק וואָס צו טאָן; רואיק בלייבן, צומאכן די געשעפטן, און וואַרטן אויפן וואל-טאָג, דאָס איז לעכערלעך און וועט צו גאָרנישט פירן. צווייטנס, האָבן די פריידענקער פון אלע פעלקער א גוטן שאנס איצט צו לאָזן פון זיך הערן. דערווייל איז איצט דער קאמף בלויז צווישן צוויי פינסטערע קרעפטן, און דער פריידענקער שטייט גאָר פון וויַיטן, אזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: „מיין באָבעס דאגה, שלאָגט זיךביידע קאָפּ אָן וואנט". אָבער אזא שטעלונג צו דער פראגע איז ווירקלעך א פאלשע. עס איז א קאמף, אין וועלכן דער פריידענקער האָט א זייער וויכטיקן אינטערעס. ער מוז שריפטלעך, דורך בראָשורן, ארטיקלען אין פארשיידענע צייטשריפטן, און מינדלעך — דורך פארשיידענע מאסנמיטינגען — קלאָר מאכן וועגן וואָס דאָ האנדלט זיך און זיך שטעלן אויף דער זייט פון די אונטערדריקטע קעגן די אונטערדריקער. ער דאַרף נישט מורא האָבן, אז ער העלפט דאָ איין רעליגיע קעגן א צווייטער. ניין, ער העלפט הויפּטזעכלעך דער פרייעם געדאנק. אָבער, וועגן אפילו דאָ וואָלט זיך נישט געהאנדלט אום עטוואָס אנדערש, ווי נאָר אום נישט צו לאָזן איין מחנה פינסטערלינגע אונטערדריקן א צווייטע, איז עס אויך די פליכט פון דעם דענקנדיקן מענטשן שטענדיק צו שטעלן זיך קעגן די אונטערדריקער"

# דער ייִנגסטער שבט

אין גלות זענען מיר אַוועק, ווי א געאייניקט פאָלק. אין דער צייט פון חורבן בית שני איז שוין קיין זכר נישט געבליבן פון אונזער פריערדיקער איינטיילונג אין שבטים. אָבער דאָס גלות-לעבן האָט אונז ווידער דיפערענצירט. מיר זענען פאַנאנדער-געפאלן אין איינצלנע שבטים, וואָס שיידן זיך זייער שטארק אָפּ איינער פון דעם אנדערן. צווישן דעם רוסיש-יידישן שבט און דעם ענגליש-יידישן שבט ליגט א סך א גרעסערער תהום איידער אמאָל צווישן יהודה און אפרים.

און פאר אונזערע אויגן ווערט געבאָרן א נייער שבט, דער ייִנגסטער, און ער ווערט געבאָרן אונטער אזעלכע באדינגונגען, וואָס פאַרשפרעכן אים אַ גלענצנדיקן וווקס און א בכבודיקע ראָלע אין דעם לעבן פון דעם גאנצן פאָלק. סיי עקאָנאָמיש, סיי קולטורעל האָט ער שוין אריבערגעשטיגן דעם מעמד פון זיינע ברידער אויף יענער זייט ים.

אין פארגלייך מיט דער לאַגע אין רוסלאנד און גאליציע, ווו עס געפינען זיך די מאיאָריטעט פון אונזער פאָלק, איז די עקאָנאָמישע לאגע פון דעם נייעם, — א מ ע ר י ק א נ י ש - י י ד י ש ן, — שבט כמעט א גן-עדן.

נאָך די ערשטע פאָר יאָר גיהנום, וואָס דער ניי-אריבער-געקומענער האָט דאָ אין דורכשניט אויסצושטיין, הויבט ער אָן צו פארדינען זיין חיונה דאָס רוב דורך האנט-ארבעט, און ווען אפילו די שכירות זענען ז״ער ווייט פון צו זיין א גערעכטער

לוין פאר דער ארבעטס־קראפט, וואָס ער גיט אויס, — אין דע־רינען זענען שוין שולדיק די יסודות פון דעם איצטיקן סאָציאַלן סיר, — זענען זיי דאָך דורכשניטלעך אַזוי הויך, אַז זיי גיבן דעם יידישן אַרבעטער די מעגלעכקייט צו פירן אַ לעבן, פון וועלכן ער האָט קיין אַנונג נישט געהאַט אין דער אַלטער היים.

„מיר עסן דאָ אַלע טאָג פליישׁ״, האָט מיר אַמאָל אַן אַרבעטער געזאָגט, ווען מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט וועגן די מעלות און חסרונות פון אונזער יידישן לעבן „דאָרטן״ און „דאָ״. עס איז קיין ספק נישט, אַז, נישט קוקנדיק אויף דעם גרויסן יקרות, וואָס דאָ הערשט, דערנערט זיך דאָ די יידישע אַרבעטערשאַפט אַ סך רייכלעכער און געזינטער, איידער זי האָט דאָס געקאָנט טאָן אינדערהיים.

און דאָס אייגענע איז אמת מכּוח אַלע אַנדערע פרטים פון דעם מאַטעריעלן זיין.

נישט קוקנדיק אויף דער צוזאַמענגעפּרעסטקייט אין די גרוי־סע יידישע געטאָס, אויף דעם שמוץ אין די יידישע גאַסן און אין די יידישע הייזער, האָבן די וווינונגען פון דער יידי־שער אַרבעטערשאַפט אַפילו אין די געדיכטסטע גאַסן פון דעם יידישן דיסטריקט אין ניו יאָרק אַ סך מער רוים, לופט, זונען־שיין און היגיענישע באַקוועמלעכקייטן, איידער אַ ווילנער „הויף״, אָדער אַ נאַלעווקער „קעלער־שטוב״, אָדער אַ וועלכער עס איז אַנדערער אָרעמער יידישער קוואַרטאַל אין אַ וועלכער איר ווילט געבענטשטער יידישער שטאָט פון יענער זייט ים.

אַזוי פאַרזיכערן אַלע די, וואָס געדענקען נאָך דעם טעם פון די יידישע היימען אין דער אַלטער היים. און פון מיין אייגענער דערפאַרונג, וואָס האָט זיך אַ ביסל אָנגעשמעקט מיט אָרעם יידיש געטאָ־לעבן אין גאַליציע, אונגאַרן, ווהייטשעפּעל (לאָנדאָן) און אַמסטערדאַם (האָלאַנד) (דאָס אָרעם יידיש לעבן אין רוסלאַנד איז מיר גראָד ווייניקער באַקאַנט), קאָן איך מיט אַ פולער זיכערקייט אַרויסשטעלן די באַהויפּטונג, אַז אַפילו העסטער סטריט און ריווינגטאָן סטריט גיבן אַ סך מער לופט

און ליכט צו זייערע איינוווינער, איידער די אייראָפּעאישע געטאָס.

און די *קליידונג* פון דעם יידישן אַרבעטער שטייט געוויס נישט הינטער זיין שפּייז און זיין וווינונג: עס קאָן נאָך זיין, אַז ער פוכלט אַ ביסל אונטער אין דעם פּרט פון מלבושים אויף דעם חשבון פון אַנדערע נויטיקע באַדערפעניש.

דער מאַטעריעלער מעמד פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט וואָלט געווען נאָך אַ סך גינסטיקער, ווען זי וואָלט געווען בעסער אָרגאַניזירט אין איר עקאָנאָמישן קאַמף, כדי צו באַקומען העכערע שכירות, ווען זי וואָלט דורך קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען בעסער אויסגענוצט די שכירות, וואָס זי באַקומט: ווען זי וואָלט געשטאַנען אויף אַ העכערער קולטורעלער מדרגה און וואָלט פאַרשטאַנען, ווי אָנצווענדן די איינפאַכסטע כללים פון דער היגיענע, און ווען זי וואָלט נישט באַדאַרפט אַזוי פיל *שפּאָרן* און *אָפּשפּאָרן* מזומנים, טיילס צו העלפן די קרובים אין דער אַלטער היים, טיילס אָנצוקלייבן אַ ביסל קאַפּיטאַל אויף אַרויסצורייסן זיך פון דעם אַרבעטערשטאַנד.

דער לייענער פאַרשטייט, האָפנטלעך, אַז איך בין זייער ווייט פון צו באַטראַכטן דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון דעם יידישן אַרבעטער אין אַ ראָזיקער שיין. זאָל דאָס אים, דעם אַרבעטער, איינגיכן צוקומען, וואָס אים פעלט, און הלוואי באַקומט ער באַלד מוט און שכל ווי דאָס צו קריגן! אָבער עס איז אַלץ *רעלאַטיוו* אין אונזער וועלטל. איך זאָג נאָר, אַז אין פאַרגלייך מיט די אָרעמע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אומעטום, איז דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון דער היגער אַרבעטערשאַפט שוין דערפאַר אַליין אַ גן-עדן, וואָס זייער אַ גרויסער פּראָצענט פון איר עסט זיך דאָ אָן צו-דער-זעט, וואָס אַזאַ קליינער פּראָצענט פון איר איז דאָ געצווונגען צו פירן דעם הונגעריקן, אָדער האַלב-הונגעריקן לעבן פון דער היים.

די אַרבעטער זענען דער אָרעמסטער טייל פון דער יידי-

שער באַפעלקערונג, און אויב וועגן זייער מעמד קאָן מען שוין זאָגן אַ גוט וואָרט, קאָנט איר זיך משער זיין, ווי גינסטיק עס מוז זיין דער מעמד פון די העכערע באַלעבאַטישע שיכטן. דאָ דאַרפן מיר שוין אַפילו נישט געברויכן דעם שטאַנדפונקט פון רעלאַטיוויטעט. דער איינדרוק, וועלכן יעדער איינער געווינט פון דעם מיטעלערן און העכערן באַלעבאַטישערן לעבן איז אזא, אַז דאָ אין אַמעריקע פאַרדינט מען די „געשמאַקע דאָלאַרס" און מען פירט פאַר זיי אַ געשמאַקן פעטן לעבן, מיט דעם שמאַלץ, וואָס רינט אַריבער די ליפן.

איך האָב מיך אַ ביסל לענגער אָפּגעשטעלט אויף דער מאַטעריעלער זייט פון אונזער עקזיסטענץ אין „גלות־אַמעריקע", ווייל מיר מעגן זיין ווי אידעאַליסטיש געזינט, מיר מעגן ווי גוט געדענקען, אַז נישט צוליב דעם שמאַלץ, וואָס רינט אַרי־בער די ליפן, לעבט דער מענטש אויף דער וועלט, מוזן מיר פאָרט איינזען, אַז דער עקאָנאָמישער מעמד איז דער י ס ו ד פון דעם פאָלקס־לעבן. עס איז דעריבער זייער וויכטיק צו האָבן אין אויג, אַז ווייניקסטנס אין איין פרט קאָנען מיר זיין שטאָלץ אויף אונזער עקאָנאָמישער לאַגע: אין דעם פרט, וואָס אונזער פאָלק הונגערט נישט אַזוי אָפט און אַזוי אינטענסיוו, ווי אין דאָס רוב אַלטע היימען, דער „חומר" האָט דאָ די מעגלעכקייט צו קומען צו זיין רעכט און אַרויסצוברענגען נייע יידישע דורות מיט אַ העכערן וווקס, אַן אויסגעגלייכטן חוט השדרה, אַ ברייטערן ברוסט־קאַסטן, שטאַרקע מוסקולן און אַ סך אַ רייכערן בלוט אין די אָדערן.

דאָס איז מכּוח דעם גוף. וואָס איז שייך דער „נשמה", איז דאָס בילד פון אונזער יונגן שבט שוין נישט אַזאַ דער־פרייליכס, אָבער אויך דאָ דאַרפן מיר נישט פאַרגעסן דעם שטאַנדפונקט פון ר ע ל אַ ט י וו י ט ע ט און נאָך מער מוזן מיר געדענקען, אַז היסטאָריש גענומען, זענען מיר ערשט אייער־נעכטן פון שיף אַראָפּ, און אַראָפּ זענען מיר הונגעריקע און אויסגעצערטע, אַזוי אַז עס איז קיין ברעקל חדוש נישט, וואָס מיר האָבן זיך אין דער ערשטער מינוט אַ וואָרף געטאָן אויף

דער באַפרידיקונג פון די מאַטעריעלע באַדערפעניש, און די „העכערע עולמות" אָפּגעשטופּט אַ ביסל אָן אַ זייט.

האָט מען אָט די צוויי אומשטענדן אין זין, ווען מען באַטראַכט דעם קולטור־מעמד פון דעם יידישן פאָלק אין אַמע־ריקע, מוז מען, דוכט זיך, קומען צו דעם רעזולטאַט, אַז אויך אין דעם פּרט פון דער קולטור, — אין דעם געוויינלעכן זין פון בילדונג און אויפקלערונג, האָבן מיר זיך נישט וואָס צו שעמען פאַר אונזערע ברידער ערגעץ ווי אַנדערש, און מיר קאָנען אין אַ סך פּרטים נאָך זיין שטאָלץ מיט דער קולטור־מדרגה, אויף וועלכער עס האָט זיך דאָ אויפגעהויבן אונזער פאָלק.

איך רעד שוין נישט וועגן יענע צענדליקער טויזנטער יידן, דאָס רוב פון דער יונגער אַריבערגעקומענער, אָדער היגער געבאָרענער יוגנט, וואָס זענען צוגעשטאַנען צו דער אַמעריקאַ־נער קולטור און זייער אָפּט אַריבערגעיאָגט אין איר דעם איינ־געבאָרענעם אַמעריקאַנער. נעמט מען אַפילו די קולטור אין דער יידישער שפּראַך, — אַ קולטור, וואָס איז אַזוי אָרעם אין שאַפנדיקע כוחות, ווייל די שאַפנדיקע כוחות שטודירן נאָך אין דער פרעמד, — אַ קולטור, וואָס ווערט בדרך כלל באַשאַפן פון דעם עם־הארץ אויף דעם עקאָנאָמישן חשבון פון דעם עם־הארץ, — מוז מען אויך מודה זיין, אַז אַזאַ רייכע מאַסן־קולטור האָט אונזער פאָלק נישט אַרויסגעבראַכט אין ערגעץ נישט.

טעגלעכע צייטונגען מיט אַ לייענערשאַפט, וואָס ציילט אין הונדערט־טויזנטער; זשורנאַלן פאַר אַ קליינער צאָל היימיש־אויפגעצויגענער האַלב־ און פערטל־אינטעליגענץ, וואָס שטייגן אַריבער אין זייער ערנסטקייט, ליטעראַרישן ווערט און סאָציאַל־פּראָגרעסיווער טענדענץ דעם געוויינלעכן אַמעריקאַנער „מאַגאַ־זין"; טעאַטער־ און וואָדעוויל־הייזער; לעקציעס, וואָס ווערן גוט באַזוכט, און ביכער, וואָס ווערן גוט געקויפט, — בעסער איידער ערגעץ ווי אַנדערש, — דאָס אַלץ האָט שוין באַשאַפן אָן איי־גענע יידישע קולטור־אַטמאָספער, וואָס האַלט אויס, גוט אָדער

שלעכט, דעם זשורנאַליסט, און דעם לעקטאָר, און דעם דיכטער, און דעם פּובליציסט, און דעם טעאָרעטיקער.

און אָט די אַמעריקאַניש-יידישע קולטור-אַטמאָספער האַלט נאָך אין גאָר די ערשטע קינדער-יאָרן. מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן ווי מעכטיק זי וועט זיך מוזן פאַנאַנדערוואַקסן, אין יענער צייט, ווען אונזערע קינדער, אָנגעזעטיקט מיט קולטור אין דער פרעמד, וועלן זיך אומקערן צו זייער אויפגאַבע אינ-דערהיים. יענע צייט איז שוין נישט ווייט פון אונז, זי ווערט געבאָרן פאַר אונזערע אויגן. די ערשטע שוואַלבן זענען שוין געקומען צו פליען, און זיי בויען זייערע נעסטן, און עס הערט זיך שוין אין דער לופט זייער פריילעכער צוויטשערן.

איר זאָגט, איך קוק אויף דער זאַך צו אָפּטימיסטיש? איך וועל אייך זאָגן, פונוואַנען מיין אָפּטימיזם שטאַמט. ער פליסט אַרויס פון מיין אַבסאָלוטן גלויבן אין די לעבנס-כוחות און דעם לעבנס-דורשט פון אונזער פאָלק.

מיר זענען דאָ אין אַמעריקע אַ פאָר מיליאָן יידן און באַלד וועט אפשר פאַרטאָפּלט ווערן אונזער צאָל. עס לעבט אין אונז, ווי ביי אונזערע עלטערן און עלטער-עלטערן, דער דאָרשט צו לעבן, ווי אַ פאָלק, וואָס קאָן נאָר אויף אַ ווייל אונטערדריקט ווערן, אָבער קיינמאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן. נאָך די ערגסטע רדיפות, נאָך די געפערלעכסטע שמד-מגפות, נאָך די ווילדסטע משיח-פאַנטאַזיעס, ווען דער לעצטער פונק פון דעם פאָלקס-לעבן האָט, דאַכט זיך, געהאַלטן ביים אויסגיין, האָט אונ-זער פאָלק אַלעמאָל ווידער אויפגעבליט, זיך אַלעמאָל ווידער פאַנאַנדערגעוואַקסן מאַטעריעל און גייסטיק, ווי נאָר ער האָט געפונען אַ פּלאַץ, וווּ ער האָט געקאָנט פריי אָפּעטעמען.

אַמעריקע איז איצטער אָט דער „פּלאַץ. און דאָ פאַר אונ-זערע אויגן שפּילט זיך איצטער אָפּ אַ וויכטיקער פּראָצעס אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק: דאָס געבאָרן ווערן פון אַ פרייעם, שטאָלצן יידישן שבט, וואָס וועט אפשר איבערנעמען די הגמוניע אין דעם ווייטער שפּינען פון דעם יידישן געשיכטלעכן

פאָדים, וואָס וועט על־כּל־פּנים זיין אַ טייל פון דעם אַוואַנגאַרד אין יענעם לעבענס־קאַמף, וואָס אונזער פאָלק איז געצוווּנגען צו פירן פאַר אַ חשובער, געזיכערטער עקזיסטענץ און פאַר אַ פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג.

19־טער מאַי, 1915

# אונזער צוקונפט דאָ אין לאַנד

# אונזער צוקונפט דאָ אין לאַנד

קיינער קאָן נישט וויסן, וואָס עס וועט זיין די צוקונפט פון אונזער פאָלק נישט דאָ אין לאַנד, נישט ערגעץ־ווו אין דער וועלט. פונדעסטוועגן מוזן כמעט אַלע אונזערע האַנדלונגען, — איך מיין, פאַרשטייט זיך, די עפנטלעכע, — אָפּהענגען פון דעם, ווי אַזוי מיר שטעלן זיך פאָר יענע צוקונפט. אָפטמאָל שמועסן מיר זיך איין, אַז מיר ווייסן גאַנץ פּאָזיטיוו, וועלכער גורל עס איז אונז באַשערט; אַז מיר קאָנען אים אויסרעכענען אויף דעם סמך פון גאַנץ זיכערע וויסנשאַפטלעכע הנחות. נאָך עפּטער זענען מיר זיך משער ווי אַן ערך עס וועט זיך על פי וואַרשיינלעכקייט אויסקריסטאַליזירן אונזער לעבן אין אַזוי פיל און אַזוי פיל דורות אַרום.

די גאָר ווייניקע, וואָס זענען שוין מער באַהאַוונט אין די באַדינגונגען פון היסטאָרישן וויסן, פאַרשטייען, ווי שווער עס איז אַפילו על פי וואַרשיינלעכקייט צו זאָגן נביאות וועגן דער צוקונפט פון אַ פאָלק, און אַנשטאָט צו פרעגן: וואָס וועט זיין די צוקונפט? — שטעלן זיי אַוועק די שאלה: וואָס זאָל יענע צוקונפט זיין? צו וועלכן ציל זאָלן מיר שטרעבן אין אונזער אַרבעט צוליב איר? אָבער אויך זיי מאָלן זיך אויס די קינפטיקע צייט, לויט די פאָדערונגען פון זייער אידעאַל.

וואָלטן מיר, צ. ב., געוווסט אויף זיכער, אַז די געשיכטע האָט פאַרמשפּט די יידן אין פוילן צונויפצוגיסן זיך מיט דעם פוילישן פאָלק אין שפּראַך, קולטור און אַלע אַנדערע פּרטים פון

דעם נאַציאָנאַלן לעבן, וואָלטן מיר אסור געהאַט דעם מוט צו קעמפן פאַר דער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג פון דעם יידישן פאָלק און פאַר יענע רעכטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס זאָלן אים געבן די מעגלעכקייט צו פירן דאָרטן אַן אייגן יידיש לעבן.

עס וואָלט אונז ווייניק געאַרט, וואָס דערווייל, אין אַ משך פון פופציק אָדער הונדערט יאָר, וועלן די יידן נישט קאָנען פול אויסנוצן זייער בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג, וויבאַלד זיי וועלן נישט אויסגעגליכן ווערן אויך אין זייערע נאַציאָנאַלע רעכט: — וואָס פאַר אַ ראָלע שפּילן אַ פופציק — הונדערט יאָר אין דעם לעבן פון אַ פאָלק? צוליב וואָס לייגן שטיינער אין וועג דער אומפאַרמיידלעכער אַסימילאַציע? צוליב וואָס באַשאַפן מיטלען, וואָס קאָנען האָבן נאָר איין זין: אויפצוהאַלטן אַ פאָלק אין אַ צושטאַנד פון אַ היגערפלעט, פאַרלענגערן זיין גסיסה און נאָך שווערער מאַכן זיין אומפאַרמיידלעכן טויט?

מיר קעמפן פאַר נאַציאָנאַלע רעכט אין פוילן, ווי אין אַלע סלאַווישע לענדער דערפאַר, ווייל מיר שטעלן אונז פאָר, אַז די צוקונפט פון אונזער פאָלק וועט דאָרטן אָננעמען די פאָרם פון אַ זעלבשטענדיקן נאַציאָנאַל-יידישן לעבן. אייניקע פון אונז גלויבן זיכער און פעסט, אַז אַנדערש קאָן עס נישט זיין, אַנדערע מיינען, אַז דאָס וועט מסתמא אַרויסוואַקסן פון די טענדענצן, וואָס באַהערשן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. ווידער אַנדערע קעמפן פאַר אַזאַ צוקונפט דערפאַר, ווייל זיי ווינשן מיטן גאַנצן האַרצן, אַז אַזוי ז אָ ל דאָס זיין, ווייל זיי ווילן עס, ווייל דאָס איז גוט פאַר אונז.

אויך בנוגע צו אַמעריקע מוז יעדער עפנטלעכער יידישער טוער האָבן אַ קלאָרן באַגריף וועגן אונזער צוקונפט דאָ אין לאַנד, מיט וואָס פאַר אַ וויסנשאַפטלעכן אָדער מאָראַלישן סאָוס ער זאָל נישט באַגיסן זיין צוקונפטס-בילד. נאָר דעמאָלט, ווען ער וועט פאַר זיינע גייסטיקע אויגן די יסודות פון אונזער צוקונפטיקער עקזיסטענץ, קאָן ער האָבן אַ קלאָרן ציל, צו וועלכן

ער זאָל שטרעבן אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, קאָן ער אויסקלויבן און אָפּשאַצן די מיטלען, וואָס זאָלן פירן צו יענעם ציל.

אויך דער שרייבער פון די צײַלן האָט, ווי יעדער איינער פון אונז, אויסגעאַרבעט אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם, אין וואָס פאַר אַ פאָרם עס וועט זיך אויסגיסן אונזער לעבן אין אַמעריקע.

עס איז דאָ נישט מיין אויפגאַבע אויסצושפּינען אַלע יענע אַרגומענטן, וואָס האָבן מיך געפירט צו אַ געוויסן בילד פון אונזער צוקונפט דאָ אין לאַנד, דאָס דאַרף איבערגעלאָזן ווערן פאַר גרעסערע אונטערזוכונגען. דאָ וויל איך איבערגעבן נאָר די יסודות פון יענעם בילד. איך מוז אָבער דערביי באַמערקן, אַז עס האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין אַ פּריוואַט-מיינונג פון אַ פּאָר איינצל-מענטשן. עס מערן זיך גרופּן און יחידים, וועל-כע האָבן דיזעלביקע פאָרשטעלונג וועגן אונזער צוקונפט דאָ אין לאַנד, ווי מיר, און ביי וועמען יענע פאָרשטעלונג הייבט אָן צו שפּילן די ראָלע פון דעם ע נ ד צ י ל, וואָס באַהערשט אַלע באַשטרעבונגען אין זייער אַמעריקאַניש-יידישער טעטי-קייט.

ראשית גלויבן מיר, אַז דער יסוד פון אונזער לעבן אין אַמעריקע וועט זיין נ י ש ט ד י יידישע רעליגיע, נאָר די יידישע נאַציאָנאַליטעט. אינדעראמתן איז דאָס אויך איצטער אַזוי און עס איז אַלעמאָל און אומעטום אַזוי געווען. יידן האָבן אומעטום אין גלות געלעבט ווי אַ נאַציאָנאַלע מינאָריטעט, אומעטום גע-פירט דעם קאַמף פאַר דער מעגלעכקייט צו לעבן ווי אַ נאַציאָ-נאַלער מעוט. ביז דער צייט פון דער אַסימילאַציע האָבן מיר קיינמאָל און אין ערגעץ נישט געלייקנט דעם נאַציאָנאַלן כאַ-ראַקטער פון אונזער עקזיסטענץ. מיר האָבן געדולדיק איבער-געטראָגן די גרויזאַמסטע פאַרפאָלגונגען, כדי נאָר צו בלייבן טריי צו אונזער פאָלק. מיר זענען תמיד געווען אָנגעגרייט אָפּצוטרייסלען פון אונזערע פיס דעם שטויב פון יענעם וואָס

האָט נישט געקאָנט אַריבערטראָגן אונזער באַזונדערע עקזיסטענץ, ווי אַ פאָלק.

ס'איז אמת: די כלי-זין אין אונזער קאַמף פאַר אַן אייגענער עקזיסטענץ, ווי אַ נאַציאָנאַלער מעוט, איז געווען די רעליגיע. אָבער נישט די רעליגיע האָט אונז באַשאַפן ווי אַ פאָלק און נישט אַ דאַנק איר זענען מיר געווען און זענען נאָך עד היום אַ באַזונדער פאָלק. מיר האָבן באַשאַפן די רעליגיע, און דאָס יידנטום עקזיסטירט אַ דאַנק דעם פאַקט, וואָס עס איז דאָ אַ יידיש פאָלק אויף דער וועלט. מיר האָבן אונזער רעליגיע דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ נאַציאָנאַלן חוב פאַר יעדן יידן, ווייל אונזער פאָלק האָט זיך געגנויטיקט אין דעם און ווייל זי האָט געהאַט אין זיך די קראַפט צו דערהאַלטן אונז ווי אַ נאַציע. איצטער פאַרוואַנדלען מיר די אין אַ רשות פאַר יעדן איינצלנעם, ווייל אין אונזער צייט מוז דעם יחיד געגעבן ווערן דאָס רעכט צו גלויבן אין וואָס ער וויל.

דערמיט גופא פאַרלירט די רעליגיעזע יידישקייט איר נאַציאָנאַלן ווערט, און אונזער עקזיסטענץ הויבט זיך אָן איבערצובויען אויף ריין-וועלטלעכע יסודות, וואָס האָבן קיין ברעקל שייכות נישט צו איינעמס גלויבן אָדער נישט-גלויבן.

ערגעץ טרעט נישט אַרויס אַזוי בולט דער וועלטלעך-נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון אונזער עקזיסטענץ, ווי גראָד ביי אונז אין לאַנד. די „קאָנגרעגיישאָנס", — די אָפיציעלע רעליגיעזע פאַרבאַנדן, — שפּילן קיין שום ראָלע נישט אין אונזער עפנטלעכן לעבן, און די אינסטיטוציעס, וועמעס שטים עס לאָזט זיך הערן אין אונזער עפנטלעכקייט, האָבן קיין ברעקל שייכות נישט צו דעם רעליגיעזן גלויבן. דאָס זענען אָרדנס, רינגען, אָרטשאַפטס-פאַראיינען („די אנשי בני"), פּאָליטישע פּאַרטייען, געווערקשאַפטן, צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס דאַרפן באַפרידיקן די אָדער יענע וועלטלעכע נויטן פון זייערע יידישע מיטגלידער, אָנהענגער אָדער לייענער.

אַפילו די יידישע קהילה אין ניו יאָרק, וואָס האָט נאָך נישט אַראָפּגעקראַצט פון אירע פענסטער די באַקאַנטע אויפשריפט:

„בשר כשר", האַלט אויך פאַר איר חוב צו דערקלערן, אַז זי איז געבוירט געוואָרן נישט נאָר פאַר דעם גלויביקן, נאָר אויך פאַר דעם נישט־גלויביקן יידן. לויט אירע גרונט־פרינציפן, דאַרף זי פאַראייניקן אין זיך דעם פרומען ווי דעם פריידענקער, דעם באַלעבאָס, ווי דעם אַרבעטער, דעם בירגערלעכן, ווי דעם סאָציאַליסט.

אין וואָס קאָנען דען יידן זיין פאַראייניקט, ווען מען רעכנט זיך נישט מיט זייער רעליגיע, זייער קלאַסן־לאַגע, זייער פּאָליטישער ריכטונג. עס בלייבט נאָר דער נאַציאָנאַלער פאַקט, אַז מיר זענען יידן, ווילן לעבן ווי יידן, וואָס האָבן אַלגעמיין־יידישע, ד. ה. נאַציאָנאַלע נויטן און אינטערעסן.

דער נאַציאָנאַלער יידישער מצוט פון אַמעריקע וועט דעריבער דאַרפן ווידער אויפהויבן זיין קאַמף פאַר זיין נאַציאָנאַלער מינאָריטעטן־עקזיסטענץ, ווי אין די צייטן, וואָס פאַר דער אַסימילאַציע; זיין אָנגעגרייט צו טראָגן די גרעסטע קרבנות פאַר אָט דער עקזיסטענץ, ווי אַ נאַציאָנאַלע מינאָריטעט, און אָפּצושרייסלען דעם שטויב פון די פיס און ווידער נעמען דעם וואַנדערשטאָק אין די הענט, אויב דאָס לאַנד וועט נישט קאָנען דולדן אונזער עקזיסטענץ, ווי אַ פאָלק.

צום גליק האָבן מיר נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר אַזאַ פּערספּעקטיוו. מיר לעבן נישט אין שפּאַניען אין דער באַרבאַרישער צייט פון דעם מיטלאַלטער, נישט אין פּוילן און רוסלאַנד אין דער באַרבאַרישער צייט פון דעם איצטיקן וועלט־קריג. מיר לעבן אין איינעם פון די פרייסטע לענדער אין דער וועלט, וואָס קאָן נישט פאַרווערן קיין גרופּע צו לעבן ווי זי וויל, בתנאי, זי זאָל זיין איבערגעגעבן צו דעם פּאָליטישן און סאָציאַלן פאָרשריט פון דעם לאַנד, בתנאי, זי זאָל ליבן דעם פרייהייטלעכן כאַראַקטער פון זיינע אינסטיטוציעס און געזעצן, אויף וויפל זיי זענען פרייהייטלעך און גערעכט.

די תנאים נעמט די יידישע נאַציאָנאַלע גרופּע אויף זיך מיט דעם גרעסטן תענוג, ווייל קיין נאַציאָנאַלע גרופּע אין דער וועלט איז נישט אַזוי פאַראינטערעסירט, ווי ..., אַז די יסודות

פון דעם צפנטלעכן לעבן זאָל זיין געבויט אויף פרייהייט און גערעכטיקייט.

מיר שטעלן זיך ווייטער פאָר, אַז אונזער נאַציאָנאַל־קול־טורעל לעבן דאָ אין לאַנד וועט זיין געבויט אויף דעם פונ־דאַמענט פון דער יידישער שפראַך, אין וועלכער מיר וועלן אַריבערנעמען אַלע וויכטיקע אוצרות פון דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור, ווי אויך פון אונזער אייגענעם רייכן העב־רעאישן עבר.

מיר וועלן דערציען אונזערע קינדער אין דער דאָזיקער שפראַך און וועלן באַשאַפן אייגענע פעדאַגאָגישע אינסטיטוציעס פון דער פאָלקס־שול ביז צו די העכסטע אוניווערזיטעטן און ספּעציעלע שולן, אין וועלכע מיר וועלן זיך גרייטן, ווי יידן און מענטשן.

מיר וועלן געצוואונגען זיין דאָס צו טאָן מחמת די פאָלגנ־דיקע טעמים: גערעכנט, מיר לעבן דאָ אין לאַנד, ווי מיר האָבן די גאַנצע צוויי טויזנט יאָר אָפּגעלעבט אומעטום, ווי אַ נאַ־ציאָנאַלע מינאָריטעט, וואָס האָט נישט קיין אייגן בדע־קעלע אייגענע טעריטאָריע אונטער אירע פיס, געשטיצט נאָר אויף אַ גייסטיקער מאַכט, וואָס פאַראייניקט אונז אומעטום, ווו מיר זענען. די גייסטיקע מאַכט איז באַשטאַנען אין אַ באַשטימטן גלויבן. איצטער זעען מיר איין, אַז קיין גלויבן קאָן נישט שפּילן די ראָלע פון אַ נאַציאָנאַלן צעמענט, נישט קיין רעליגיעזער גלויבן און נישט קיין פריי־דענקערישער; נישט קיין פּאָליטישער און נישט קיין סאָציאַלער גלויבן. קיין אידייע אין דער וועלט קאָן נישט פאַראייניקן אַלע יידן, ווייל אַן אידייע איז אַ האַרצנס־זאַך, אַן אינטימע איבערלעבונג פון דעם יחיד און דער בלייבט איר אָנהענגער נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל ער איז מיט איר מסכים.

אַן אידייע, ווי גרויס און הייליק זי זאָל נישט זיין, וועט פאַרמאַסקירן דעם תוך פון אונזער זיין, דעם ריין־נאַציאָנאַלן כאַ־ראַקטער פון אונזער עקזיסטענץ. אַן אידייע וועט אונז פאַרוואַנד־לען אין אַ רעליגיע, אַ סעקטע, אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, אַ פילאָ־זאָפישע ריכטונג, אַן עטישן קאָנווענטיקל. מיר זענען אָבער מער איידער דאָס; מיר זענען עפּעס. וואָס נעמט דאָס אַלץ אַריין

אין זיך. מיר זענען אַ פאָלק. און די גייסטיקע מאַכט, אויף וועלכער מיר בויען אונזער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ, דאַרף זיין דער קלאָרער אויסדרוק פון דעם פאַקט, אַז מיר זענען אַ באַזונדער פאָלק. דאָס דאַרף זיין אַ מאַכט, וואָס איז צוגענגלעך צו יעדן איינעם פון אונז, ווייל יעדער איינער פון אונז איז אַ קינד פון אונזער פאָלק. דאָס דאַרף זיין אַ פאָלקס-מאַכט, וואָס נעמט אַרום דאָס לעבן פון יעדן יידן פון דעם וויגעלע ביזן קבר, ווייל יעדער ייד איז אַ ייד פון דעם וויגעלע ביזן קבר. דאָס דאַרף זיין אַ מאַכט, וואָס בינדט אַלעמען צונויף אין איין יידישן זיין און לאָזט אַלעמען פריי אין אַלע זייערע אָנשויאונגען, גלויבונגען, האָפענונגען, האַנדלונגען. דאָס דאַרף זיין אַ גייסטיקע מאַכט, וואָס זאָל נישט נאָר נישט גיין להיפך צו דעם אַלגעמיינמענטשלעכן פראָגרעס, נאָר וואָס זאָל קאָנען ווערן אַ ווערקצייג אין זיינע הענט, כדי אַריינצוטראָגן זיינע פאָדערונגען אין אַלע ווינקעלעך פון דעם פאָלקס-לעבן.

אַזאַ גייסטיקע מאַכט איז נאָר די יידישע שפּראַך, און דעריבער וועט אונזער פאָלק דאָ אין לאַנד בויען זיין נאַציאָנאַלע צוקונפט אויף איר יסוד. און אונזער פאָלק טוט דאָס איצטער דאָ, ווי עס הויבט דאָס אָן צו טאָן אומעטום. אָבער אין ערגעץ נישט ווערט דאָס נישט געטאָן מיט אַזאַ אימפּעט, מיט אַזאַ דערפאָלג, ווי דאָ, ביי אונז אין לאַנד.

29־טער מאַי 1915.

# אַ פאַרשאָלטענע שאלה

יצחק אייזיקס אַרטיקל וועגן דער יידיש-אַמעריקאַנישער צעלער פרעסע *) איז געוויס ווערט מען זאָל זיך אויף אים אָפּ-שטעלן באריכות. ער רירט אָן אַ פונקט, וואָס איז זייער וויכ-טיק פאַר דעם לעבן פונם יידישן פאָלק אין אַמעריקע און פאַר דעם גורל פון זיין ווייטערדיקער פראָגרעסיווער אַנטוויקלונג. דער ענין פאַרדינט אַרומגערעדט צו ווערן פון אַלע זייטן מיט יענער אָפנקייט און פרייהייט, וואָס ווערן פאַרלאַנגט ביי יעדער ערנ-סטער אונטערזוכונג פון אַן ערנסטער קרענק; בפרט, אַז פון דער קרענק ליידט דאָס גאַנצע גייסטיקע לעבן פון אונזער פאָלק אין דער נייער וועלט.

איך האָף דעריבער, אַז דער אַרטיקל וועט צוציען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע ערנסט-דענקנדיקע מענטשן אין אונזער ראַדיקאַלער באַוועגונג און, אַז זיי וועלן זיך אַרויסזאָגן וועגן דער „פאַרשאָלטענער שאלה", וואָס ער וואַרפט אויף, יעדער לויט זיין שטאַנדפונקט, אָבער אַלע נאָך דעם פרינציפ: „וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג".

ליידער בין איך אַליין נאָך צו ווייניק אינם לאַנד, בין צו ווייניק באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דער ראַדיקאַל-יידי-שער באַוועגונג אין אמעריקע, האָב צו ווייניק שטודירט די פרעסע, איך זאָל מיר קאָנען דערלויבן אַרויסצוטרעטן ווי אַ

*) זע „דאָס נייע לעבן" העפט 7 און 8.

מומחה אין דעם ענין, נישט נאָר כּדי אָפּצושאַצן די קרענק גופא, — דערצו דאַרף מען קיין גרויסער מומחה נישט זיין, — נאָר כּדי אויסצוגעפינען אירע אורזאַכן און ריכטיק אָפּצוּווּעגן די שולד פון יעדן איינצלנעם פאַקטאָר, וועמען מיר האָבן זי צו פאַרדאַנקען. ווי אַ דרויסן-מענטש, מוז איך אָפּוואַרטן מיט מיין סוף-כּל-סופדיקער מיינונג, ביז דער ענין וועט באַלויכטן ווערן פון אַלע זייטן. דערווייל האַלט איך אָבער פאַר מיין חוב, מיט-צוטיילן איינִיקע געדאַנקען, וואָס מוזן, ווי מיר דוכט, אויך אַריינגענומען ווערן אין חשבון, אויב מען וויל געפינען דעם ריכטיקן סך הכּל.

יצחק אייזיק פלייסט זיך צו באַווייזן, אַז די ראַדיקאַלע פרעסע, — דער „פאָרווערטס" און די „וואַרהייט", — זענען אין זייער איצטיקער געשטאַלט נישט מער, ווי קאַפּיטאַליסטישע אונ-טערנעמונגען, וואָס האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן אָן אַלע אַמאָליקע בעטער און האָבן נאָר איין גאָט אין האַרצן: די צירקולאַציע, דעם פאַרקויף. פון דעם נאָכיאָגן זיך נאָך דער מאַסע שטאַמט זייער געלקייט. פון דער אַנדערער זייט אָבער גיט ער אונז צו פאַרשטיין, אַז די יידישע ראַדיקאַלע מאַסע נויטיקט זיך נישט אין דעם געלן האָניק, וואָס מען גיט אים, און אויב זי „גייט אויף אים", איז דאָס נישט דערפאַר, וואָס זי ווערט פון אים צוגעצויגן, נאָר דערפאַר, וואָס זי האָט, נעבעך, קיין אַנדער ברירה נישט.

ווי שטאַרק עס וואָלט זיך נישט געוואָלט גלויבן, אַז יצחק אייזיק איז אין דעם פּרט אינגאַנצן גערעכט, שווימט דאָך אַרויף אַ ספק אין זינען. די אַרויסגעבער פון אונזער געלער ראַדיקאַלער פרעסע זענען דערפאַרענע געשעפטס-לייט. זיי האָבן גע-האַט גענוג צייט אויסצופּרובירן זייערע שיפן אין אַלע וואַסערן (פאַרשטייט זיך, ראַדיקאַלע), אָנצושטעלן די זעגלען נאָך אַלע ווינטן (פאַרשטייט זיך, ראַדיקאַלע). און אויב מיר זעען, אַז זיי יאָגן זיך נישט נאָך ערנסטן לייענ-שטאָף, וועלכן זיי האָבן שוין נישט איינמאָל געפּרוּווט געבן זייערע לייענער, אַז זיי זעען תּמיד צו פאַרבייטן ערנסטע שרייבער אויף לייכט-פלאַטערנ-דיקע, האַרבע שפּייז אויף „געלן האָניק", איז דאָס געוויס אַ

סימן, אַז זיי האָבן טאָג־טעגלעך געמאָסטן די טיף פון אונזער ראַדיקאַלן פּראָוואַסער און אויסגעפונען דעם זיי אינטערעסירנדיקן אמת.

עס האָט זיך געוויס אַרויסגעשטעלט, אַז ווי נאָר זיי פלעגן אַרויפנעמען עפּעס וואָגיקס אויפן שיף, אַזוי פלעגט עס זיך באַלד נעמען זעצן אויפן זאַמדיקן גרונט; און ווי נאָר זיי פלעגן עס אַרויסוואַרפן, ווי אַן איבעריקן באַלאַסט, אַזוי פלעגט עס ווידער אָנהויבן צו ווערן „פלאַט". ביי מענטשן, וואָס האָבן דורכגעמאַכט, גוט אָדער שלעכט, אַ סאָציאַליסטישן חדר, קאָן איך מיר אַנדערש נישט פאָרשטעלן די „ליבע" צו דעם געלן האָניק, סיידן זיי האָבן דורך טעגלעכע פּראָבעס געזוכט און זיכער אויסגעפונען, אַז אויף אָט דעם געלן האָניק, אין פאָרם פון „דער שיינער אַראַבעלאַ", פון „סאַנין", פון פּלאָטקעס, פון געצבלויזטע מדויען־בילדער אין די טאָג־נייעס, פליען מיט גאָר אַן אויסגעצייכנטן חשק אַלע ראַדיקאַלע בינען און פליגן...

אַי, דער „מאָרגן זשורנאַל" און דאָס „טאַגעבלאַט"? פאַרוואָס זענען זיי נישט געל? — מוז מען אפשר, טאַקע, צוגעבן, אַז דער פּראָוואַסער, ד. ה., דער קולטור־מעמד פון דער יידישער „באַלעבאַטישער" וועלט איז אַ סך רייכער, איידער דער קולטור־מעמד פון די ראַדיקאַלע יידישע מאַסן... וואָס פאַר אַ קאָפּ מען האָט, אַזאַ היטל טראָגט מען.

אָבער — לאָמיר זיך אַ ביסל מער צוקוקן צום „היטל". לאָמיר זען, וואָס קאָן מען זאָגן צו זיין זכות. די געלע פרעסע האָבן דאָך נישט מיר, יידן, אויסגעטראַכט. מיר האָבן זי אַריבערגענומען פון דער אַמעריקאַנער זשורנאַליסטיק; ס'איז דעריבער אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן דעם אַמעריקאַנער „דזשוירנאַל" מיט דעם „פאָרווערטס" און דער „וואַרהייט". איך וויל דאָ נישט שטעלן די פראַגע, וועמען קומט די בכורה אין דעם פרט פון ריין־זשורנאַליסטישע פעאיקייטן. איך בין אין דעם קיין מבין נישט, און על פּי סברא דאַרף זי קומען דעם „דזשוירנאַל". איך פרעג אָבער: ווער פון זיי ברענגט אַריין מער ליכט אין די מוחות פון די מאַסן? און איך מוז ענטפערן: דער „פאָרווערטס"

און די „וואַרהייט״, ווייל דער „דזשורנאַל״ האָט געהאַט גאָרנישט אָן זיך צו שטעלן אַזאַ מין אויפגאַבע.

ווי פאַרהאַסט מיר זאָל נישט זיין די וואָלוועלע אויפקלע-רעכץ, ווי עס זאָל נישט קערן פון דער נשמה יענע עם-הארצי-שע ראַדיקאַלעכץ, מיט וועלכער די ראַדיקאַלע פּרעסע פיטערט דעם עולם, מוז איך דאָך צוגעבן, אַז זיי וואַרפן אויף לעבנס-וויכטיקע פּראָבלעמען און באַלייכטן זיי, לויט זייער כּוח, וויסן און פאַרשטאַנד און אפשר לויט דעם קולטור-צושטאַנד פון די מאַסן. אויפקלערנדיקע אַרטיקלען, ווען אַפילו אויבערפלעכלעכע, וועט איר אָבער אין דעם „דזשורנאַל״ נישט געפינען. אונזער געלע פּרעסע שטייט אין דעם פּונקט אויף אַזוי פיל העכער פאַר דער אַמעריקאַנער, אויף וויפל די גייסטיקע באַדערפעניש פון די יידישע מאַסן שטייען העכער פאַר די גייסטיקע באַדער-פעניש פון דער אַמעריקאַנער מאַסע. ס׳איז דאָך כאַראַקטעריס-טיש, וואָס אונזער פּרעסע האָט נישט קיין באַריכטן פון „פּריינ-פייטן״...

און איז דען אַלץ אין אונזער געלער פּרעסע אַזוי „פאַר-בלאָפט״? עס גייט נישט דורך אַ וואָך, איר זאָלט נישט גע-פינען סיי אין „פאָרווערטס״, סיי אין „וואַרהייט״ אַ וועלכע עס איז אינטערעסאַנטע קאָרעספּאָנדענץ פון אַ ל ג י ן, ה מ ב י ט, ל י ט וו י ן, י וּ ש ר, פ ר ו מ ק י ן, אָדער אַן ערנסטע, טאַלענטפו-לע סקיצע, ווען אַפילו זי איז, דאָס רוב, איבערגעדרוקט פון דער אייראָפּעאיש-יידישער פּרעסע. ווען נישט ווען וואַרפט זיך אויך דורך אַן אַרטיקל פון די איצטיקע מיטאַרבעטער, מיט וועלכע קיין אָנשטענדיקע ציַיטונג וואָלט זיך נישט געהאַט מיט וואָס צו שעמען: אַלץ אַזעלכע זאַכן, וואָס איר וועט אין דער אַמעריקאַ-נער געלער פּרעסע בשום אופן נישט געפינען.

איך ווייס, אַז אָט די פאַרטיידיקונג שמעקט, — ווי אַ פריינט האָט מיר אין אַ פּריוואַט-געשפּרעך געזאָגט, — שוין אַ ביסל צו פיל מיט ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער. „זעט, וואָס פאַר אַ פרום פאָלק יידן זענען!״ האָט יענער גרויסער אָפּטי-מיסט אַמאָל אויסגעשריגן, דערזעענדיק, ווי אַ בעל עגלה, אין

טלית און תפֿילין שמירט די רעדער בעתן דאַווענען. „אַפֿילו בעת זיי שמירן די רעדער דאַווענען זיי!" אָבער ווי די מעשה איז, אויך ר' לוי יצחק איז דאָך דעמאָלט געווען נישט אינגאַנצן אומגערעכט. דער פֿאַקט איז, אַז דער בעל עגלה איז פֿאָרט געווען אַ פֿרומער ייד און האָט געדאַווענט. דער פֿאַקט איז, אַז די יידישע געלע פּרעסע, ווי זייער זי זאָל נישט זיין פֿאַרנומען מיטן שמירן די רעדער צוליב דער צירקולאַציע, איז פֿאָרט אַ ראַדיקאַלע פּרעסע. בעתן שמירן דאַווענט זי פֿאָרט און נישט זעלטן אויך גאַנץ האַרציק.

און נאָך אַ פּונקט וויל איך דאָ באַרירן, פֿון וועלכן מיר האָט זיך אַליין פֿריער נישט געגלויבט, איך זאָל קאָנען ווערן אַ שטיקל ר' לוי יצחק בערדיטשעווער. איך מיין דאָ דעם „בינטלבריוו", וואָס דרוקט זיך טאָג-טעגלעך אין „פֿאָרווערטס", וועלכן אַלע האָבן שוין פֿאַרשריען פֿאַר אַ שאַנדפֿלעק אויף זיין פּנים. גלייך מיט אַלע געבילדעטע מענטשן פֿון אונזער קוואַרטאַל, האָב איך אויך געפֿילט אַ ביטערע שנאה און אַ מין פּערזענלעכע באַליידיקונג, זעענדיק, אין וואָס פֿאַר אַ זומפּ דער „פֿאָרווערטס" שלעפּט זיינע לייענער.

פֿאַרשטייט זיך, אַז עפּעטערס לייענען דעם „בינטל" איז מיר קיינמאָל אויפֿן זינען נישט אַרויף. אָבער איינמאָל האָב איך מיר אַ טראַכט געטאָן: דער „בינטל" ווערט געדרוקט צוליב צירקולאַציע, הייסט דאָס, ער באַפֿרידיקט אַ וואָסער עס איז באַדערפֿעניש אין דעם לעבן פֿון דער יידישער ראַדיקאַלער מאַסע. אויב די באַדערפֿעניש איז אַ קראַנקע, אויב דאָס „בינטל" איז אַ טאָג-טעגלעך אייטערנדיקע וווּנד, מוז מען ערשט רעכט שטודירן אים, כּדי אויסצוגעפֿינען דעם מקור פֿון דער קרענק...

און איך האָב גענומען שטודירן אים, שטודירן אים אין דעם פֿולן זין פֿון דעם וואָרט, ווי אַ היסטאָריקער שטודירט געשיכטלעכע דאָקומענטן. ליידער, האָב איך נישט געקאָנט אָפּגעבן פֿיל צייט פֿאַר אַזאַ שטודיום און איך בין נאָכנישט פֿאַרטיק מיט מיינע רעזולטאַטן. אָבער דאָס איז שוין איצטער פֿאַר מיר קלאָר ווי דער טאָג, אַז נישט אַלץ אין דעם „בינטל"

שטאַמט פון אַ קראַנקן, צעפוילטן וואָרצל. אדרבה, איך האָב געפונען, אַז אַ גרויסע און וויכטיקע לעבנס־באַדערפעניש האָלט אויף דעם „בינטל" אין לעבן. דאָס איז די באַדערפעניש פון דער יידישער ראַדיקאַלער מאַסע אויסצוגעפינען אין יעדן פאַרפלאָנטערטן לעבנס־פאַל, וואָס קומט פאָר אין איר לעבן, דעם ריכטיקן וועג פון יושר...

די עמיגראַציע אין אַמעריקע האָט אינגאַנצן צעשטערט יענע זיטלעכע יסודות, אויף וועלכע עס האָט גערוט דאָס לעבן פון די יידישע מאַסן אינדערהיים. די נייע באַדינגונגען פון לעבן, די נייע תורות פון סאָציאַליזם, אַנאַרכיזם און פריידענקערטום, האָבן אַוועקגעשטעלט פאַר דעם געזונטן זיטלעכן אינסטינקט פון דעם פאָלק נייע מאָראַלישע פראָבלעמען, וועלכע דאָס פאָלק מוז אַליין פאַרענטפערן, דורך זיין אייגענער דערפאַרונג און אויף אייגענער געפאַר, ווייל קיינער קומט אים נישט צו הילף אין דעם, נישט דער דענקער, נישט דער בעלעטריסט.

די זיטלעכע פראָבלעמען פון דעם סעקסועלן לעבן, פון דעם פאַמיליען־לעבן, פון דעם פריידענקער־לעבן, וואָס זענען גאָר ערגעץ אין דער יידישער ליטעראַטור נישט באַלויכטן געוואָרן, רייסן זיך אַריין אין די מוחות און די הערצער פון די מאַסן, און אַז עס קומט די בייזע שעה און דאָס לעבן שטעלט איינעם אַוועק פנים לפנים פאַר אַ וועלכן עס איז זיטלעכן אָפּגרונט, שטייט דער מאַסן־מענטש מיט אַ האַרץ, פול מיט ספקות, טרויער און פיין, דעם אַלטן קאָמפאַס פון דער יידישער רעליגיע און דער אַלטער באַלעבאַטישער וועלט־ און לעבנסאָנשויאונג האָט ער פאַרלאָרן, קיין נייעם קאָמפאַס (אַ חוץ אַלגעמיינע, פאַרשוומענע פרינציפן פון דער יידישער ראַדיקאַלעכץ) האָט מען אים נישט געגעבן. פרעגט ער אַ „שאלה־תשובה" אין דעם בית־מדרש פון דעם ראַדיקאַלן געדאַנק, דעם איינציקן בית־מדרש, וואָס ער קאָן, דעם „פאָרווערטס".

איך וויל זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף איינצלנע ביישפילן. בפרט, ווייל איך רעכן צוריקצוקומען צו דעם ענין פון נייע

ויטלעכע פּראָבלעמען ביי דעם יידישן פאָלק אין אַ באַזונדערער אַרבעט.

אָבער איך ראַט יעדן איינעם: לאָז ער דורכנעמען דעם „בינטל" פאַר איין חודש, און ער וועט געפינען אַ מאַסע פון לעבנס-פּראָבלעמען, אויסגעוואַקסן פון די נייע באַדינגונגען, אין וועלכע דאָס יידישע פאָלק לעבט, פון צאַרטע געוויסנס-פלאָגן, אין וועלכע די נייע באַדינגונגען האָבן עס אַוועקגעשטעלט. וואָס איז דעריבער דער חדוש, וואָס דאָס פאָלק איז אַזוי להוט נאָכן „בינטל", אין וועלכן עס האָפט צו געפינען דעם ריכטיקן מורה דרך, וואָס איז פאַרשוווּנדן פון זיין לעבן: אמת, דער „מורה דרך" האָט געמאָגט זיין אַ ביסל אַ טיפערע נאַטור, אַ ביסל מער געבילדעטע און מער ערנסט. ניכּר, די רעדאַקציע אַליין קוקט אויפן „בינטל" נישט מער ווי אויף אַ „שמירעכץ" פאַר אירע רעדער, ווייל די „תשובות" פון איר „גאון" שטייען דאָס רוב נידעריקער פון יעדער קריטיק.

היוצא מדברינו איז: די יידישע געלע פּרעסע אין אַמעריקע שפּיגלט אָפּ דעם קולטור-צושטאַנד פון די יידישע ראַדיקאַלע מאַסן, און פאַרגלייכט מען זי מיט דער אַמעריקאַנער געלער פּרעסע, געפינט מען, אַז זי, די יידישע, איז אַ קולטור-פאַקטאָר, וועמעס ווערט עס קאָן נישט אינגאַנצן אָפּגעלייקנט ווערן. אין דעם פּרט פון קולטור-טראָגעריי שטייט די אַמעריקאַנער געלע פּרעסע אַ סך נידעריקער פאַר איר. אַמעריקע מאַכט אָבער קיין לאַרם נישט פון דער געלער פּרעסע, ווייל אַ חוץ דעם „דזשורנאַל" און די איבעריקע געלע בלעטער האָט אַמעריקע נאָך די „איווניג פּאָסט" און דעם „סאָן" און ווייס איך ווי מען רופט זיי דאָרט די אַלע ערנסטע און אָנשטענדיקע אויסגאַבן, וואָס דינען די אינטערעסן פון דער געבילדעטער עפנטלעכער מיינונג. די געלע פּרעסע פאַרשוואַרצט נישט דעם פּנים פון אַמעריקעס ליטעראַטור, ווייל די ליטעראַטור פון אַ פאָלק ווערט נישט געמאָסטן נאָך די בולוואַר-בלעטלעך, נאָר נאָך דער פּרעסע פון דער אינטעליגענץ.

אונזער צרה איז, וואָס מיר האָבן נאָר די בולוואַר-פּרע-סע, וואָס די אינטעליגענץ פאַרמאָגט קיין איין-איינציקע אָנשטענ-דיקע צייטונג נישט, ווייל אויך דער „מאָרגן זשורנאַל" און דאָס „טאָגעבלאַט" זענען נאָך גאַנץ ווייט צו מעגן פּרעטענדירן אויף דעם טיטל „אָנשטענדיקע אינטעליגענטע פּרעסע". אָבער אין דער צרה איז שוין די ראַדיקאַלע פּרעסע גאָט די נשמה שול-דיק, די שולד פאַלט אויף אונזערע אייגענע אַקסלען...

ס׳איז מיט דער יידישער פּרעסע ווי מיט דעם טעאַטער, וואָס איז אין דער לעצטער צייט אויך אַראָפּגעזונקען ביז צו דער מדרגה פון „דאָס יידישע האַרץ". די יידישע אינטעליגענץ האָט אויך דאָ אויפגעהויבן אַ געשריי, אָבער זי האָט פאַרגעסן גאָר אַ קלייניקייט. זינט זי עקזיסטירט אויף דער וועלט, האָט זי געטענהט, אַז עס דאַרף נישט זיין קיין יידישע אינטעליגענץ. יידיש איז נאָר אַ שפּראַך פאַר יענע „אַנאַל-פאַבעטן" אין ענגליש, וואָס האָבן זיך נאָכנישט אַסימילירט, און דאָס רוב יידישע אינטעליגענץ איז טאַקע אַנטלאָפן צו דער אייראָפּעאישער קולטור. אינדערהיים זענען געבליבן די אומוויסנ-דיקע מאַסן, דאָס קליינע הייפעלע אינטעליגענץ, וואָס איז מחמת דער אָדער יענער סבה געבליבן אינדערהיים, האָט קיין כוחות נישט אויפצוהאַלטן נישט קיין ערנסטן גוטן טעאַטער, נישט קיין ערנסטע, גוטע פּרעסע, און על פּי יושר טאָר זי זיך נישט באַקלאָגן אויף דעם. ווייל אַן אינטעליגענץ, וואָס וויל נישט זיין קיין יידישע, האָט קיין רעכט נישט אויף אַ יידיש-אינטעליגענטן טעאַטער, אויף אַ יידיש-אינטעליגענטע פּרעסע...

יצחק אייזיקס אַרטיקל קלינגט אויס אין דעם געוויס-סימ-פּאַטישן ווונש, עס זאָל באַשאַפן ווערן אַ גוטע טעגלעכע צײ-טונג. „אויב מען וויל נישט אויפגעבן אין פאַרצווייפלונג יעדע קולטור-אַרבעט צווישן דער יידישער מאַסע, זאָגט ער, איז די ערשטע זאַך, וואָס מען מוז האָבן — אַ טעגלעכע צייטונג, וואָס זאָל זוכן צו מאַכן דעם לייענער פאַר אַן אינטעליגענטן מענטשן... צווישן אַ מיליאָן יידן וועלן זיך זיכער געפינען גענוג קונדן

פאַר אַ צייטונג, וואָס אַן אינטעליגענטער מענטש זאָל זיך נישט דאַרפן מיט איר שעמען".

איך ווייס נישט, אויף וויפל מען קאָן זיין זיכער אין דעם חשבון. די גאַנצע רעכענונג אויף דעם הויכן קולטור-צושטאַנד פון דער יידישער מאַסע אָדער, לכל הפחות, אויף דעם דאָרשט צו אַזאַ הויכער קולטור, קאָן זיך ארויסווייזן ווי אַ טעות אין פשט, און דעמאָלט וועט די נייע צייטונג מוזן דורכמאַכן דעמזעלביקן זינדן-פאַל, וואָס דער „פאָרווערטס" און די „וואַרהייט". געטריבן דורך דעם זעלבסטדערהאַלטונגס-טריב, וועט זי זיין געצוווּנגען אויסצוגעפינען יענע מיטלען, מיט וועלכע מען קאָן „געמען דעם עולם", אויף וועלכן מען וויל ווירקן, און אויב דער עולם וועט בלייבן דערזעלביקער, וואָס האָט באַשאַפן דעם „פאָרווערטס" און די „וואַרהייט", וועט ער שוין אויספירן זיינס אויך אין דער נייער צייטונג.

קודם כל וועט ער פאַרלאַנגען, מען זאָל אים מאַכן פליגן געבראָטענע טייבעלעך אין מויל אַריין: לייכטע שטאָף, וועלכע ער זאָל קאָנען אויפנעמען און פאַרדייען, לייענענדיק די צייטונג אין וואַגאָן. אָנשטרענגען דעם מוח איז ער נישט געוווינט, און נישט אַ צייטונג קאָן אים דאָס אויסלערנען. אַ קולטור אָבער, וואָס איר פונדאַמענט זענען געבראָטענע טייבעלעך און אָפגעשיילטע אייעלעך, ד. ה. לייכטע פּלאַטשיקע פּאָפּולאַריזאַציעס, מוז פריער אָדער שפּעטער מגולגל ווערן אין אויפקלערעכץ און ראַדיקאַלעכץ, ווי מיר האָבן זיי ביז אַהער. סוף-כל-סוף וועט די נייע צייטונג זיך זען גענויטיקט אַרויפצוזעצן אירע ערנסטע שרייבער אויף דעם ערשטן, בעסטן אַעראָפּלאַן און אויסריכטן זיי מיט דער ברכה: „השם יצליח דרככם!"

„אויב מען וויל נישט אויפגעבן אין פאַרצווייפלונג יעדע קולטור-אַרבעט צווישן דער יידישער מאַסע", איז אַ צייטונג נישט די ערשטע זאַך, וואָס מען מוז האָבן. צייטונגס-קולטור און צייטונגס-בילדונג האָבן קיינמאָל און ערגעץ נישט באַשאַפן קיין אמת-אינטעליגענטע מאַסע. דערצו מוז מען אָנהייבן אַרבעטן מער אין דער טיף, ווי אין דער ברייט. מען „דאַרף ברייטער מאַכן,

טיפער מאַכן און צונויפגיסן אינאיינעם יענע לעת־עתּה נאָך קליינינקע קולטור־שטראָמען, וואָס האָבן זיך שוין באַוויזן אין דעם לעבן פון אונזער מאַסע, ביי אירע בעסערע טיילן.

מען דאַרף אָרגאַניזירן סיסטעמאַטישע פאָרלעזונ־גען אין אַלע צווייגן פון דער מענטשלעכער וויסנשאַפט; מען דאַרף אָרגאַניזירן שבת־שולן און זונטיק־שולן פאַר דערוואַקסענע מיט אַ פּראָגראַם פון אַן אייראָפּעאיש גימנאַזיום (פאַרשטייט זיך אָן לאַטיין און גריכיש); מען דאַרף אַרויסגעבן ביכער און בראָשורן וועגן אַלע פראַגן, וואָס דאַרפן פאַראינטערעסירן אַ געבילדעטן מענטשן און אַן אינטעליגענטן יידן; מען דאַרף איבערזעצן אין יידיש — און נישט פאַרוואַסערן! — די בעסטע אמתע אויפקלערער פון דער ציוויליזירטער וועלט, די אַלע פייערבאַכס און פּרודאָנס, און ניטשעס און פרידריך אַלבערט לאַנגעס; מען דאַרף איבערזעצן און אַרויסגעבן די בעס־טע בעלעטריסטישע ווערק פון דער מענטשהייט, וואָס האָבן אַזאַ געוואַלטיקע ציוויליזאַטאָרישע קראַפט; מען דאַרף גרינדן ביבליאָ־טעקן (וואָס מער, אַלץ בעסער!) וווּ מען זאָל צונויפקלייבן אַלע די ערנסטע קולטור־קוואַלן, וואָס מיר האָבן שוין אין יידיש; מען דאַרף גרינדן און אָנפירן זעלבסטבילדונגס־פאַראיינען און באַזאָרגן זיי מיט דער נויטיקער ליטעראַטור און מיט די נויטיקע פירנ־דיקע קרעפטן.

זאָגט נישט, אַז די אַלע אונטערנעמונגען זענען לכתּחילה פאַרמשפּט צום טויט, ווייל „די מאַשין פון „פאָרווערטס״ איז דער הערשער איבער דעם ראַדיקאַלן יידישן קוואַרטאַל״; ווייל דער „פאָרווערטס״ קאָן קוילענען יעדע אונטערנעמונג, יעדע באַ־וועגונג מיט זיין שווייגן און ווייל „ווען די דיפּלאָמאַטיע פון „פאָרווערטס״ האָט זיך געשטעלט צום צוועק צו רואינירן אַן אונטערנעמונג, אַ פאַראיין, אָדער אַ פּערזאָן איז — פאַרפאַלן״.

ערשטנס גלויבט זיך אונז נישט, אַז דער „פאָרווערטס״ וועט אָנהויבן אַ קאַמף אָדער אינגאַנצן פאַרשווייגן אַן ערנסטע קולטורעלע באַוועגונג, וואָס וועט ווירקלעך אַרויסווייזן מוט און קראַפט. צווייטנס, זענען אונז באַקאַנט פיל אונטערנעמונגען, וואָס

זענען אויפגעבויט געוואָרן נישט נאָר אָן דער הסכמה פון „פאָרהערטס", נאָר להיפך צו זיין ווילן — נישקשה: מען האָט געהאַט דערפאָלג. און דריטנס, גלויב איך נישט אין דער אייביקייט פון דעם „פאָרווערטס" דעספּאָטישן אַלמאַכט. אַ ב ד ו ל ־ ה אַ מ י ד איז געווען נאָך אַ שטאַרקערע רעאַקציאָנערע מאַכט, און מען איז מיט אים פאַרטיק געוואָרן, וועט מען מיט אַ צייטונגס־מאַשין נישט קאָנען פאַרטיק ווערן?...

די הויפּטזאַך איז, אַז דאָס קליינע הייפעלע אינטעליגענטן, וואָס זענען געבליבן אָדער געוואָרן טריי דעם יידישן פאָלק, און וואָס זענען באמת פאַראינטערעסירט אין אויפהויבן די קולטור־מדרגה פון אונזערע מאַסן, זאָלן נישט זיין אַזוי אָפּגעלאָזן, אַזוי צעמאָלן אויף מעל, ווי איצטער. אַן אָרגאַניזאַציע פון אַלע יידישע באמת־פּראָגרעסיווע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך באַפרייט פון דער קאָסמאָפּאָליטישער אויפקלערעכץ און ראַדיקאַלעכץ און וואָס גלויבן אין דער צוקונפט פון דעם יידישן פאָלק, מוז באַשאַפן ווערן, און איר אַרבעט וועט זיך מוזן אָפּרופן אויף אַלע זייטן פון דעם יידישן לעבן, און נישט נאָר אויף דעם פעלד פון קולטור אַליין.

אָרגאַניזירן די קולטור־שאַפנדיקע און קולטור־ברענגנדיקע קראַפט פון דעם יידישן קוואַרטאַל מוז דעריבער זיין דער ערשטער שריט אין דעם קאַמף אַנטקעגן דער „געלקייט" פון אונזער ראַדיקאַלער פרעסע. טיפע, ערנסטע קולטור־אַרבעט איז דער צווייטער שריט, און ווער ווייס? אפשר וועט די „געלע" פרעסע אַליין צושטיין און אונטערשטיצן אַזאַ אַרבעט, וואָס וועט זי אין דער צוקונפט באַפרייען פון דער טרויעריקער נויטיקייט צו זיין „געל". על כל פנים וועט דאָס שטענדיקע אָנוואַקסן פון ערנסטערע קולטור־קרעפטן אין קוואַרטאַל באַשאַפן אַן אינטעליגענטע עפנטלעכע מיינונג, וואָס וועט האָבן קראַפט גענוג צו צווינגען די „געלע פרעסע", זי זאָל זיך רעכענען מיט דעם ווילן פון דער יידישער אינטעליגענץ.

דאָ, אין דער אָרגאַניזאַציע פון אונזערע אייגענע אינטעליגענטע קרעפטן צוליב אַן אַרבעט, וואָס זאָל אויסבילדן נייע

ד״ר ח. זשיטלאָווסקי

קולטור־שאַפנדיקע און קולטור־פאַרשפרייטנדיקע פאַקטאָרן און דערציען די אין גייסט פון טרייקייט צו דעם יידישן פאָלק, דאָ, זאָג איך, ליגט, ווי מיר דוכט, דער שווערפונקט נישט נאָר פון דער פּראָבלעם, וואָס יצחק אייזיק האָט אויפגעוואָרפן, נאָר אויך פון אַ סך אַנדערע „פאַרשאָלטענע שאלות״, מיט וועלכע דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע איז אַזוי רייך.

דאָס נייע לעבן, 1909. — אין דער לעצטער צייט האָט זיך דער מצמד פון דער יידישער פרעסע זייער שטאַרק אויפגעהויבן. [1918].

# נאָכאַמאָל די געלע פּרעסע

כמעט אין אַלע טיילן אַ פּראָדוקט פון די גרויסע היצן, וואָס האָבן געהערשט דעם סוף זומער אין ניו יאָרק, איז דר. ק. פאַרנבערגס פּאָלעמיק אַנטקעגן אונז אין זיינע אַרטיקלען: „די פליכט פון שווייגן" און „דר. זשיטלאָווסקיס ידישקייט און איידראָפּאָבישקייט", וואָס זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע" פון דעם 28-טן אויגוסט און 4-טן סעפּטעמבער.

ליידן ביי עטלעכע איבער הונדערט גראַד פאַרנהייט, און ווען מען איז נאָך דערצו אינערלעך גוט צעקאָכט, קאָן איינער זאָגן איינעם: אויב דו ביסט נישט קיין מומחה אין אַ וועלכן עס איז ענין און האָסט נישט קיין סוף-כל-סופדיקע מיינונג וועגן אַלע זיינע פּרטים, איז — זיך בעסער און שווייג. ביי אַ קילערער טעמפּעראַטור וואָלט דר. פאַרנבערג געוויס אַליין איינגעזען, אַז די באַשפּרעכונג פון אַ וועלכער עס איז פאַרוויקלטער פראַגע, וואָס איז אין דער פּרעסע נאָכנישט גענוג אויסגעפּאָרשט געוואָרן, איז אַן אַלגעמיינע אָנגעלעגנהייט פאַר אַלע, וואָס אינטערעסירן זיך מיט איר, און אַז יעדער מענטש, וואָס האָט עפּעס צו זאָגן צו איר אויפקלערונג איז מחויב צו זאָגן און נישט צו שווייגן. נאָכמער, ער איז מחויב אָנצוגעבן דעם גראַד פון זיכערהייט, וועלכע ער האָט בנוגע צו דעם אָדער יענעם פּונקט פון דער פראַגע. ער איז פאַרפליכטעט צו העלפן באַלייכטן דעם ענין פון אַלע

זייטן, כדי שפּעטער צו קומען, אינאיינעם מיט די אַנדערע פאַר־שער צו אַ וועלכער עס איז סוף־כל־סופדיקער מיינונג.

דאָס האָב איך געטאָן.

יצחק איידיק איז אַרויס מיט אַ באַשולדיקונג אַנטקעגן דער געלער פּרעסע. ער האָט געבראַכט פאַקטן, אויפגעשטעלט איר כאַ־ראַקטעריסטיק און אָנגעוויזן אויף די אורזאַכן. שולדיק אין דער געלקייט, זאָגט ער, זענען צוויי מענטשן, ראובן און שמעון. ווען די פאַקטן און כאַראַקטעריסטיק האַלט איך מיך נישט פאַר אַ מומחה, ווייל איך האָב באמת מיך זייער ווייניק אָפּגעגעבן מיט דער יידישער פּרעסע. פונדעסטוועגן האָב איך אויך דאָ געפילט, אַז יצחק אייזיק מאָלט שוין צו פיל „געל און געל״, איך האָב דאָך מיט מיינע אייגענע אויגן געלייענט אין דער געלער פּרעסע אַר־טיקלען, „מיט וועלכע קיין אָנשטענדיקע צייטונג וואָלט זיך נישט געהאַט וואָס צו שעמען״.

האָב איך דאָס געזאָלט פאַרשווייגן? וואָלט דאָן דאָס בילד געבליבן איינפאַרביק געמאָלט, ד. ה. איינזייטיק, נישט אמת פאָרגעשטעלט. מיר ווילן דאָך אָבער אַלע וויסן דעם ריכטיקן אמת.

בנוגע צו די פאַקטן און צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער געלער פּרעסע בין איך אין מיין אַרטיקל כמעט אינגאַנצן גע־שטאַנען אויף יצחק אייזיקס שטאַנדפּונקט, אַז מכּוח אידעאַלן איז דאָ נישט שייך צו רעדן, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט קאַפּי־טאַליסטישע אונטערנעמונגען. אויף וויפל דאָס איז אמת, ווייס איך נישט און לאָז איבער די גאַנצע אחריות אין דעם פּונקט אויף יצחק איידיקן. אָבער מכּוח די אורזאַכן פון דער דערשיינונג מעג מען שוין האָבן אַן אייגענע מיינונג. ווי ווייניק מאַרקסיסט איך זאָל נישט זיין, לייגט זיך מיר דאָך נישט אויפן שכל, אַז אַזאַ וויכטיקע דערשיינונג, ווי די געלע פּרעסע, קאָן אינגאַנצן דער־קלערט ווערן דורך דעם בייזן ווילן פון ראובנען און פון שמעונען. עס קאָן זיין, אַז זיי, ראובן און שמעון, מיינען אַליין, אַז זיי זענען די גאַנצע אויפטוערס. באמת אָבער קאָן מען זייער גאַנצע ראָלע פאַרשטיין ערשט דעמאָלט, ווען מען איז באַקאַנט מיט די

אומשטענדן (נישט נאָר עקאָנאָמישע, נאָר אויך אַ סך אַנדערע), וואָס האָבן געמאַכט פאַר זיי מעגלעך דורכצופירן זייער אויפטו אַט אויף די אומשטענדן האָב איך געוואָלט אויפווייזן: אויף דעם קולטור־צושטאַנד פון דער מאַסע, וואָס קויפט די געלע צייטונגען און קוויקט זיך מיט זיי.

דר. פאָרנבערג רופט אָן דעם געדאַנק „באַנאַל און רעאַקציאָנער". דער געדאַנק איז אַקוראַט אַזוי באַנאַל און רעאַקציאָנער, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר. מען קאָן נישט פאַרלאַנגען אַ פּראָגרעסיווערע אָדער אָריגינעלערע כפל־טאַבעלע איידער די, וואָס מען האָט אונז געלערנט אין דער שול.

ביי דר. פאָרנבערג איז דאָס אַ באַשלאָסענע זאַך, אַז מיין אַרטיקל האָט געהאַט אין זינען דעם פאַרבאָרגענעם ציל אונטערצוזהנפּענען זיך צו דער געלער פּרעסע און אָפּצושוואַכן די ווירקונג פון יצחק אייזיקס אַטאַקע אויף איר. אין דעם צווייטן אַרטיקל געפינט דר. פאָרנבערג נאָך אַ פאַרבאָרגענעם ציל: אונטערצוזהנפּענען זיך צו דער „באַלעבאַטישער" וועלט.

יעדן איינעם, וואָס איז מיר חושד, אַז איך וויל מיך צו ווענען עס איז אונטערזהנפּענען און אַז מיט מיין פּעדער פירן נישט די מאָטיוון, וועלכע איך גיב אָן, נאָר וועלכע עס איז אַנדערע, פאַרבאָרגענע, רוף איך אָן מיט מיין גוטמוטיקייט: אַ תּמעוואַטער מענטש. איך וואָלט בנאמנות נישט געמאַכט קיין אויסנאַם אין דעם פּונקט פאַר דר. פאָרנבערג. אָבער אַז אַ „תּם" קאָן דאָך קיין מענטש נישט זיין — צו גלויבן, אַז איך וויל מיך אין דערזעלביקער צייט מאַכן ליב־קינד אי ביי דער ראַדיקאַלער פּרעסע אי ביי דער באַלעבאַטישער.

דר. פאָרנבערג ברענגט אַ פּאָר זייער אינטערעסאַנטע און וויכטיקע ביישפּילן פון דער נישט יידישער פּרעסע, וואָס באַווייזן קלאָר ווי דער טאָג, אַז די סענסאַציאָנעלע צייטונגען האָבן אַלעמאָל אַ גרעסערע צירקולאַציע, איידער די אָנשטענדיקע, און וואַרפט מיר אויף מיט נצחון: „אין קיין לאַנד אין דער וועלט ווערט נישט אַ צייטונג געמאָסטן און געאַכטעט נאָר מיט איר צירקולאַציע".

דער דאָקטאָר באַמערקט אָבער נישט, אַז אַלץ, וואָס ער זאָגט וועגן דעם פּונקט, איז נישט מער ווי אַן אילוסטראַציע צו דעם, וואָס איך האָב געשריבן אין מיין אַרטיקל: „די געלע פּרעסע פאַרשוואַרצט נישט דעם פּנים פון אַמעריקעס ליטעראַטור, ווייל די ליטעראַטור פון אַ פאָלק ווערט נישט געמאָסטן נאָך די בולוואַר-בלעטלעך, נאָר נאָך דער פּרעסע פון דער אינטעליגענץ". הייסט עס, אַז די גאַנצע פראַגע מוז צוריקגעפירט ווערן נישט צו דעם פאַקט, וואָס ראובן און שמעון האָבן באַשאַפן אַ געלע פּרעסע, — אַלע פעלקער האָבן אַ געלע פּרעסע, וואָס אירע געטער זענען סענסאַציע און צירקולאַציע. די גרונט-פראַגע איז, פאַרוואָס האָבן מיר נישט קיין אינטעליגענטע פּרעסע. און די פראַגע קאָן בשום אופן נישט פאַרענטפערט ווערן מיט דעם בייזן ווילן פון ראובנען און שמעונען.

עס איז פאַר מיר קלאָרער איידער דער טאָג, אַז אויב מיר וואָלטן געהאַט אַן אינטעליגענץ, וואָס וויל זיין אַ יידישע, וואָלטן מיר שוין לאַנג געהאַט אַן אָנשטענדיקע יידישע ראַדיקאַלע פּרעסע. אַז איך האָב די טעג גענומען אין האַנט דעם „פאָרווערטס" און האָב געזען ווי ער דערקלערט מיר (גוט אָדער שלעכט), וואָס אַזוינס איז דער „דרום-פּאָל", וואָס איז „טראַנספּאָרט", „עקספּעדיציע", „אַלומיניום", „טערמאָמעטער", און אַזוי ווייטער, בין איך שוין געוואָרן נוטה צו וואַרטן, אַז אין דעם נעכסטן אַרטיקל וועט ער מיר דערקלערן, וואָס איז „חבור" און וואָס איז „חסור", און איך האָב מיר געמוזט זאָגן: די צייטונג גיט מען אַרויס נישט פאַר דיר. ווילסטו פאַר זיך האָבן אַ צייטונג, דאַרפסטו זי ערשט באַשאַפן, און כדי צו העלפן באַשאַפן אַזאַ צייטונג, מוז מען זיין זיכער, אַז אין אַמעריקע זענען שוין גענוג דאָ אינטעליגענטע יידישע לייענער, וואָס נויטיקן זיך, אַקוראַט ווי איך, אין אַן אינטעליגענטער צייטונג.

אין דעם פּונקט אָבער בין איך, — זאָל מיר דער אייבערשטער נישט שטראָפן פאַר די רייד, — נאָך שטאַרק מסופק. און איך זע נישט איין, פונוואַנען זאָל זיך אַזאַ יידישע אינטעליגענץ ביי אונז איצטער נעמען? דאָס רוב יידישע אינטעליגענטן,

וואָס זענען געבליבן טריי דעם פאָלק, לייענען בעסער העברעאיש, איידער יידיש. דער „היום", ווייזט אויס, האָט שוין אַ באָדן אונטער זיינע פיס — אין אַמעריקע! *) דאָס רוב פון דעם איבעריקן טייל יידישע אינטעליגענץ שטייט פּרינציפּיעל אויף דעם „עם־הארצישן" שטאַנדפּונקט: יידיש איז נאָר פאַר עם־הארצים. קאָן איינער פאַרשטיין ענגליש, דאַרף ער שוין קיין יידיש נישט: לאָז ער גיין אין קופּער יוניאָן, אויב ער וויל האָבן וויסנשאַפטלעכע פאָרלעזונגען; לאָז ער לייענען די „איוונינג פּאָסט", אויב ער וויל האָבן אַן אינטעליגענטע צייטונג.

בלייבט די פראַגע שטיין, ווי איך האָב זי אַוועקגעשטעלט: ווי מאַכט מען, אַז ביי דער יידישער מאַסע זאָל אַרויסגעשלאָגן ווערן די אַסימילאַציע־טענדענץ פון די מוחות, — דער הויפּטקוואַל פון אַ סך, אַ סך אונזערע אומגליקן אין גלות! ווי מאַכט מען, אַז פון דער יידיש־נאַציאָנאַליזירטער מאַסע גופא זאָל אויסוואַקסן אַ יידישע אינטעליגענץ, וועלכע וועט שוין ממילא באַשאַפן יענץ היטל, וואָס וועט פּאַסן צו איר קאָפּ. דאָ ליגט דער שווערפּונקט פון דער פאַרשאָלטענער שאלה. קיין אויף־די־גלייכע־ווענט־רייסן־זיך פון דר. פאָרנבערג וועט זי נישט אַ ריר טאָן פון אָרט, און יעדער פרווו אָפּצולענקען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם צענטראַל־פּונקט אויף איבערפלעכלעכע קלייניקייטן, אויף ראובנס סענסאַציע־לוסט און שמעונס צירקולאַציע־לוסט, איז אַ מניעה, אַ שעדלעכע שטערונג אין דעם וועג צו יענעם ציל, אויף וועלכן דאָס הייפעלע יידישע אינטעליגענטן, וואָס מיר פאַרמאָגן נאָך, דאַרף קאָנצענטרירן אַלע זיינע קולטור־שאַפנדיקע כוחות.

מיר גייען איבער צו דעם צווייטן אַרטיקל. אַ גרויסער טייל פון אים באַשעפטיקט זיך מיט דעם „קניקס", וואָס איך האָב, נאָך דר. פאָרנבערגס מיינונג, געוואָלט מאַכן דער באַלעבאַטישער וועלט. דער „קניקס" באַשטייט אין די ווערטער:

„אַי, דער „מאָרגן זשורנאַל" און דער „טאַגעבלאַט"? פאַר־

---

*) דאָס האָט זיך נאָר אַזוי אויסגעדריקט... [1918.]

וואָס זענען זיי נישט געל? מוז מען אפשר טאַקע צוגעבן, אַז דער פּראָוואַסער, ד. ה. דער קולטור־מעמד פון דער יידישער „באַלעבאַטישער״ וועלט איז אַ סך רייכער, איידער דער קולטור־מעמד פון די ראַדיקאַלע יידישע מאַסן... וואָס פאַראַ קאָפּ מען האָט, אַזאַ היטל טראָגט מען״.

אַ גאַנצן פּאָנטאַן פון תרעומות, חשדים און פשוטע באַליידיקונגען האָט דר. פאָרנבערג אַרויסגעשפּריצט אויף מיר פאַר אָט די פּאָר ווערטער.

„די „רייכקייט״ פון דער באַלעבאַטישער פּרעסע און דער „ריינער״ קולטור־מעמד פון דער „באַלעבאַטישער״ וועלט, זענען ביידע אַ חלום, זיי עקזיסטירן נאָר אין דר. זשיטלאָווסקיס ריי־כער פאַנטאַזיע״. דאָס איז דער רעזולטאַט, צו וועלכן דר. פאָרנ־בערג קומט וועגן דעם פונקט.

קודם כל האָט ער פאַרגעסן, אַז דער פאַקט גופא פון דער נישט־געלקייט פון דער „באַלעבאַטישער״ פּרעסע האָב איך בתמימות אַריבערגענומען פון יצחק אייזיקן. יצחק אייזיק שרייבט: „עס איז אַ פאַקט, אַז די צוויי קאָנסערוואַטיווע צייטונגען, דער „טאַגעבלאַט״ און דער „מאָרגן־זשורנאַל״ זענען נישט געל און האָבן פונדעסטוועגן פונקט אַזאַ צירקולאַציע ווי די צוויי געלע צייטונגען. הייסט דאָס דען, אַז די אָפּגעשטאַנענע יידן גלייכן אַן אָנשטענדיקע צייטונג, בעת דער ראַדיקאַל־געזאָנענער יונגער דור וויל דווקא אַ געלע שמאַטע? וואָס איז דער שכל דערפון? יעדע זאַך דאַרף דאָך האָבן אַ זין״ („דאָס נייע לעבן״, זייט 468). אין מיין אַרטיקל שוואַך איך אָפּ אַ ביסל דעם „פאַקט״, וועלכן יצחק אייזיק שטעלט אַוועק אַזוי זיכער און פעסט. „אויך דער „מאָרגן־זשורנאַל״ און דאָס „טאַגעבלאַט״, זאָג איך, זענען נאָך גאַנץ ווייט פון צו מעגן פּרעטענדירן אויף דעם טיטל: אָנשטענדיקע אינטעליגענטע פּרעסע״ („ד. נ. ל.״, ז. 506). אָבער שטעלנדיק זיך אויף דעם פאַקטישן באָדן, וועלכן יצחק אייזיק גיט אונז, פרעג איך אויך אינאיינעם מיט אים: „וואָס איז דער שכל דערפון? יעדע זאַך דאַרף דאָך האָבן אַ זין!״

וואָלט איך געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דער ראובן־שמעון־טעאָריע, וואָלט „דער שכל דערפון" געווען גאָר אַ פּשוטער: צוויי מענטשן, לוי און יהודה, בטבע אָנשטענדיקע, וואָס האָבן פּײַנט שנאת־מות סענסאַציע און צירקולאַציע, האָבן באַשאַפן צוויי אָנשטענדיקע צײַטונגען.

איך האָב נישט די ערע פּערזענלעך געקענט צו קענען די הערן פון „טאָגעבלאַט" און „מאָרגן־זשורנאַל" און וויל בשום אופן נישט אַרויפוואַרפן קיין ברעקל חשד אויף זייער אָנשטענ־דיקייט, און אויב איך גלויב נישט אָט אין דעם פשוטן „שכל דערפון", איז ווײַל איך גלויב איבערהויפּט נישט אין דער ראובן־שמעון־טעאָריע. עס לייגט זיך מיר בעסער אויפן שכל אָנצונע־מען, אַז אויב דער קולטור־מעמד פון דער באַלעבאַטישער וועלט וואָלט נישט געווען קיין העכערער, איידער דער קולטור־מעמד פון די יידישע ראַדיקאַלע מאַסן, וואָלטן די מלאכים, לוי און יהודה, נישט געקאָנט דורכפירן זייער מיסיע.

ס'פאַרשטייט זיך, אַז ווען איך זאָג דער קולטור־מעמד, מיין איך נישט דעם מעמד פון דער פּ ר אָ ג ר ע ס י וו ע ר קולטור. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דאָס „טאָגעבלאַט" און דער „מאָרגן־זשור־נאַל" זענען קאָנסערוואַטיווע, נישט קיין פּראָגרעסיוו־ראַדיקאַלע צייטונגען, אָבער די ריכטונג פון דער קולטור און דער מעמד פון דער קולטור זענען צוויי פאַרשיידענע זאַכן. עס קאָן געמאָלט זיין אַ העכער מעמד פון אַ קאָנסערוואַטיווער קולטור בײַ דער באַלעבאַטישער וועלט, און זייער אַ נידעריקער מעמד פון אַ פּראָ־גרעסיווער קולטור בײַ די מאַסן.

מיר דוכט נאָך עד היום, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי, די באַלעבאַטישע וועלט האָט געהאַט איבערהיים אַ וועלכע עס איז יידישע דערציאונג, זי האָט געלייענט אַ העברעאיש ביכל און אַ העברעאישע צייטונג. און אַפילו ווען זי האָט זיך אינטערע־סירט מער נישט ווי מיט דעם תנ"ך און דעם משניות, איז דאָס שוין אויך גענוג צו געבן די מוחות אַזאַ שפּייז, אַז זי זאָל עקלען פון די סענסאַציאָנעלע פאַמיליען־פּלאָטקעס און פון דער מער אָדער ווייניקער צוגעפּוצטער זנות־ליטעראַטור. זיי מוזן

שטעלן העכערע פאָדערונגען צו דער קוואַליטעט פון דעם לייענשטאָף, וואָס מען גיט זיי. ווי ראַדיקאַל מיר זאָלן נישט באַקעמפן די ריכטונג פון דער באַלעבאַטישער וועלט, קאָנען מיר דאָך נישט אָפּלייקענען, אַז זי (און נישט די מאַסן) האָט באַשאַפן די רייכע און טיף־מאָדערנע העברעאישע ליטעראַטור אינדערהיים. דאָס מוז זיך, פאַרשטייט זיך, אָפּרופן אויך אויף די פאָדערונגען, וואָס זי שטעלט צו דער יידישער פרעסע.

וועלכע דערציאונג האָט אָבער געהאַט אונזער מאַסע? דעם פינסטערן יידישן חדר ביז צום צענטן יאָר? די צרהדיקע תּלמוד תּורה? און ווי גרויס איז דער פּראָצענט פון איר, וואָס האָט געהאַט אַפילו אַזאַ דערציאונג? יעדן איינעם איז באַקאַנט, אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכן צושטאַנד עס געפינט זיך די יידישע פאָלקס־דערציאונג אינדערהיים, ווי ווייניק קולטור, אָרטאָדאָקסיש־יידישע אָדער מאָדערן־פּראָגרעסיווע, אונזער חושכדיקע פאָלקס־פּעדאַגאָגיע האָט געקאָנט געבן די פאָלקסמאַסן. פונוואַנען האָבן זיי געזאָלט נעמען אַ וועלכן עס איז ערנסטן קולטור־מעמד? עס איז, דעריבער, אפשר אָנצונעמען, אַז די קאָנסערוואַטיווע פּרעסע שפּיגלט אָפּ דעם קולטור־מעמד פון דער „באַלעבאַטישער״ וועלט, ווי די ראַדיקאַלע — דעם קולטור־מעמד פון די מאַסן. איך זאָג: אפשר, ווייל איך בין דערינען נישט זיכער. אין אַלע ערנסטע פראַגן פון דעם יידישן לעבן מוזן מיר טאַפּן אין דער פינסטער, ווייל מיר האָבן נישט קיין סטאַטיסטיק, און מיר ווייסן נישט, וואָס פאַר אַ שול־בילדונג עס האָבן געהאַט אונזערע „בעלי־בתּים״ און אונזערע מאַסן...

דאָס זענען אויך אַלץ אַזעלכע באַנאַלע געדאַנקען, אַז עס איז פּשוט אַ חרפּה צו דערקלערן זיי אַ מער אָדער ווייניקער געבילדעטן מענטשן. אָבער דעם דר. פאָרנבערג זענען זיי גאָר אויפן זינען נישט אַרויף. די אויבן־ציטירטע פּאָר ווערטער וועגן דער באַלעבאַטישער וועלט און פּרעסע האָבן אין זיין מוח אַרויסגערופן אַ קאַנקאַן פון פאַנטאָמען און געשפּענסטער, שדים און לצים האָבן זיך גענומען דרייען פאַר זיינע אויגן אין אַ ווירבער. אַ קאַמף פון יידישקייט און אייראָפּעאישקייט, אַ גלוסט

אַריינצוּוואַרפן זיך אין די אָרעמס פון דער באַלעבאַטישער וועלט, אַ בעל־תשובה־שטימונג און אַ חרטה, וואָס איך געהער צו דעם סאָציאַליסטישן און רעוואָלוציאָנערן לאַגער. און אָט דער גאַנצער וויכער פון דבוקים און לעגטעכער האָט זיך צו־בריפגעקנוילט אין זיינע שלום־ווערטער: „אַ גרויסן פּאָליטישן פעלער, זאָגאַר אַ קולטור־פאַרברעכן באַגייט דער, וועלכער — ווי עס שיינט צו זיין דער פאַל אויך מיט דר. זשיטלאָווסקי — ווענדט זיך אָפּ פון די יידישע מאַסן, כדי צו וואַרפן זיך אין די אָרעמס פון די יידישע באַלעבאַטים“...

וואָס פאַר אַן „עורבא פרח“!

דעמזעלביקן גראַד פון קלאָרן פאַרשטאַנד האָט דר. פאָרנבערג אַרויסגעוויזן אין זיין קריטיק פון יענע מיטלען, וואָס איך שלאָג פאָר, כדי צו באַקעמפן די „ראַדיקאַלעכץ“ און די „אויפקלערעכץ“. נאָך גאַנץ אונטער דער שליטה פון די לעגטעכער, האָט זיין מוח נישט באַנומען א קליינקייט: אַז איך קעמף אַנטקעגן „אויפקלערעכץ“, ווייל איך וויל האָבן אויפקלערונג, און אַז איך האָס מיט אַלע נערוון פון מיין גוף, מיט יעדן אַטאָם פון מיינע נערוון, די אויבערפלעכלעכע „ראַדיקאַלעכץ“, ווייל איך האָב טיפן, ערנסטן ראַדיקאַליזם...

צווישן אַנדערע מיטלען, וואָס איך האָב פאָרגעשלאָגן (און וואָס זענען אַלע אינאיינעם נישט מער, ווי אַ קליינער טייל פון דעם, וואָס מען רופט „נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַרבעט אין גלות“) איז אויך געווען „איבערזעצונגען פון די בעסטע, אמתע אויפקלערער פון דער ציוויליזירטער וועלט, די אַלע פייערבאַכס און פּרודאָנס און ניטשעס און לאַנגעס“. דר. פאָרנבערג מאַכט דערצו אַזאַ פירוש. די אַלע נאָר־וואָס דערמאָנטע אויפקלערער דאַרפן „פאַרנעמען אין דר. זשיטלאָווסקיס נייעם מעדיצין־בוך דעם פּלאַץ פון די איצטיקע איבערזעצונגען פון מאַרקס, פון דאַרווין, פון קאַוטסקי, א. ד. גל. דאָס זענען דאָך אָבער נאָר אונטערשיידן אין געשמאַק־זאַכן. דר. זשיטלאָווסקין דאַכט זיך, אַז עס איז וויכטיקער פאַר די יידישע מאַסן צו וויסן קודם כל ניטשע; אַנדערע דאַכט זיך, אַז מאַרקס און דאַרווין

פאַרדינען פיליכט די בכורה. דר. זשיטלאָווסקין דאַכט זיך, אַז
די געשיכטע ...ון מאַטעריאַליזם לאַנגעס איז פאַר די יידישע
מאַסן די ערשטע נויטווענדיקע גייסטיקע נאַרונג, און מיר קאָן
זיך דוכטן, אַז קאַוטסקיס געשיכטע פון סאָציאַליזם איז נישט
ווייניקער אויפקלערנדיק און וויכטיק; און אַ דריטן קאָן אויס-
קומען, אַז קראָפּאָטקינס ווערק צ. ב. האָבן היינט אַ פיל גרע-
סערן קולטורווערט איידער פּרודאָנס".

אָט דאָס הייסט: פאַרשטאַנען, וואָס מען רעדט! דאַכט
זיך, פאַר יעדן איינעם דאַרף זיין קלאָר, אַז וויבאַלד איך רעד
פון אַזעלכע פאַרשיידענע גייסטער, ווי ניטשע און פייערבאַך,
ווי לאַנגע און פּרודאָן, קאָן איך נישט האָבן אין זינען אַ וועל-
כע עס איז באַשטימטע ריכטונג אָדער אויסשליסן אַ וועלכע
עס איז אַנדערע באַשטימטע ריכטונג פון ראַדיקאַלער אויפקלע-
רונג, און וויבאַלד איך ברענג די „פייערבאַכס און לאַנגעס"
בלשון רבים, זענען זיי שוין כולל אַ ל ע אויפקלערער, וואָס
שטייען נאָר נישט נ י ד ע ר י ק ע ר פאַר זיי אין דעם גראַד פון ערנסט-
קייט און וויסנשאַפטלעכקייט: די קאַוטסקיס און קראָפּאָטקינס,
און די וואָלטערס, און די זשאַן-זשאַק רוסאָס און די... און די...

אמת, אין זיי גייט נישט אַריין נישט דאַרווין און נישט
מאַרקס. אָבער עס גייען אויך נישט אַריין נישט די קאַנטס,
נישט די העגעלס, נישט די ניוטאָנס. פאַרוואָס? ווייל זיי גע-
הערן שוין נישט צו דעם קלאַס „אויפקלערער". זיי זענען
זעלבשטענדיקע וויסנשאַפטלעכע און פילאָזאָפישע פאָרשער. ווי
שווער עס זאָל אַמאָל נישט זיין צו ציען די גרענעץ-ליניע ביי
יעדן איינצלנעם דענקער, ווו אין אים הערט אויף דער „אויפ-
קלערער" און ווו עס הויבט זיך אָן דער זעלבשטענדיקער פאָר-
שער, קאָן מען דאָך קיינמאָל נישט צונויפמישן אין איין טאָפּ
קאַוטסקין און מאַרקסן, קאַנטן און לאַנגען, ניוטאָנען און וואָלטערן.

ווייל איך אפשר נישט, מען זאָל איבערזעצן אין יידיש
די מאַרקסעס, די דאַרווינס, די שפינאָזאַס? אַדרבה ואַדרבה!
כדי צו האָבן אַ יידישע אינטעליגענץ, וואָס זאָל געפינען איר
דערהיים געבוג גייסטיקע שפייז, וואָס זאָל דעריבער נישט דאַרפן

אַנטלויפן צוליב איר אין אַ פרעמדן קולטור-קרייז, מוזן מיר איבערזעצן אַ ל ע גדולים פון דער אַלוועלטלעכער ליטעראַטור, וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע. אָבער אין מיין אַרטיקל האָב איך גערעדט נישט וועגן דער טיפערער וויסנשאַפטלעכער אויסבילדונג פון דער אינטעליגענץ, נאָר פון דער איינפאַכער ראַדיקאַלער בילדונג פאַר גרעסערע קרייזן. דעריבער האָב איך, לעומת די העלדן פון אונזער ראַדיקאַלער „אויפקלערונג", אַוועקגעשטעלט אַ פּאָר טיפּן פון דער אייראָפּעאישער ר אַ ד י ק אַ ל ע ר א ו י פ ק ל ע ר ו נ ג. יאָ, קאַוטסקי, אַוודאַי! אים טאָר מען אויך נישט אַרויסלאָזן פון דער רשימה.

אַגב אורחא וואָלט איך וועלן פרעגן דעם דר. פאָרנבערג: ער רעדט וועגן די „ביז-איצטיקע איבערזעצונגען פון מאַרקס, פון דאַרווין, פון קאַוטסקי, פון קראָפּאָטקין און ד. גל." קראָפּאָטקינס איינציקע זאַכן האָב איך אין יידיש, אָבער אויך נישט די טיפערע. קאָן ער אפשר זיין אַזוי גוט און מיר דערציילן, ווער און ווו האָט איבערגעזעצט אין יידיש זיין „קעגנזייטיקע הילף", זיין „פעלדער און פאַבריקן"? ווו און ווער האָט „ביז איצטער" איבערגעזעצט דאַרווינס ווערק? ווו קאָן איך קריגן קאַרל מאַרקס' „קאַפּיטאַל" אין יידיש? קאַוטסקיס „געשיכטע פונם סאָציאַליזם"? ווער זענען און דאָס גל., וואָס זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש? און צוליב וואָס און וועמען שיט ער דאָ זאַמד אין די אויגן, אויסרעכענענדיק אָט די אַלע „ביז איצטיקע איבערזעצונגען", וואָס זענען קיינמאָל נישט געמאַכט געוואָרן?*)

„דאָס נייע לעבן" 1909.

*) [illegible] אַ ביסל געענדערט אין די לעצטע [illegible] יאָר! די בעסטע ווערק פון קראָפּאָטקין און לאַסאַל און פּרודאָן און אַפילו קאַרל מאַרקס' „קאַפּיטאַל" זענען שוין איבערגעזעצט אין יידיש!... ווער עס קוקט זיך צו גענויער צו דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע, קאָן שוין איצטער נישט שטיין אויף יענעם פּעסימיסטישן שטאַנדפּונקט פון 1909. און מיר שעצן זיך גליקלעך, וואָס מיר זענען די גאַנצע צייט געשטאַנען אין קאַמף פאַר אָט דעם העכערן מעמד פון דער יידישער ליטעראַטור. [1918].

# אַ פּאָר ווערטער וו״ן אינטעליגענץ און עם־הארצות

I

פּעטער לאַוורָאָוו גיט איבער (איך געדענק שוין נישט ווו) אַ פּיקאַנטן אַנעקדאָט, פּאַרוואָס טורגעניעוו האָט נישט געוואָלט לייענען זיינע, לאַווראָווס, זאַמל־ביכער „ווּפּעריאָד“. „איך האָב אריינגעבליקט אין דאָס ערשטע בוך“, דערציילט טורגעניעוו, „ערשט דאָרטן באַווייזט מען דעם נוצן פון וויסנשאַפט, און איך האָב שוין נישט געהאַט קיין חשק צו בלעטערן ווייטער“.

פאַר טורגעניעוון, ווי פאַר יעדן געבילדעטן מענטשן, איז עס געוויס אַ פּשוטע באַליידיקונג, ווען מען לאַדט איינעם איין, ער זאָל אויסהערן אַרגומענטן וועגן דעם „נוצן פון וויסנשאַפט“. דאָס וואָלט געווען אַלץ איינס, ווי צונויפקלייבן אַ געלערנטן עולם און באַווייזן אים מיט אותות ומופתים, אַז ס׳איז נישט גוט צו עסן חלבנע ליכט, איינוואַשן זיך מיט וויטריאָל און אָפּווישן זיך מיט גלעזערנע שערבלעך.

דאָס פּיקאַנטע אין דעם אַנעקדאָט איז אָבער, וואָס לאַווראָוון איז דעמאָלט גאָר אויפן זין נישט אַרויף, צו באַווייזן די נויטווענדיקייט פון וויסנשאַפט און קולטור איבערהויפּט, פאַר דעם מענטשן בכלל. טאָלסטאָיס לערע, מיט איר ראַדיקאַלן אָפּלייקענען פון יעדער מאָדערנער קולטור און וויסנשאַפט, איז דעמאָלט, אין דעם אָנהויב פון די 70־ער יאָרן, נאָכנישט געבאָרן געווען, און פאַרטיידיקן דעם „נוצן פון וויסנשאַפט“ האָט מען געדאַרפט

אַנטקעגן אַן אַנדער קעגנער, וואָס האָט, אַקוראַט אַזוי ווי לאַווראָוו און אַלע געבילדעטע מענטשן, אויף דעמזעלביקן שטייגער געגלויבט אין דער אומגעהייער גרויסער ראָלע פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע.

דער קעגנער איז געווען באַקונין און די באַקוניסטן; און געלייקנט האָבן זיי נישט די וויסנשאַפט. מען האָט זיך געאַמפּערט וועגן דעם, צי זאָל מען איצטער, אין די 70-ער יאָרן, ווען רוסלאַנד און די גאַנצע וועלט שטייט אויפן שוועל פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס דאַרף אַרויסרייסן זיך נישט היינטמאָרגן, — צי זאָל נאָך א י צ ט ע ר די אינטעליגענץ גיין אין די אוניווערזיטעטן, אָנשטאָפּן זיך מיט בילדונג און ווויסנשאַפט אויף דעם פאָלקס חשבון. די באַקוניסטן האָבן געטענהט, אַז די יונגע אינטעליגענץ, וואָס איז איבערגעגעבן צו די אינטערעסן פונם פאָלק, דאַרף פאַרלאָזן די בילדונגס-אַנשטאַלטן און אויפן שטעל גיין אין דאָרף נישט צו פּראָפּאַגאַנדירן, נאָר כדי אַריינצווואַרפן דעם פונק פון אויפשטאַנד אין דער פולווער-פאַס פון דעם פאָלקס גרימצאָרן. דערצו דאַרף מען נישט האָבן קיין בילדונג און קיין וויסנשאַפט, און יעדעס „גראַמאָטנע״ יינגל, וואָס האָט נאָר אַריינגענומען טיף אין האַרצן דעם באַקוניסטיש-אַנאַרכיסטישן „אַני-מאַמין״, קאָן ווערן אַ טוער און פירער.

לאַווראָוו און די לאַווריסטן האָבן אויך געגלויבט אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און אין איר באַלדיקן אַרויסרייסן זיך. אָבער דווקא דערפאַר האָבן זיי פאַרלאַנגט, אַז די רעוואָלוציאָנערן, וואָס וועלן דאַרפן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם לעבן, זאָלן זיין ג ע ב י ל ד ע ט ע, טיף וויסנשאַפטלעך-געבילדעטע מענטשן, וואָס זאָלן אויסאַרבעטן זייערע אידעאַלן און זייער וועלטאָנשויאונג דורך דעם אייגענעם קריטישן דענקען און נישט לאָזן זיך פאַרבלענדן דורך מאָדע-פראַזן און הויך-קלינגנדיקע כלומרשט-וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס.

אַ תּלמיד פון עמנואל קאַנט, איז לאַווראָוו דער „אַבסאָלוטער״ אמת אַליין נישט ווערט געווען אַ גראָשן, אויב ער איז נישט אַרויסגעפלאָסן פון דעם אייגענעם קריטישן געדאַנק; אַ

תּלמיד פון קאַרל מאַרקס, איז ביי אים דער אייגענער קריטישער געדאַנק נישט פיל ווערט געווען, אויב ער איז נישט געווען אויפגעבויט אויף אַ וויסנשאַפטלעכן פונדאַמענט. נישט צוליב וואַרפן פונקען פון אויפשטאַנד אין דער פאָלקס־פאַס דאַרף מען גיין אין דאָרף, נאָר כּדי צו פּראָפּאַגאַנדירן און פאַרשפּרייטן די נייע סאָציאַליסטישע וויסנשאַפט, וועלכע מען מוז פריער פאַר אַלץ זייער טיף און גרינטלעך אויסשטודירן אינדערהיים... נישט אומזיסט האָבן די באַקוניסטן געשפּירט אין לאַווראָוון דעם „מאַרקסיסט" און דעם „וויסנשאַפטלעכן"...

טורגעניעוו האָט פון די אַלע מעשׂיות קיין ברעקל באַגריף נישט געהאַט, די אינעווייניקסטע אַמפּעריען צווישן די רעוואָלוציאָנערע ריכטונגען האָבן אים ווייניק וואָס אינטערעסירט. ער האָט גענומען לייענען דעם „וופּעריאָד", כּדי צו זען, וואָס קאָן אים, דעם געבילדעטן טורגעניעוון, געבן דער גרויסער רוסישער דענקער און געלערנטער. און בעת ער האָט דערזען, אַז לאַווראָוו רעדט מיט היץ וועגן דעם „נוצן פון וויסנשאַפט", האָט ער געמוזט מיט אַ געניץ צומאַכן דאָס בוך...

איך האָב מיך איצטער דערמאָנט אָן דעם גאַנצן עפּיזאָד, ווייל מיר האָט זיך שיעור אויסגעדאַכט, אַז איך גיי אַליין שרייבן וועגן „דעם נוצן פון וויסנשאַפט", און ווייל די פראַגע וועגן דער ראָלע פון וויסנשאַפט (און פון אירע טרעגער, דער אינטעליגענץ) אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווייזט אויס, איז נישט אינגאַנצן פאַרשוווּנדן מיט דעם טויט פון דער אַמאָליקער פּאָלעמיק וועגן דעם ענין. עס ווייזט אויס, אַז אין דער באַנטער צוקונפט וועט דערזעלביקער סכסוך זיך נאָכאַמאָל פאַנאַנדערפלאַקערן אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, און איצטער וועט מען די וויסנשאַפט און די אינטעליגענץ דאַרפן פאַרטיידיקן נישט קעגן די אַנאַרכיסטישע באַקוניסטן; די „אָנפאַלער" וועלן גאָר זיין די „היפּער־כּשרע" מאַרקסיסטן גופא.

שוין אין דעם ערשטן אַרויסטרעטן פון דער רוסלענדישער מאַרקסיסטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז ווידער באַלעבט געוואָרן די אַלטע פיינטשאַפט פון דעם באַקוניסטישן „נאַראָדניק" צו דעם

„אינטעליגענט״. פאַרשטייט זיך, מיט אַ קלייניגקן אונטערשייד, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון זיין פאַרשיידענער שטעלונג צו דעם „נאַראָד״ („דעם פאָלק״).

פאַר דעם „נאַראָדניק״ איז דער „טרעגער״ פון אַלע אמתן און אידעאַלן געווען דאָס פאָלק, דער פויער. ער, דער פויער, — אַזוי האָט דער נאַראָדניק געגלויבט, — איז אויס „אינסטינקט״ אַ קאָמוניסט און אַן אַנאַרכיסט, און די גאַנצע אויפגאַבע פון דער אינטעליגענץ איז — פאַרגעסן אָן די אייגענע אידעאַלן, צוהערן זיך צו דער שטים פון דעם פאָלקס-אינסטינקט, און ריכטיק צופאַסן זיין טעטיקייט צו יענע באַדערפעניש און געדאַנקען, וואָס מוזן על פּי נויטווענדיקייט אַרויסוואַקסן פון די טיפעניש פון דעם פאָלקס נשמה.

דער סאָציאַל-דעמאָקראַט האָט גענומען אָנשטאָט דעם פויער דעם פּראָלעטאַריער. ער, דער פּראָלעטאַריער, איז נישט על פּי אינסטינקט, נאָר לויט זיין סאָציאַלער לאַגע, דער אמתער טרעגער פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן אידעאַל אין דער צוקונפט פון דער גאַנצער מענטשהייט. דער אינטעליגענט, אויב ער וויל האָבן אַ וועלכע עס איז ווירקונג אויף דעם גאַנג פון די היסטאָרישע פּאַסירונגען, דאַרף אויך קודם כל פאַרגעסן אָן זיינע אייגענע אידעאַלן און צוהערן זיך צו יענע אינטערעסן און פאָדערונגען, וואָס מוזן על פּי נויטווענדיקייט אַרויסוואַקסן פון דעם פּראָלעטאַריאַטס לאַגע און פון זיין אַנטוויקלונג.

אמת, יענע אינטערעסן און פאָדערונגען מוזן זיך צונויפשמעלצן מיט אַ גאַנצער וועלט-און-לעבנסאָנשויאונג און זיך אויסגיסן אין אַ וויסנשאַפטלעכער סיסטעם, אין אַ סיסטעם פונם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם״. די אויסאַרבעטונג פון דער סיסטעם, איר ווייטערע אַנטוויקלונג און פאַרטיפונג מוז איבערגעלאָזן ווערן אין די הענט פון די געבילדעטע און געלערנטע, ד. ה. אין די הענט פון דער אינטעליגענץ. אָבער — פון וואָס פאַר אַן אינטעליגענץ? פון דער, וואָס האָט לכתחלה איינגעזען, אַז איר גאַנצע וויסנשאַפט איז נישט מער ווי אַ פּירוש אויף דעם פּראָלעטאַריאַטס אייגענעם, נישט קלאָרן קלאַסן-געדאַנק. אַזאַ אינטעליגענץ איז שוין

דאָ, דאָס איז די מאַרקסיסטישע אינטעליגענץ; און אויך איר װיסנשאַפט איז שױן אין אַלע װיכטיקע פּונקטן פאַר־טיק, — דאָס איז די סיסטעם פון דעם װיסנשאַפטלעכן סאָ־ציאַליזם.

אויף אַזאַ אופן האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָפּגעלייקנט נישט די אינטעליגענץ בכלל, נאָר די בורזשואַזע אָדער „אוטאָ־פּיסטישע" — די נישט װיסנשאַפטלעך־מאַרקסיסטישע אינטעלי־גענץ.

נאָך ערגער איז געװאָרן די לאַגע פון דער אינטעליגענץ און דער „װיסנשאַפט" אין יענע קרייזן פון דער פּראָלעטאַרישער באַװעגונג, װאָס זענען אויפגערודערט געװאָרן דורך דער קריטיק פון דעם מאַרקסיזם. די קריטיק האָט דאָך אָנגעגריפן אַלע יסודות פון דער „פּראָלעטאַרישער" װעלטאָנשױאונג און האָט זיך דער־װעגט אויפצוהויבן אין חוצפּה איר האַנט אויף דעם אויסשליס־לעכן יחוס פון דעם פּראָלעטאַריאַט גופא. די סאָציאַלע רעװאָ־לוציע, װאָס האָט בעזאָלט דורכגעפירט װערן דורך דעם פּראָלע־טאַריאַט — און נאָר דורך דעם פּראָלעטאַריאַט אַליין — אַנטקעגן דער איין־איינציקער „רעאַקציאָנערער" מאַסע פון די נישט־פּראָ־לעטאַריער, איז דורך דער קריטיק אָפּגערוקט געװאָרן אויף אַ גאַנץ היפּשן מהלך צייט; די אַרבעט פאַר דער קעגנװאַרט איז אַרויס־געריקט געװאָרן אויף דעם ערשטן פּלאַן, און פון דעם נייעם שטאַנדפּונקט האָט מען געמוזט די „איין־איינציקע רעאַקציאָנערע מאַסע" פאַנאַנדערשפּאַלטן אין װייניקער און מער פּראָגרעסיװע עלעמענטן און זוכן אַ פאַרבינדונג מיט די לעצטערע. מען האָט געמוזט איינאיינעם מיט זיי זען אַרויסצופרעסן פון דער איצטיקער געזעלשאַפט אַלץ, װאָס מען קאָן נאָר אַרויספּרעסן, כדי אויפצו־הויבן די עקאָנאָמישע און קולטורעלע מדרגה פון דער אַרבעטער־שאַפט. די ריינקייט פון דעם „ריין־פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט" איז פאַרשװוּנדן.

די אינטעליגענטערע, פּראָגרעסיװערע, נישט סאָציאַליסטישע עלעמענטן פון דער געזעלשאַפט זענען געװאָרן נאָגטע מחותּנים צו דעם פּראָלעטאַריאַט, און אַ גרויסער טייל פון זיי איז דירעקט

באַגעשטאַנען צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פאַרשטאַרקנדיק די מאַכט פון דער נייער טאַקטיק. די מאַרקסיסטישע אָרטאָדאָקסיע, די היטערין פונם אַלטן גלויבן, איז געווען געצוואונגען אין דער טעגלעכער אַרבעט פון דער פּאַרטיי אָפּצוטרעטן איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער, און עס האָט אויסגעוויזן, אַז זי איז נישט אַזוי פאַראינטערעסירט אין די אַלטע פּאָזיציעס פונם פּראַקטישן קאַמף, ווי אין דעם, אַז אויך איבער דעם נייעם לאַגער־פלאַץ זאָל פלאַטערן די אַלטע טעאָרעטישע פאָן פון דער פּאַרטיי. מיט דער אַלטער רעוואָלוציאָנער־פּראָלעטאַרישער פראַזע האָבן זיי געוואָלט פאַרדעקן דעם נייעם רעוויזיאָניסטישן אינהאַלט פון אַלץ וואָס די פּאַרטיי איז געצוואונגען צו טאָן.

און ווער איז אין דעם אַלעם שולדיק, אויב נישט „די אינטעליגענץ?״ די היימישע אינטעליגענץ, וואָס האָט אָנגעהויבן די גאַנצע מעשה מיט דעם איבערקוקן די אַלטע יסודות, די נייע צוגעקומענע אינטעליגענץ, וואָס איז לכתחלה אַריין מיט „אומ־ריינע״ אָנשויאונגען, די אָרטאָדאָקסישע אינטעליגענץ, וואָס האָט נישט איינגעהיט די „אומשולד״ פון דער פּאַרטיי...

כמעט אומעטום, ווו עס איז דאָ אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־באַוועגונג, האָט זיך דעריבער געמוזט אויסבילדן אַ שאַרף־אָפּאָזיציאָנעלע שטרעמונג אַנטקעגן דער אָפיציעלער פירונג פון דער פּאַרטיי. צונויפגעגאָסן דאָ און דאָרט מיט ריין־אַנאַרכיסטישע עלעמענטן, האָט די נייע שטרעמונג געפאָדערט, דער פּראָלעטאַריאַט זאָל ווידער אַוועקשטעלן זיך אויף יענע פּאָזיציעס, וועלכע ער האָט פאַרנומען נאָך אין מלך־סאָביעסקיס צייטן: די סאָציאַלע רעוואָלוציע — דער איינציקער צוועק פון דער באַוועגונג; דער פּראָלעטאַריאַט — דער איינציקער טרעגער פונם רעוואָלוציאָנערן געדאַנק; די איבעריקע וועלט — ווידער „איין־איינציקע רעאַקציאָנערע מאַסע״; קיין קאָמפּראָמיס מיט איר; קיין פּ אָ ל י ט י ש ע ר קאַמף, ווו אַזוינע קאָמפּראָמיסן קאָן מען בשום אופן נישט פאַרמיידן...

דער פראַנצויזישער סינדיקאַליזם איז דער אויסדרוק פון אָט דער „אַלט״־נייער שטרעמונג. אין אים ברויזט איצטער דער

קאַמף אַנטקעגן דער „אינטעליגענץ" און פון אים הילכט אַרויס די פאָדערונג מען זאָל דעם טעאָרעטישן „עמוד־ענן" ווידער אַ קער טאָן צוריק — צו דעם ריינעם מאַרקסיזם...

דער ריינער מאַרקסיזם: אַ „מאָדנער" מזל איז אויסגעפאַלן אויף דעם גורל פון אָט דער שיינער, רייכער און גרויסאַרטיקער געדאַנקען־סיסטעם! מען האָט זי קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען גאַנץ, מען האָט אַריינגענומען אין זיך נאָר דאָס פון איר, וואָס עס האָט געפּאַסט צו דער צייט און די אומשטענדן. ביז צו דעם סוף זיבעציקער יאָרן האָט די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ געהאַט זייער אַ קליינעם באַגריף פון איר פילאָזאָפיע און איר געשיכטס־פילאָזאָפיע. בעת עס איז דערשינען דער ערשטער באַנד „קאַפּיטאַל", האָט מען אין אים דערזען נישט מער, ווי אַ נייעם באַווייז, אַז די פאָדערונגען פון דעם סאָציאַליזם זענען „גערעכט" און אַז אָט די גערעכטיקייט שיינט אַרויס, ווי די זון, אַ דאַנק דעם ריין־וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז. מיט די נויטוועדיקע „אַנטוויקלונגס־געזעצן", וועלכע מאַרקס האָט געוואָלט האָבן אַנטדעקט אין דעם לעבן פון דער געזעלשאַפט, האָט מען זיך ווייניק וואָס אינטערעסירט. אויך די אייגנאַרטיקע פילאָזאָפיע, וואָס קאַרל מאַרקס האָט אויסגעאַרבעט, — דער „דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם", — האָט נישט צוגעצויגן צו זיך די געדאַנקען פון דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ.

ערשט צו דעם סוף פון די זיבעציקער יאָרן, ווען ביסמאַרקס רעאַקציאָנערע פּאָליטיק האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר איר הויפּט־ציל צו דערנעמען די יאָרן דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע; ערשט דעמאָלט האָט ענגעלס גענומען פּאָפּולאַריזירן זייער פילאָזאָפישע און געשיכטס־פילאָזאָפישע סיסטעם, וואָס האָט באַלד געפונען אַן אָפּקלאַנג אין אַלע מוחות און הערצער. מיר זענען סאָציאַליסטן, — האָט דער מאַרקסיזם געלערנט, — נישט דערפאַר, ווייל אונזערע פאָדערונגען זענען גערעכט און אונז ווילט זיך, אַז די גערעכטיקייט זאָל טריאומפירן. מיר שטרעבן צו דעם סאָציאַליסטישן ענדציל דערפאַר, ווייל די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט טראָגט אין זיך אַ שטראָם צו אים,

און מיט קיין מאַכט אין דער וועלט קאָן קיין פּערזאָן אין דער וועלט נישט אויפהאַלטן יענעם רייסנדיקן שטראָם. וואָס איז דאָ אַזוי נתפּעל און דערשראָקן צו ווערן פון ביסמאַרקס רעאַקציע? וואָס ווערט מען אָפּהענטיק, בעת די אינטעליגענץ האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין זיינע אָרעמס? די אינטעליגענץ, ווי ביסמאַרק גופא, זענען נישט מער ווי געצייג אין די הענט פון דער בורזשואַזיע, וואָס ווערט אָנגעטריבן דורך דער מעכטיקער טרייב־קראַפט פונם קלאַסנקאַמף. דער אייזערנער קאַנצלער איז נישט מער ווי אַ שטרויענע פּופּע אין די הענט פון די אייזערנע אַנטוויקלונגס־געזעצן. דערזעלביקער קלאַסנקאַמף מוסטירט און דיסציפּלינירט דעם פּראָלעטאַרישן חייל, און די צוקונפט מוז געהערן דעם סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט, צי דאָס געפעלט וועמען עס איז, אָדער נישט... אַזוי זאָגט די אומפּאַרטייאישע וויסנ־שאַפט.

דאַכט זיך, אַז שוין אין די גרונט־געדאַנקען איז קלאָר געוועזן אויסגעשפּראָכן דער בליק פון דעם „ריינעם״ מאַרקסיזם אויף דער ראָלע פון דער וויסנשאַפט און דער וויסנשאַפטלעך־פאָרשנדיקער אינטעליגענץ אין דער סיסטעם פון דעם וויסנ־שאַפטלעכן סאָציאַליזם. די צייט (וואָס איז נאָכנישט אינ־גאַנצן פאַרשוווּנדן עד היום) איז אָבער נישט געווען מסוגל טיפער אַריינצוטראַכטן זיך אין דעם פּונקט פון קאַרל מאַרקס׳ לערע.

מען האָט זיך אָנגעשטויסן אָן דעם פאַקט, אַז די הערשנ־דיקע וויסנשאַפט איז אַ מליץ־יושר פון דעם הערשנדיקן קאַפּי־טאַליסטישן קלאַס, און מען האָט זי, — די וויסנשאַפט בכלל, — צונויפגעוואָרפן אין איין טאָפּ מיט אַלע אַנדערע פאָרמען פון דער מענטשלעכער „אידעאָלאָגיע״, — מאָראַל, רעכט, פּאָליטיק, רעלי־גיע, פילאָזאָפיע „און אַזוי ווייטער״, — וועגן וועלכע קאַרל מאַרקס האָט געלערנט, אַז זיי שטאַמען אָפּ פון דעם קלאַסנקאַמף און זענען נישט מער, ווי געוויסע אָפּשפּיגלונגען פון אַ געוויסער קלאַסן־לאַגע און פון געוויסע קלאַסן־אינטערעסן. מען האָט אַריינ־געטייטשט אין דעם „און אַזוי ווייטער״, וועלכע מאַרקס און

ענגעלס האָבן אַזוי אָפּט געברויכט, אויך די וויסנשאַפט און די קונסט. עס איז דער מאַרקסיסטישער אינטעליגענץ נישט געווען קלאָר (און עס איז איר נאָך עד היום נישט גענוג קלאָר), אַז דער „ריינער" מאַרקסיזם, ד. ה., דער מאַרקסיזם פון מאַרקס און ענגעלס, פירט אַ באַזונדער חשבון פאַר די „אידעאָלאָגיעס" פון איין זייט (מאָראַל, רעכט „און אַזוי ווייטער") און פאַר קונסט און וויסנשאַפט פון דער אַנדערער; אַז אויך בנוגע צו די אידעאָלאָגיעס איז זיין שטעלונג צו דער פילאָזאָפיע אַן אַנדערע איידער צו מאָראַל, פּאָליטיק „און אַזוי ווייטער"...

ס'איז נישט דאָ, אין די „פאָר ווערטער", דאָס אָרט, טיפער אַריינצולאָזן זיך אין דעם ענין און צו דערקלערן די גרויסע נפקא מיניה, וועלכע דער מאַרקסיזם געפינט אויס צווישן וויסנשאַפט און קונסט פון איין זייט און די „אידעאָלאָגיעס" פון דער אַנדערער זייט. דאָ איז פאַר אונזער צוועק גענוג צו דערמאָנען, אַז די „אידעאָלאָגעיס" וועלן, לויט מאַרקסן, פאַרשווינדן, בעת די קונסט און וויסנשאפט וועלן בלייבן אַזוי אייביק, ווי אייביק עס וועט זיין די מענטשלעכע געזעלשאַפט; אַז מאַרקסן און ענגעלסן האָט זיך קיינמאָל אפילו אין שלאָף נישט געחלומט, אַז דער פּראָלעטאַריאט קאָן, בעת ער איז נאָך אַ פּראָלעטאַריאט, אַרויסברענגען פון זיך אַליין אַן אייגענע „פּראָלעטאַרישע" וויסנשאפט און אַן אייגענע „פּראָלעטאַרישע" קונסט אויף דעמזעלביקן אופן, ווי ער ברענגט ארויס „פון זיך אַליין" זיין אייגענע שטעלונג צו מאָראַל, רעליגיע, פאַמיליען־לעבן „און אַזוי ווייטער"; אַז בעת די בורזשואַזע אידעאָלאָגיעס זענען אַרויסגעוואַקסן „פון דעם שויס פון דער בורזשואַזיע", זענען די מאָדערנע וויסנשאַפט (דער דאַרוויניזם!), טעכניק און קונסט איר „אַריינגעפאַלן אין שויס אַריין", ווי ענגעלס דריקט זיך אויס.

וויפל קאָפּ־מאַטערניש וואָלט דאָס פאַרשפאָרט דער מאַרקסיסטישער אינטעליגענץ, וואָס האָט דווקא געוואָלט אויך די וויסנשאַפט און די קונסט אַרויספשטלען פון דעם קלאַסנקאַמף, ווען זי וואָלט לכתחילה איינגעזען, אַז זייער וואָרצל ליגט גאָר־

נישט אין דעם קלאַסנקאַמף, נאָר ערגעץ־ווו אין אַן אַנדער פלאַץ פון דער מאַרקסיסטישער סיסטעם!

איך ווייס נישט, צי איך דאַרף בפירוש באַטאָנען פאַר מיינע לייענער, אַז איך בין לגמרי נישט מסכים מיט קאַרל מאַרקס׳ מיינונגען וועגן דער „אידעאָלאָגיע״ און „אידעאָלאָגן״. פאַר מיר איז אָבער וויכטיק, די מאַרקסיסטן זאָלן איינזען, אַז זיי האָבן, לויט די פּרינציפּן פון זייער אייגענער תורה אין איר ריינער געשטאַלט, בשום אופן קיין רעכט נישט צונויפצוּוואַרפן אין איין טאָפּ דעם „אידעאָלאָג״ מיט דעם וויסנשאַפטלעכן פאָרשער און דעם קינסטלער.

יענע אינטעליגענץ, וואָס באַשאַפט וויסנשאַפט און קונסט, איז אַן אייביקע נויטווענדיקע דערשיינונג אין דעם געזעלשאַפט־לעכן לעבן, אַ „לאָגישע״ און נישט קיין „היסטאָרישע״ קאַטע־גאָריע, *) און דערצו נאָך אזא „קאַטעגאָריע״, אין וועלכער דער פּראָ־לעטאַריאַט מוז, על פי דער „ריין״־מאַרקסיסטישער טעאָריע אַריינפאַלן... וויסנשאַפט און קונסט וועט דער פּראָלעטאַריאַט אָנ־הויבן אַליין צו שאַפן ערשט „אויף מאָרגן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע״, ד. ה., ערשט דעמאָלט, ווען ער וועט שוין זיין — אויס „פּראָלעטאַריאַט״...

עס פאַרשטייט זיך, אַז די שאַנסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַרויסצוברענגען פון זיך אליין וויסנשאַפטלעכע פאָרשער און קינסטלער אָדער לכל הפחות צו געניסן מיט א קלאָרער פאַר־שטענדעניש די פּראָדוקטן פון דער העכערער מענטשלעכער קול־טור מוזן וואַקסן אַלץ מער, וואָס מער מיר זאָגן זיך אָפּ פון דער אַבסאָלוטער „פאַרעלענדונגס־טעאָריע״, וואָס מער מיר גיבן צו, אז די ארבעטערשאַפט קאָן נאָך פאַר דער סאָציאַלער רעוואָ־לוציע אויפהויבן זיך אויף א הויכער עקאָנאָמישער און קולטו־רעלער מדרגה. אָבער מיט דעם וואַקסן פון אזעלכע שאַנסן זע־

*) וועגן דעם אונטערשייד פון „לאָגיש״ און „היסטאָריש״ זע די אַרטיקלען: „היסטאָרישע אידייען־פאַרבינדונגען״ אין דעם דריטן באַנד פון מיינע „געזאַמלטע שריפטן״.

ען ענג פאַרבינדן אויך אַלע יענע בייזע אַפּיקורסותן, ווי דער
פּאָליטישער קאַמף, די אָפּמאַכונגען מיט דער ראַדיקאַלער בור-
זשואַזיע, די צוציאונג פון דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ א. אַז.
וו„, אַנטקעגן וועלכע עס טרעט ארויס אזוי שטרענג דער מאָ-
דערנער ריין-„פּראָלעטארישער" סינדיקאַליזם.

ווי די מעשה איז, איז זיין גאַנצער איצטיקער קאַמף
אַנטקעגן דער אינטעליגענץ א נאַאיווער קאַפּריז פון א פּאָר
אינטעליגענטן, און נאָך נאַאיווער און קאָמישער קומט ער אויס
ווען מען זעט, אַז ער, דער קאַמף, ווערט אָנגעפירט אונטער
דער אויסגעשריי: „צוריק צום ריינעם מאַרקסיזם!" דאָרטן, אין
דעם ריינעם מאַרקסיזם, איז געוויס קיין פּלאַץ נישטאָ פאַר א
וועלכן עס איז נתפעל ווערן פאַר דעם „עם-הארץ", און מעג
דער „עם-הארץ" זיין דער „ברודער-אַרבעטער" בכבודו ובעצמו.

איך וואָלט געוואָלט אלע איצטיקע „ריין-פּראָלעטאַריער",
וועלכע פאַלן אָן אויף דער אינטעליגענץ, דערמאָנען אָן יענער
סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט צווישן קאַרל מאַרקסן און
דעם ריין-פּראָלעטאַרישן וויטלינג נאָך אין די פערציקער יאָרן
פון דעם פאָריקן יאָרהונדערט. דער געניאַלער שניידער-יונג, וועמ-
עס ווערק עס האָבן אַרויסגערופן אַזאַ באַגייסטערונג אין קאַרל
מאַרקס, איז אינגאַנצן מטושטש געוואָרן, ווען קאַרל מאַרקס האָט
אים גענוג שאַרף פאַרהערט אין דעם פונקט פון וויסנשאַפט. ער
איז אינגאַנצן צעשלאָגן געוואָרן, ווען קאַרל מאַרקס האָט אים
אַרויסגעדונערט זיין גזר-דין, אַז פון „עם-הארצות" איז נאָך קיינ-
מאָל קיין גוטס נישט אַרויסגעקומען.

וואָלטן די סינדיקאַליסטן דאָס תמיד געהאַט אין זין, וואָלט
עס נישט געקאָנט קומען דערצו, אַז ז ש ו ל ג ע ד, דער פירער
פון די פראַנצויזישע אָרטאָדאָקסן-מאַרקסיסטן, זאָל דאַרפן פאַר-
טיידיקן די אינטעליגענץ פון זייערע אָנפאַלן און האַלטן זיי אַ
לעקציע וועגן... „דעם נוצן פון וויסנשאַפט"...

ביי אונז אין דער יידיש-סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט
„דער קאַמף פאַר עם-הארצות" אָנגענומען אַ ביסל אַן אַנדער
געשטאַלט...

## II

די ערשטע גרויסע און שטאַרקע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט אין איר אַרבעט און אין אירע צילן זיך גערעכנט מיט דעם יידישן כאַראַקטער פון אונזערע מאַסן, איז אָנגעפירט געוואָרן אונטער דער פאָן פון דעם „בונד". דער „בונד" איז, לויט זיין טאַקטיק, אַלעמאָל געווען דורך־און־דורך סאָציאַל־דעמאָקראַטיש און מאַרקסיסטיש. מען האָט געקאָנט דערוואַרטן, אַז דאָס אַריינדרינגען פון דעם מאַרקסיסטישן געדאַנק אין אַזאַ נייער ספערע, ווי דער יידישער פראָלעטאַריאַט, וועט אַרויסרופן נייע אינטעליגענטע באַשאַפונגס־כוחות, וואָס וועלן זען טעאָרעטיש צונויפצושטימען די ספעציעלע נויטן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג מיט דעם גרונט־טאָן פון דער מאַרקסיסטישער סיסטעם. די פאָדערונג פון דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, טיף אויסצושטודירן, עקאָנאָמיש און היסטאָריש, יענעם טייל לעבן, אויף וועלכן מען וויל איינווירקן, האָט באַדאַרפט קודם־כל אַרויסרופן ביי דער בונדישער אינטעליגענץ אַ וואַרעמען אינטערעס צו דער געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק, צו דעם עקאָנאָמישן מעמד פון אַלע זיינע שיכטן בכלל און דער יידישער אַרבעטערשאַפט בפרט. אַ יידישע וויסנשאַפט מיט אַ יידישער אינטעליגענץ, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט איר אויספאָרשן, וואָלט באַדאַרפט זיין דער רעזולטאַט פון דעם יידישן סאָציאַליזם.

דער אייגנאַרטיקער געשיכטלעכער גורל פון דעם גאַנצן פאָלק, די אייגנאַרטיקע קולטורעלע און עקאָנאָמישע לאַגע פון זיינע טיילן, איז פון מאַרקסיסטישן שטאַנדפונקט אַזאַ אינטערעסאַנטע פראָבלעם, אַז ער וואָלט געקאָנט געבן שפייז פאַר יידישע מוחות אויף יאָרן און יאָרן לאַנג. און אַזוי ווי דער מאַרקסיזם, אַפילו אין זיין ריין־טעאָרעטישער אויסטייטשונג, באַקומט אין יעדן לאַנד און ביי יעדן פאָלק אַ נייע אינטערעסאַנטע באַפאַרבונג, וואָלט מען געקאָנט האָפן, אַז די טעאָרעטישע אַר־

בעטן פון דער בונדישער אינטעליגענץ וועלן פון זייער זייט צוטראָגן נישט ווייניק אָריגינעלע געדאַנקען צו דעם אַלץ־וואַקסנדיקן בנין פון דעם אַלוועלטלעכן מאַרקסיזם.

לײדער איז קיין איין־איינציקע פון די אַלע מעגלעכקייטן נישט מקוים געוואָרן.

דער „בונד", ווי משוגעדיק דאָס זאָל נישט קלינגען, האָט איבערהויפּט נישט געהאַט קיין טעאָרעטישע פאָרשער. די פּאָר מאָגערע זעלבשטענדיקע אונטערזוכונגען וועגן דער יידישער עקאָנאָמישער לאַגע האַלטן זייער ווייניק אויס די פּראָבע פון ווײסנשאַפטלעכער קריטיק און זענען אויך נישט אַרויסגערופן געוואָרן פון יענער נאַטירלעכער באַדערפעניש, וואָס באַשאַפט ביי אַלע פעלקער אַ סאָציאַליסטישע ווײסנשאַפט: פון דער נויט טעאָרעטיש צו באַהערשן די ווירקלעכקייט, איידער מען נעמט זיך אונטער פּאַרטיק צו ווערן מיט איר אין דער פּראַקטיק.

דער „בונדיסט" האָט טעאָרעטיזירט און ווײסנשאַפטלעך געפאָרשט אונטער דער בייטש פון דער פּאָלעמיק, וואָס די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און די „איסקראַ" האָבן געפירט אַנטקעגן אים; כל זמן ער האָט נאָכנישט געהאַט קיין טעאָרעטישע קעגנער אויף דער יידישער גאַס, כל זמן ער איז באמת געווען דער בן־יחיד ביי דעם יידישן סאָציאַליזם, זענען אים איבערהויפּט די טעאָריעס אין זינען נישט געלעגן. אַפילו די נאַציאָנאַלע טעאָריעס פון דעם „בונד", די אויסאַרבעטונג פון אַן אינטערנאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן „הכשר" פאַר אַ זעלבשטענדיקער יידישער באַוועגונג איז פון דעם יידישן סאָציאַליסטישן געדאַנק אויסגעפירט געוואָרן, איידער דער „בונד" האָט דערבליקט די שיין פון דעם עפנטלעכן לעבן. פאַר אים איז אין דעם פונקט פשוט געבליבן צו שטופּן אָפּגעשיילטע אייגעלעך אין מויל אַריין. ער פלעגט דאָס תמיד טאָן מיט גרויס התמדה, אָבער אין דערזעלביקער צייט — פלעגט ער תמיד וואַרפן אומרויִקע בליקן אויף דעם מאַרקסיסטישן אב בית־דין, — פּלעכאַנאָוו און קאַוטסקי, — ציטערנדיק, טאָמער כאַפּט ער אַריין אַ ביסן, וואָס איז טריף לכל הדעות. זיין נישט גאָר ריינער געוויסן

אין הלכות נאַציאָנאַליזם האָט אים דערפאַר געטריבן צו זיין פון די „מהדרין מן המהדרין“ אין אַלע אַנדערע אָרטאָדאָקס-מאַרקסיסטישע דינים, מצוות און עבירות.

די קלאָגלעכע אָרעמקייט פון דעם טעאָרעטישן שאַפן ביי דעם „בונד“, וואָס שטעלט אַוועק דעם יידישן מאַרקסיזם אויף דער נידעריקסטער שטופע צווישן אַלע מאַרקסיסטישע פּאַרטייען פון דער וועלט, — נידעריקער אַפילו, איידער די בולגאַרישע, — אָט די פינסטערע עם-הארצות, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף דעם גורל פון דעם יידישן סאָציאַליזם אין זיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישער געשטאַלט, איז, פאַרשטייט זיך, אַ פּראָדוקט פון דעם גאַנצן געשיכטלעכן גורל פון דעם יידישן פאָלק, — אַ פּראָדוקט פון יענער פּעריאָד אין אונזער געשיכטלעכן לעבן, וואָס רופט זיך אָן די אַסימילאַטאָרישע, וואָס האַלט איצטער אין פאַרשווינדן, אָבער וואָס לאָזט זיך נאָך שפּירן אין לעבן אויף יעדן שריט און טריט.

כדי ביי אַ פאָלק זאָל באַשאַפן ווערן אַן ערנסטע סאָציאַליסטישע וויסנשאַפט, וואָס זאָל אין דעם באַאַרבעטן מאַטעריאַל פון דעם אייגענעם פאָלקס-לעבן, אין זיין געשיכטע און זיין קולטור, מאַכן אָפּשפּיגלען אויף אַן אָריגינעלן אופן דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק, מוז אַ געוויסער טייל פון דער פאָלקס אינטעליגענץ צוגעצויגן ווערן צו דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל. דער טייל מוז זיין אַזוי גרויס, אַז אין אים זאָלן זיך קאָנען געפינען זעלבשטענדיקע דענקער און פאָרשער דערצו איז אָבער נויטיק קודם כל, אַז די גאַנצע אינטעליגענץ, די סאָציאַליסטישע ווי די נישט סאָציאַליסטישע, זאָל געהערן אָט צו דעם פאָלק, אַ רגע נישט אין ספק זיין, אַז זי איז אַ טייל פון אים, אַ טייל, אויף וועלכן עס איז היסטאָריש אויסגעפאַלן דאָס גליק צו זיין דער באַשאַפער און דער פאַרשפּרייטער פון קולטור פאַר דעם באַשטימטן נאַציאָנאַלן צווייג פון דעם אַלגעמיינעם מענטשלעכן בוים.

מוסטערט דורך אַלע קאַטאַלאָגן פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון דער גאַנצער וועלט; שטעלט זיך, פון מיינעטוועגן אָפּ מער נישט ווי אויף דעם מאַרקסיסטישן פליגל. וואָס פאַראַ רייכקייט פון טעמען און מאָטיוון צו שעפערישער אַרבעט איר

געפינט דאָרט! און זעט, וואָס פאַר אַן אומגעהייערע ראָלע עס שפּילט אין יענע ליטעראַטורן די געשיכטע און די לאַגע פון דעם אייגענעם פאָלק! אַלגעמיין־טעאָרעטישע ווערק, וואָס ווערן איבערגעזעצט אין אַלע שפּראַכן פון דער סאָציאַליסטישער וועלט, זענען לפי ערך זייער ווייניק, און אויך די טראָגן אויף זיך דעם קלאָרן שטעמפּל פון זייער פאָלק און זייער לאַנד, פאַר וועמען און ווו זיי זענען באַשאַפן געוואָרן. די אַלוועלטלעכע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ לעבט אַ טיף לעבן, אַ פאַרבנרייך לעבן, ווייל שפע און פאַרבנרייכטום באַקומט זי פון דעם פאָלק, צו וועלכן זי געהערט, וועמעס לעבנס־פּולס עס שלאָגט אויך אין אירע אָדערן.

איצטער שטעלט אייך פאָר, אַז די אינטעליגענץ פון אַ וועלכן עס איז פאָלק ווערט איינגאַנצן פאַרסמט מיט יענעם אַסימי־לאַציע־געדאַנק, וואָס זאָגט, אַז איר פאָלק איז איבערהויפּט נישט קיין פאָלק, אָדער אַז עס מוז און זאָל נישט היינט־מאָרגן פאַרשווינדן; אַז זי, די אינטעליגענץ, געהער שוין אוודאי נישט צו אים; אַז זי געהער צו יענע פעלקער, וועמעס קולטור זי האָט איינגעזויגן אין זיך. וויפל שאַנסן זענען אין אַזאַ לאַגע פאַראַן, אַז אַ טייל פון איר זאָל זיך פרייוויליק אָדער געצוווּנגע־נערהייט צוריקקערן צום פאָלק? וויפל שאַנסן זענען פאַראַן, אַז דער טייל זאָל האָבן אין זיך אַ שטאַרקן סאָציאַליסטישן עלע־מענט? וויפל שאַנסן בלייבן, אַז אָט דער סאָציאַליסטישער עלע־מענט זאָל האָבן אין זיך אַ וועלכן עס איז פּראָצענט פון זעלב־שטענדיק־דענקנדיקע און שאַפנדיקע גייסטער? מוז נישט יעדער איינער פון דער אינטעליגענץ, וועמעס גייסט עס האָט אַריבער־געוואַקסן די מיטלמעסיקייט, לכתחילה גאָרנישט האָבן קיין שאַנסן אַוועקצוגיין פון יענער פרעמד, וואָס האָט אים געצויגן צו זיך? אויף וואָס פאַר אַ מדרגה פון זעלבשטענדיקן שאַפן דאַרפן זיך געפינען יענע, וואָס זענען געבליבן אינדערהיים, אָדער צוריקגעשטויסן געוואָרן פון דער פרעמד? און אויף וואָס פאַר אַ שפע, אויף וואָס פאַר אַ געדאַנקען־רייכטום קאָן מען פון זיי האָפן?

גיט נאָך צו צו דעם חשבון דעם פאַקט, אַז אַפילו אָט דאָס ביסעלע גייסטיקע אָרעמקייט, וואָס מוז אויספאַלן אויף דעם

גורל פון דעם יידישן סאָציאַליזם, אַז אָט די „דריטהאַלבן״ אינטע־ליגענטן, וואָס האָבן גענומען באַאַרבעטן דאָס פעלד פון דעם יידישן סאָציאַליזם, האָבן אַ דאַנק זייער קליינינקן האָריזאָנט, זיך אויך געמוזט שטעלן קליינינקע, פיגמייען־אַרטיקע אויפגאַבן.

זיי האָבן אויף דער יידישער אַרבעטערשאַפט נישט געקאָנט קוקן, ווי עס קוקט די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ פון אַ וועלכן עס איז אַנדער פאָלק אויף איר אייגענעם פּראָלעטאַריאַט. פאַר דער „יידיש־שפּרעכנדיקער״ סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ זענען די יידישע אַרבעטער־מאַסן געווען נישט יענער עלעמענט, וואָט דאַרף אויפהויבן אויף זיינע אַקסלען דעם גאַנצן פּראָגרעס פון דעם גאַנצן פאָלק, אין אַלע זיינע טיפע און פאַרצווייגטע פּראָבלעמען און עס אומגעשטאַלטן לויט דעם סאָציאַליסטישן אי־דעאַל. פאַר זיי, פאַר די „יידיש־שפּרעכנדיקע״, זענען די אַרבע־טער־מאַסן געווען רעקרוטן פאַר אַ פרעמדער סאָציאַליסטישער אַרמיי. — רעקרוטן, וועלכע דער יידישער „דיאַדקע״ דאַרף „אויסמושטירן״ נאָר אויף אַזוי פיל, אַז זיי זאָלן קאָנען דעם אלף־בית פון דער סאָציאַליסטישער „סלאָוועסנאָסט״, און זיין באַהאַוונט אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן „רעכטס־לינקס ! רעכטס־לינקס !״

האָט מען דערגרייכט די מדרגה, איז דעמאָלט — מאַרש צו דעם שטים־קאַסטן אָדער צו דער באַריקאַדע ! מאַרש אין די קאַזאַרמעס פון יענעם „רעגימענט״, צו וועלכן מען האָט זיי לכתחילה „אָפּגעגעבן אין סאָציאַליסטן״.

קאָן דאָס זיין אַ חדוש, וואָס דער יידישער סאָציאַליזם איז אַזוי רייך אין — עם־הארצות ? אדרבא! דער חדוש איז, וואָס ער האָט אונטער אַזעלכע באַדינגונגען פאָרט באַשאַפן אַ מער אָדער ווייניקער אינטעליגענטע און קולטורעלע אַטמאָספער.

אָבער ווי די מעשה איז, איינס איז קלאָר אויף זיכער: אַז דער אַסימילאַציע־געדאַנק האָט געמוזט, ווי אַן אָנגעגליטער ויסטן־ווינט, אויסטריקענען אַלע לעבעדיקע זאַפטן און איבערלאָזן נאָך זיך די וויסטעניש פון עם־הארצות. אָבער אויך דאָס דאַרף אונז נישט וווּנדערן, וואָס די עם־הארצות ווערט פון אַ טרויע־ריקן פאַקט אויפגעהויבן צו דער מדרגה פון אַ טאַקטישן פּרינציפּ :

עם־הארצות צוליב עם־הארצות. די יידישע אַרבעטערשאַפט טאָר נישט שטרעבן צו אַן אייגן, רייך־זעלבשטענדיק יידיש קולטורעל לעבן, וואָס זאָל אַרויסברענגען אַן אייגענע יידישע שטאַרקע אינטעליגענץ, ווייל ווי נאָר דער אַרבעטער וואַקסט אַריבער דעם עם־הארצישן מעמד, טאָר ער זיך שוין נישט רעכענען פאַר קיין יידן, דאַרף ער שוין צושטיין צו דער קולטור פון די אומות העולם.

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז אָט די פרינציפיעלע עם־הארצות האָט געמוזט מיט קרומע בליקן פון חשד און ווידערווילן קוקן אויף יעדן איינעם, — סיי אינטעליגענט, סיי אַרבעטער, — וועמען עס האָט געשטיקט דער ענגער „רעכטס־לינקס! רעכטס־לינקס!” פון דער אָפיציעלער אויפקלערונג, און וועמען עס האָט געשלאָגן צו דער נשמה פון דער מאָגערער, שימל־שמעקנדיקער זופּ, וואָס מען פלעגט אים געבן פון דעם אַלגעמיינעם קאַזאַרמע־קעסל.

די בונדיסטישע טעאָריעס האָבן זיך ווייניק, אפשר גאָרנישט באַשעפטיקט מיט דער פּראָבלעם פון דער אינטעליגענץ און די אינטעליגענטע באַדערפענישן פון די אַרבעטער־מאַסן. די בונדיסטישע אינטעליגענץ האָט מסתמא איבערהויפּט נישט געהאַט קיין וועלכע עס איז מיינונג וועגן דעם, און אויב זי האָט יאָ געהאַט, איז דאָס געווען אַ פּאַרטיק־אַריבערגענומענע פון דעם טעאָרעטישן „צייג־הויז”, צו וועלכן דער בונד איז געווען צוגעשריבן: אָט ווי פּלעכאַנאָוו דענקט וועגן דעם, ווי אַלע אַנדערע גוטע און פרומע מאַרקסיסטן דענקען וועגן דעם, אַזוי אויך דענקט דער „בונד”. דערפאַר אָבער איז דער שטאַנדפּונקט פון פּרינציפּיעלער עם־הארצות קלאָר און בולט אויסגעטרעטן אין דער בונדיסטישער פּראַקטיק.

דער „בונד” האָט, ווי יעדע אַנדערע אַרבעטער־באַוועגונג, זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן אינטעליגענטן, — אָבער גאָט! וואָס פאַראַ פינסטערע מערכה די אינטעליגענץ האָט ביי אים געהאַט, צו וואָס פאַראַ טיפער טראַגיק ער האָט געבראַכט איר לעבן! עס האָט אויסגעוויזן, אַקוראַט ווי דער „בונד” וואָלט בנוגע צו דער אינטעליגענץ געוואָלט פאַרווירקלעכן יענעם רעצעפּט, וועלכן פּרץ פריידע די האָלאָדריגיכע האָט אויסגעאַרבעט פאַר דער יידישער

ברוי, ווי זי זאָל זיך באַגיין מיט איר מאַן: „וואָס אים קומט על פי דין", האָט זי געטענהט, „וואַרפט אים, ווי אַ הונט אַ ביין, און דערנאָך — נאָך געפלוכט!"

איך ווייס נישט, וואָס די בונדיסטישע מאַסן האָבן צוגעוואָרפן דעם אינטעליגענט, ווי אַ הונט אַ ביין, וואָס זיי האָבן גערעכנט, אַז דאָס קומט אים פאַרט „על פי דין", אָבער געפלוכט האָבן זיי, חוזק געמאַכט האָבן זיי. דאָס לעבן פאַרביטערט האָבן זיי, ווי ביי קיין אַר־בעטער־פּאַרטיי אין דער וועלט, צו קיין צייט אין דער וועלט.

די בונדיסטישע קרייזן האָבן אַרויסגעבראַכט דעם שאַנד־און שפּאָט־נאָמען: „היינטעליגענט!" אויף די, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן זייער לעבן פאַר דער אַרבעט צווישן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. און אונטער וואָס פאַראַ שרעקלעכער קאָנטראָל דער געוויינלעכער „היינטעליגענט" איז געשטאַנען! מיט וואָס פאַראַ קאַזאַרמעדיקער פּינקטלעכקייט מען פלעגט אָפּמעסטן פאַר אים יענע „פּאָרציע" פון אַלגעמיין־מענטשלעכער בילדונג, וועלכע דער „היינטעליגענט" האָט געמאָגט אַריינגעמען אין זיך...

מיר איז באַקאַנט אַ פאַל, ווו די „אָרגאַניזאַציע" איז געווען שטאַרק אומצופרידן מיט איר פּראָפּאַגאַנדיסט, ווייל ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט פּסיכאָלאָגיע. און מיר איז באַקאַנט נאָך אַן אומגלויבלעכער פאַל, ווו אַ פּאָר אַרבעטער זענען אַריינגעגאַנגען צו זייער „אינטעליגענט" און האָבן אים גענומען, גלאַט מיר־נישט, דיר־נישט, שלאָגן מכּות רצח... און דער אינטעליגענט? „ער איז געזעסן און געוויינט מיט ביטערע טרערן", — אַזוי האָט דערציילט איינער פון די אַרבעטער, וואָס האָבן אויף אַזאַ אופן אויסגעלאָזן זייער ביטערן האַס צו דער „היינטעליגענץ"...

שטענדיק, ווען איך דערמאָן מיך אָן דעם פאַקט, גייט דורך אַ שוידער איבערן לייב... איך גיב צו, אַז דער פאַקט איז, אין דער גאַנצער לעבנס־געשיכטע פון דעם „בונד", אפשר געווען דער איין־איינציקער פון זיין אַרט. אָבער אַפילו אַזוי, איז ער אויך אַ געװיס קלאָרער צייכן, צו וואָס פאַראַ מדרגה עס איז ביי דעם יידישן אַרבעטער אָנגעוואַקסן דער חשד און די שנאה צו זיינע אינטעליגענטע לערער און פירער.

ס'איז אמת, אַז אין דעם קאַמף אַנטקעגן דער אינטעליגענץ האָט זיך אויסגעדריקט די איבערגעהיצטע פּראָלעטאַרישקייט, דעם אַרבעטערס קלאַסן־שטאָלץ, וואָס איז מבטל כּקליפּת השום אַלץ, װאָס איז נישט ער און װאָס האָט די העזה צו קוקן אויף אים פון אויבן אַראָפּ — און לאָז דאָס זיין אַפילו מר בר רב אשי אַליין!

פון דער אַנדערער זייט איז אויך דאָס אמת, אַז אָט די איבערגעהיצטע פּראָלעטאַרישקייט האָט אַריינגעטראָגן אין די אַר־בעטער־מאַסן נישט קיין אַנדערער, װי די מאַרקסיסטישע אינטע־ליגענץ אַליין. דער אינטעליגענט, דער נישט־אַרבעטער, דער חוזר בתשובה פאַר זיין נישט פּראָלעטאַרישער עקזיסטענץ, האָט אפשר אַליין געבענקט נאָך יענע גייסטיקע און פיזישע „מלקות", װעלכע די אַרבעטערשאַפט האָט אים מיט גרויס התמדה אויסגעציילט „אחת ואחת".

אָבער אין דער װירקלעכקייט איז געװען און איז נאָך עד היום זייער שווער אויסצוגעפינען דעם גרענעץ, װו עס ענדיקט זיך די חוזר־בתשובה־שטימונג, דער „יסורים־של־אהבה"־דאָרשט, און װו עס הויבט זיך אָן די איינפאַכע געמיינע דעמאַגאָגיע, װאָס חנפהט זיך אונטער צו דעם „ברודער־אַרבייטאָרער" און קיצלט אין אים די געפערלעכע ליידנשאַפט, דעם געפיל פון װיסטער גאוה, דעם ליידיקן „אתה־בחרתנו"־באַװוסטזיין, װאָס בלאָזט פאַנאַנדער די אייגענע אָרעמקייט ביז צו דער מדרגה פון אַ שיר געטלעכער װיכטיקייט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

דער „ברודער־אַרבעטער" איז שיר נישט געװאָרן אַ גאָט אין די אויגן פון דעם סאָציאַליסט, און דעם דעמאַגאָג איז נישט געװען שווער צו פאַלן אין שטויב פאַר דער נייער גאָטהייט און רויכערן קטורת פאַר איר, װאָס זאָלן זיין „אַ ריח־ניחוח אין אירע נעזלעכער". אַלץ האָט מען מקריב געװען אויף דעם מזבח פון דער נייער גאָטהייט און מען האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר דאָס װירקלעך העכסטע אין דעם לעבן פון דער מענטשהייט: קולטור, װיסנשאַפט, בילדונג.

דאָס מערקווירדיקסטע און אינטערעסאַנטסטע אין דעם גאַנצן

צין איז דער פאַקט, וואָס דער קאַמף אַנטקעגן דער אינטע־ליגענץ און דער טיפערער בילדונג איז אַ פּראָדוקט פון דער אינטעליגענץ און איז נ י ש ט אַרויסגעוואַקסן פון דער אַרבעטער־שאַפט גופא.

אדרבה, די בעסערע שיכטן פון די אַרבעטער האָבן תמיד געקוקט אויף זייער לאַגע מיט מער ניכטערע אויגן איידער דאָס האָט געטאָן די אינטעליגענץ; פאַר זיי איז די „פּראָלעטאַריש־קייט", די אורזאַך פון סאָציאַלער אָרעמקייט און קולטורעלער פינסטערקייט, קיינמאָל נישט געווען קיין „שיינדל", נאָר אַ צרה, פון וועלכער מען מוז זען וואָס גיכער פּטור צו ווערן. און זיי וועגען געווען גערעכט. אין דעם פּראָלעטאַרישן פּעסימיזם פון די אַרבעטער און נישט אין דער יום־טובדיקער פּראָלעטאַרישקייט פון דעם אינטעליגענט דריקט זיך באמת אויס יענער אינעווייניקסטער פאַרבאָרגענער קלאַסן־זין, אין וועלכן עס באַשטייט די היסטאָרישע מיסיע פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט: דאָס אָפּשאַפן פון דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט אַזוי, אַז אין דעם געזעלשאַפט־לעכן לעבן זאָל קיין זכר נישט בלייבן פון דער גאַנצער פּראָ־לעטאַרישקייט.

דעם באמת ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש־דענקנדיקן אַרבעטער איז קיינמאָל אין זין נישט אַרויף צו קעמפן אַנטקעגן קולטור און בילדונג, ד. ה. אין לעצטער ליניע אַנטקעגן אינטעליגענץ. אומגע־קערט, ווו עס איז נאָר געווען אַ מעגלעכקייט, האָט זיך דער אַרבעטער געריסן צו בילדונג און אויפקלערונג, און דער בעס־טער באַווייז דערצו איז דעם לעבן פון דעם „בונד" זענען גע־ווען די שטענדיקע אָפּאָזיציאָנעלע שטרעמונגען, וואָס האָבן קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו באַאומרואיקן די אָפיציעלע בונדיסטישע עקזיסטענץ. כמעט אַלע אַזעלכע אָפּאָזיציעס זענען אַרויסגעוואַקסן פון דעם דראַנג פון די יידישע מאַסן צו מער בילדונג און ליכט. און אַזוי ווי די יידישע ליטעראַטור איז געווען צו אָרעם, זי זאָל קאָנען באַפרידיקן זייער הונגער נאָך וויסנשאַפט, האָבן דאָס רוב „אָפּאָזיציעס" געמוזט אַרויסטרעטן מיט אַן אַסימילאַטאָרישער טענדענץ — איבערגיין אינגאַנצן צו דער ר ו ס י ש ע ר באַווע־

גונג, — צו דער „איסקראַ" אָדער צו די סאָציאַליסטן־רעוואָלו־ציאָנערן, — ווו זיי האָבן געהאָפט צו געפינען און האָבן ווירק־לעך געפונען אַ רייכערע קולטורעלע אַטמאָספער.

עס קאָן זיין, אַז גראָד די שטענדיקע אָפּאָזיציעס האָבן געצוווּנגען די אָפיציעלע פירער פונם „בונד" פּאָרט מער צוצו־הערן זיך צו דער שטים פון דער נאַציאָנאַל־געזאָנענער מינאָרי־טעט זיינער, וואָס האָט אַלעמאָל פאַרלאַנגט אַ שטאַרקערע קול־טורעלע טעטיקייט, לאָז זיין נאָר אין דער פאָרם פון בעסערע און ערנסטערע ביכער אין יידיש: דער „בונד" האָט איבערגע־זעצט און אַרויסגעגעבן אייניקע בעסערע ווערק פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ליטעראַטור, וואָס נאָר די אַנטוויקלטערע עלעמענטן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט האָבן געקאָנט לייענען און פאַרשטיין; צווישן די ווערק — אויך דעם „קאָמוניס־טישן מאַניפעסט" פון מאַרקס און ענגעלס.

וואַרפט מען אָבער אַראָפּ פון חשבון די פּאָר אויסנאַמען אין דעם „בונדס" טעטיקייט, ווו ער האָט זיך כּלומרשט גע־רעכנט מיט די באַדערפעניש פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, בלייבט איבער אַ בילד, וואָס ווייזט אַרויס זייער חייניק פריינטלעכקייט צו דער אינטעליגענץ, צו איר זעלבּ־שטענדיקן שאַפן און אַנטוויקלען זיך. וואָלט מען אַלע סאָציאַליס־טישע פּאַרטייען איינגעטיילט אין אינטעליגענץ־פריינטלעכע און אין אינטעליגענץ־פיינטלעכע וואָלט מען דעם „בונד" גאַנץ באַשטימט באַדאַרפט צורעכענען צו די לעצטערע און אַוועקשטעלן אים אין דעם פּרט אין איין ליניע מיט די סינדיקאַליסטן. מיט זיין גאַנצן „נאַציאָנאַליזם", מיט זיין גאַנצער אמתער איבערגעגעבנהייט צו די אינטערעסן פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין גלות, האָט דער „בונד" פּאָרט נישט איינגעזען. ווי אוממעגלעך עס איז פאַר דער יידישער אַרבעטערשאַפט אָנצונעמען אַזאַ שטאַנדפּונקט בנוגע צו דער יידישער אינטעליגענץ.

ווען דער כּהן־גדול פון דער סינדיקאַליסטישער טעאָריע, לאַגאַרדעל, שיט אָן אויפהער ברענענדיקע קוילן אויף די קעפּ פון דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ; ווען דער מי־שהיה

מאַקסימאַליסט, לאַווינסקי, מאַכט פון זיי אינגאַנצן אַ תל און באַשולדיקט זיי אין אַלע אומגליקן, וועלכע ער דערבליקט אין דער סאָציאַליסטישער טעאָריע און פראַקטיק; אַפילו ווען מ אַ כ אַ י ע וו גורט אָן זיינע לעבדן און טרומייטערט צונויף די אַרבעטער צו אַ הייליקן קריג אַלץ טאַקע אַנטקעגן דערדאָזיקער אינטעליגענץ,— קאָן זיך דאָס בשום אופן נישט אָפּרופן אויף דעם קולטור-צושטאַנד און דעם וויסנסגראַד פון די אַרבעטער-מאַסן.

די שפּייכלערס פון דעם מאָדערנעם וויסן אין די איירָאָפּעאישע שפּראַכן זענען אַזוי רייך, אַזוי אָנגעלאָדן מיט „כל טוב", אַז דער אַרבעטער, וואָס האָט נאָר אַ ביסל חשק צו גייסטיקער אַרבעט, וואָלט זיך אַליין געקאָנט דערשלאָגן צו דער העכסטער מדרגה פון מענטשלעכער בילדונג, אַפילו ווען דער גאַנצער פּראָצעס פון באַשאַפן נייע קולטור-אוצרות וואָלט מיט געוואַלט און לגמרי אָפּגעשטעלט געוואָרן ביז „אויף מאָרגן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע".

קיינער פאַרווערט נישט דעם אַרבעטער דורך אייגענעם שטודירן אַריינצונעמען אין זיך די גאַנצע רייכע קולטור פון זיין פאָלק און אַליין צו ווערן אַן אינטעליגענט; ביבליאָטעקן, מוזייען, פאָלקס-פאָרלעזונגען זענען אָפן פאַר אַלעמען, און צייט געפינט יעדער, וואָס שפּירט אין זיך דעם ווילן צו אַ העכערן זיין. דורך אייגענער קראַפט און אָנשטרענגונג זענען די אַ ר ב עט ע ר פּיער לערו, פּרודאָן, מאַלאָן, אויגוסט בעבעל, האַזענקלעווער, יאָהאַן מאָסט און נאָך אַנדערע געוואָרן דאָס, וואָס זיי זענען געוואָרן: מענטשן, וואָס שטייען אויף דער בילדונגס-הויך פון זייער צייט און באַרייכערן, ווי פּרודאָן, דעם קולטור-אוצר פון דער מענטשהייט.

אויב די איירָאָפּעאישע אַרבעטערשאַפט האָט נישט אַרויסגעבראַכט פון זיך קיין גרעסערע צאָל זעלבשטענדיקע דענקער און פאָרשער, זענען צו אַ געוויסן טייל שולדיק אין דעם די איירָאָפּעאישע אַרבעטער גופא. אַ סך פון די, וואָס האָבן געקאָנט גיין דעמזעלביקן וועג פון לערו און פּרודאָן האָבן נישט געוואָלט גיין אין דעם וועג און האָבן בעסער דערטרונ-

קאָן זייער נישט־געוויינלעכע גייסטיקע ענערגיע אין — שכרות און זנות. וועגן די מאַסן פון די אייראָפּעאישע אַרבעטער איז דאָך שוין אינגאַנצן אָפּגערעדט. זייער ווילן צו אַ העכערן קולטורעלן גייסטיקן לעבן האָט ליידער לעת־עתה זייער אַ קנאַפּן אימפּעט.

אין אַ גאַנץ אַנדערער לאַגע געפינט זיך די יידישע אַרבעטערשאַפט.

אויב עס איז דאָ ווו עס איז אין דער וועלט אַן אַרבעטערקלאַס, וואָס וויל זיך אויפהייבן צו אַ העכערער גייסטיקער וועלט, אויף וועמען דער יצר־הרע פון שכרות און זנות האָט אַזאַ מינימאַלע ווירקונג; וואָס לעכצט און גייט אויס כמעט אין בוכשטעבלעכן זין פון דעם וואָרט נאָך אַ וואַסער צו איז שטראַל פון אויפקלערונג; וואָס האָט אין זיך די שטאַרקע ענערגיע, דעם לאַנג־אָנהאַלטנדיקן אימפּעט אַרויסצורייסן זיך פון זיין פינסטערער עם־הארצות, און וואָס איז ליידער פאַרהינדערט דאָס דורכצופירן, — איז דאָס געוויס די יידישע אַרבעטערשאַפט.

מיט אייגענע כּוחות קאָן זי זיך נישט אַרויסרייסן פון דער עם־הארצות, און די אינטעליגענץ העלפט איר נישט אין דעם; זי קאָן דאָס נישט, ווייל די שפּייכלערס פון דער יידישער קולטור זענען ליידיק און וויסט; ווייל עס איז נאָך נישטאָ צוליב וואָס צו בויען שפּייכלערס; ווייל די יידישע אינטעליגענץ, אין וועלכער מיר נויטיקן זיך ווי אַן אויסגעטריקנט פעלד נויטיקט זיך אין אַ רעגן, איז — אָדער זי טראָגט זיך אַרום ווי וואָלקנס איבערן בלויען ים, וואָס גיסן זיך סוף־כּל־סוף אויס אין אַ פרעמדן ים, אָדער זי פאַרסמט דעם בילדונגס־דאָרשט פון די מאַסן דורך איר פּרינציפּיעלער עם־הארצות, דורך דער אַסימילאַטאָרישער גזירה, אַז אין יידיש האָט די אַרבעטערשאַפט אַ רעכט צו געניסן נאָר די פאַרוואַסערטע פּאָפּולאַריזאַציעס; אַז קוים האָט דער יידישער מענטש דעם כּוח און דעם ווילן אַריינצודרינגען טיפער אין דער גייסטיקער אַרבעט פון דער מענטשהייט, אַזוי דאַרף ער שוין פאַרלאָזן זיין אייגענע יידישע אַטמאָספער און צושטיין צו אַ פרעמדער קולטור.

דעם „בונדס" קולטורעלע אַרבעט פאַר דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט דעם גייסט פון פיינטשאַפט צו דער אינטעליגענץ, מיט דעם גייסט פון עם־הארצות אויס פּרינציפּ. עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס ער האָט אַזוי אָפן געפּילדערט אַנטקעגן דער אַסימילאַציע. אין תוך אַריין האָט ער זיך קיינמאָל נישט אינגאַנצן באַפרייט פון איר. ער האָט דער אַסימילאַציע בעגעבן נאָר אַ „גט אויף אַ תנאי": באם דאָס יידישע פאָלק וועט דורך אייגענע כּוחות אויסאַרבעטן אַן אייגענע יידישע קולטור, איז דעמאָלט, ב א י ן ב ר י ר ה: זיי געזונט געליבטע אַסימילאַציע! אָבער פונדעסטוועגן פאַל נישט אַריין אין אַ מרה־שחורה! עס קאָן נאָך זיין, אַז דער „נאַטירלעכער אַנטוויקלונגס־גאַנג" וועט אויף אונז רחמנות האָבן, און מיר וועלן נאָך ווידער ליגן אין דיינע זיסע אָרעמס...

מען שרייבט איצטער פון רוסלאַנד, אַז דער ווידער־דערוואַכנדיקער „בונד" האָט פאַרביטן דעם תנאי־גט אויף אַן אייביקן שיידונגס־בריוו, אָדער ער קלייבט זיך דאָס צו טאָן אינגיכן. אַז מיר וועלן לעבן, וועלן מיר זען. איינס איז אָבער זיכער, אַז דער אייביקער גט מיט דער אַסימילאַציע וועט אינגאַנצן מתּון איבערבייטן דעם „בונדס" טאַקטיק אין דער אונז־אינטערעסירנדיקער פראַגע.

דער שטאַנדפּונקט פון פּרינציפּיעלער עם־הארצות, דער קאַמף אַנטקעגן אַ זעלבשטענדיקער יידיש־סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ האָט אָבער ערגעץ נישט געהערשט אַזוי פאַרעקשנט, ווי אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע.

דער אָנהויב פון דעם יידישן סאָציאַליזם אין ענגלאַנד און אַמעריקע פאַלט צונויף מיט דעם אָנהויב פון די אַכציקער יאָרן פון דעם פאָריקן יאָרהונדערט, ווען מאָריס ווינטשעווסקי האָט צום ערשטן מאָל גענומען אין לאָנדאָן אַרויסגעבן „דאָס פּוילישע אידעל". ליידער בין איך נישט באַקאַנט מיט דעם כאַראַקטער

פון דערדאָזיקער ערשטער יידיש־סאָציאַליסטישער צייטשריפט. איין זאַך ווייס איך נאָר, אַז אין ערשטן אַרטיקל פון דעם ערשטן נומער האָט דער רעדאַקטאָר זייער וואַרעם גערעדט וועגן יידיש און זיין רעכט צו ווערן אַ ליטעראַטור־שפּראַך.

אָבער — ווי ווייט איז געגאַנגען דאָס יידישקייט פונם „פוילישן אידעל״? איז שוין דעמאָלט „דעם זיידן״ געווען קלאָר, אַז דער יידישער סאָציאַליזם דאַרף, ווי דער סאָציאַליזם פון אַלע אַנדערע פעלקער, זיין אַ באַזונדער צווייג אויף דעם בוים פון דעם אינטערנאַציאָנאַל? האָט ווינטשעווסקי, בעת ער האָט געלייגט דעם גרונטשטיין צו דעם נייעם געביי, געהאַט אין זין, אַז דער בנין זאָל זיין נישט אַ צייטווייליק ביידל פאַר די, וועלכע מען דאַרף אויסמושטירן און „אָפּגעבן אין סאָציאַליסטן״ צו די אומות העולם, נאָר אַ פּאַלאַץ, וווּ עס זאָל לעבן און זיך אַנטוויקלען דער פּראָגרעסיווער געדאַנק פון דעם יידישן פאָלק? און אויב דער לעצטער צוועק איז אים נישט געווען אינגאַנצן פרעמד, — איז ווי האָט זיך ווינטשעווסקי פאָרגעשטעלט די ראָלע פון דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ און די כּוחות, וואָס דאַרפן זי אַרויסרופן אין לעבן?

אויף די אַלע פראַגן קאָנען מיר ליידער נישט געבן קיין ענטפער. דעם „זיידנס״ שטעלונג צו דער נאַציאָנאַל־יידישער פּראָבלעם, אין די פאַרשיידענע פּאַזן פון זיין לעבן, פאַרדינט אַ באַזונדער אונטערזוכונג, און דערווייל קאָן נאָר איינער זי מאַכן: דער זיידע אַליין.

על פּי סברה בין איך מיר משער, אַז די שטעלונג צו דעם פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלן געדאַנק איז ביי אים געווען נישט גאָר קיין פריינטלעכע; אז אין דעם פּונקט איז זיך ווינטשעווסקי נישט פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט די איבעריקע פאַרטרעטער פון זיין סאָציאַליסטישן דור: וואָס גיכער יידן וועלן פאַרשווינדן, האָבן זיי געמיינט, אַלץ בעסער סיי פאַר די יידן, סיי פאַר דער מענטשהייט. ממילא קאָן פון אַ יידישן סאָציאַליזם, ווי אַ באַזונדער שטראָם אין דעם סאָציאַליסטישן וועלט־געדאַנק, גאָר קיין רייד נישט זיין, און ממילא איז אַ יידיש־סאָציאַליסטישע אינטע-

ליגענען אין תּוך אַריין אַן איבעריקע זאַך. אַ פּאָר האַלב־ און פערטל־אינטעליגענטן, אַ פּאָר יעפרייטאָרס און פעלדפעבלס איז גענוג אויף צו באַזאָרגן אַלע בויטן פון דער יידיש־סאָציאַליסטישער קאַזאַרמע. און אויב דער זיידע און די איבעריקע פירער נע־מען אויף זיך די נישט גאָר בכּבֿודיקע ראָלע פון העכסטנס אַ „פּאַד־פּראַפּאָרשטשיק", קומט זיי דערפאַר נאָך אַ באַזונדער דאַנק: זיי זאָגן זיך פרייוויליג אָפּ פון העכערע ראַנגען, וואָס זיי וואָלטן אפשר געהאַט אין דער פרעמד, און גיבן זיך אַוועק צוליב דעם אידעאַל, פאַר אַן אַרבעט, וואו קיין אומשטערבלעכקייט וועט מען שוין געוויס נישט פאַרדינען, ווייל זי מוז אָפּשטאַרבן אינאיינעם מיט דעם פאָלק.

אַזאַ „בטול היש" פאַרדינט אפשר דעם גרעסטן רעספּעקט. איך מוז אָבער מודה זיין, אַז מיין האַרץ וויל אים בשום אופן נישט געבן, וואָס אים קומט. נישט־צו־רייסן־זיך אין דער הויך צו די ווייטע הימלען, פאַרלעשן אין זיך די בענקשאַפט נאָך דער לופט פון די העכסטע בערג, איינשנורעווען דעם גייסט אין דעם „בינונים" קאָרסעט ביז צום דערשטיקן, בעת אין האַרצן ברויזן נאָך יונגע, פרישע שאַפונגס־כּוחות, — דאָס איז, נאָך מיין מיינונג נאָך, די ערגסטע זינד אַנטקעגן זיך אַליין — אַ חטא, וואָס קאָן אייביק נישט פאַרגעבן ווערן.

נאָר — דער חטא איז באַגאַנגען געוואָרן, און דער שול־דיקער וועט זיך אפשר פּרווון ריינוואַשן דערמיט, וואָס ער וועט אונז וועלן איינשמועסן, אַז עס זענען נאָך ערגעץ נישט געווען קיין יונגע, קיין פרישע שאַפונגס־כּוחות; אַז עס האָט ערגעץ־נישט גאָרנישט־נישט געבראַוזט און געשפּרודלט, אַז דעם „בינונים" קאָרסעט האָט קיינעם נישט געשטיקט, ווייל עס איז געווען אַלעמען נאָך דער מאָס.

אָבער, אויב מען קאָן נאָך אפשר צוגעבן — זיכער בין איך נישט — אַז די דערקלערונג פּאַסט צו דער מערהייט פון יענע „פירער", וועלכע די יידיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט אַרויסגעבראַכט אין ענגלאַנד און אַמעריקע, טויג זי אַבסאָלוט נישט פאַר דעם פאַל ווינטשעווסקי. זיינע ערשטע יידישע שריפטן

טראָגן אויף זיך אַזוי קלאָר די סימנים פון אַן אמת־אָריגינעלן פּובליציסטישן טאַלענט און פון אַן אייגענער רייכער נשמה, אַז מען האָט געקאָנט דערוואַרטן פון דעם „זיידן" עפּעס אַזוינס, מיט וואָס דער יידישער סאָציאַליזם וואָלט געמעגט שטאָלצירן פאַר דער וועלט.

און וואָס איז געוואָרן פון אָט דעם טאַלענט? ווי האָט ער זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן אין דער יידיש־סאָציאַליסטישער אַטמאָספער?

די אייביקע נויט נישט צו טראַכטן דאָס, וואָס דער גרויסער עולם וועט נישט פאַרשטיין, דאָס אייביקע זיך צופּאַסן צו דעם עם־הארץ, האָבן געמוזט ביסלעכווייז דערשטיקן אין דער נשמה אַלץ, וואָס דאָרטן איז געווען אָריגינעל, וואָס האָט נישט געקאָנט אַרויסגעבראַכט ווערן מיט דער הילף פון בעל־עגלהשן „עברי־טייטש".

דאָס וואַקסן אַרויף, אין דער הויך אינאיינעם מיט דעם גרעסערן עולם איז פאַר דעם יידיש־סאָציאַליסטישן אינטעליגענט אויך געווען אָפּגעשניטן. וואַקסט דער דרדקי־מלמד אינאיינעם מיט זיינע תּלמידים? ווי נאָר זיי לערנען זיך אויס דעם קמץ־אלף, מוזן זיי אים פאַרלאָזן, און ער בלייבט ביי זיין אַלטן טייטל, מיט וועלכן ער נעמט זיך צו נייע תּלמידים... און אַזוי — יאָר אויס — יאָר איין!

סוף־כּל־סוף האָט איין בלום נאָך דער אַנדערער געמוזט פאַרוויאַלען, איין וואָרצל נאָך דעם אַנדערן אויב נישט אָפּשטאַרבן — איז פאַרחלשט ווערן, און ווינטשעווסקי איז איצטער אַ פאַרשנייטער גאָרטן, וואָס האָט קיינמאָל קיין רעכטן פרילינג נישט געזען, און האָט נישט געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען זיין שפע... עס קאָן זיין, אַז די נייע נאַציאָנאַליסטישע פאַזע אין דעם לעבן פון אָט דעם אַלטן קעמפער פאַר אַלגעמיין־מענטשלעכן פאָרשריט וועט צעשמעלצן דעם שניי, וועט אָפּפרישן זיינע פאַרחלשטע כּוחות און וועט אים נאָך באַשערן אַ צווייטן פרילינג, דערווייל מאַכט ער אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ קרבן, געפאַלן אויף דעם מזבח פון פּרינציפּיעלער עם־

הארצות, וואָס אויף איר האָט דער יידישער סאָציאַליזם געפּויט זיין געביי.

ווינטשעווסקי איז דער פאָטער פון דעם יידישן סאָציאַליזם אין זיינע ביידע געשטאַלטן: דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער און דער אַנאַרכיסטישער. אָבער די הויפּטראָלע האָט געשפּילט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, און איר געשיכטע איז ענג פאַרבונדן מיט דעם נאָמען פון אַן אַנדערן פירער, וואָס האָט בלי ספק געהאַט אַ סך אַ גרעסערע פּרינציפּיעלע און פּראַקטישע באַדייטונג, איידער ווינטשעווסקי. איך מיין דאָ אַבראַהאַם קאַהאַן.

מען זאָגט, אַז אַב. קאַהאַן וועט אייך איינגאַנצן געבן אַ שמעק טאַבאַק פאַר דער געשיכטלעכער באַדייטונג פון דער יידישער באַוועגונג בכלל און ממילא פאַר זיין אייגענער ראָלע אין איר בפרט, ווי וויכטיק זי זאָל נישט זיין. אויף אַ מאָנומענט אין „העסטער סטריט" האָפט ער נישט און פאַר דעם וועלט-היסטאָרישן „ונתנה תוקף" מיט זיין „מי יחיה ומי ימות" האָט ער ווייניק רעספּעקט. דאָס פּאַסט גאַנץ גוט צו דעם בילד פון דעם דרדקי מלמד, וועמעס ראָלע ער האָט פאַר זיך אַליין אויסגעקליבן. קאָן דען אַ דרדקי מלמד האָבן די פּרעטענזיע, זיין נאָמען זאָל פאַרשריבן ווערן אין די טאָוולען פון דער געשיכטע?

אַב. קאַהאַן האָט אָבער אין דעם פּונקט אַ געוואַלטיקן טעות, און וואָלט איך היינט געשריבן די געשיכטע פון דער יידישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין אַמעריקע, וואָלט איך נישט געקוקט, וואָס איך בין אַזוי בייז אויף אים (ווי מיר דוכט, אויס אַ גוט באַגרינדעטן פאַרוואָס), און וואָלט אים דערמאָנט אַ היפּשן ליסטער פאַרדינסטן זיינע, וועלכע וועלן, נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר, געוויס אויסגערעכנט ווערן אין די נעקראָלאָגן אויף אים און וועלן פון דאָרט, אין אָפּגעקירצטער פאָרם, איבערגיין אין דער געשיכטע.

דאָ האָבן מיר אָבער צו טאָן נאָר מיט איין פּונקט: מיט זיין ראָלע און באַדייטונג אין דער „פּרינציפּיעלער עם-הארצות" און דעם דורכפירן פון איר פּראָגראַם. אַב. קאַהאַן איז דער

אייגנטלעכער העלד פון דער פּראָגראַם, איך פאַרקערפּערער און באַזינגער, און בעסער איידער אויף אַנדערע, לאָזט זיך אויף אים באַווייזן דער גרונט־געדאַנק פון אונזער היינטיקער טעמע, אַז דער אייגנטלעכער וואָרצל פון דער עם־הארצות, די אייגנטלעכע סבה, פאַרוואָס אונזער סאָציאַליזם איז אַזוי אָרעם אין אינטעלי־גענץ, איז נישט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר — די פאַרבלענדעניש פון דער אַסימילאַציע.

אַב. קאַהאַן האָט, ווי מיר געדענקט זיך, ערגעץ נישט אַרויסגעזאָגט סיסטעמאַטיש זיין טעאָרעטישע שטעלונג צו דער פּראָבלעם פון דעם יידישן פּראָגרעסיוון נאַציאָנאַליזם. אָבער ס׳איז דאָ אַ פּרווו־שטיין מיט וועלכן מען קאָן באַשטימען אייגעמס געדאַנקען וועגן דעם פּרט. דאָס איז די שטעלונג צו דער באַשאַפונג פון אַן אייגענער יידישער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ, וואָס זאָל אין דעם לעבן פון דעם יידישן פאָלק שפּילן דיזעלביקע ראָלע, וועלכע יעדע אינטעליגענץ שפּילט אין דעם לעבן פון יעדעס פאָלק, און ווו מיר, יידישע סאָציאַליסטן, זאָלן זען צו באַקומען די גייסטיקע אויבער־מאַכט, דורך אונזער אידעאַל און דורך אונזער זשעני, דורך אונזער ערנסטער אַרבעט אויף אַלע פעלדער פון דער מענטשלעכער קולטור.

קאַהאַן איז תמיד געווען פייַנטלעך צו אַזאַ געדאַנק. דאָס איז דער איינדרוק, וואָס איז ביי מיר איבערגעבליבן פון אַלע מיינע דערינערונגען, פון אַלע געשפּרעכן, וואָס איך האָב מיט אים געהאַט, פון אַלע זיינע שריפטן, וואָס האָבן אַ שטיקל שייכות צו דעם ענין, און מיינע דערינערונגען גייען גאַנץ ווייט צוריק ביז צו דעם יאָר 1892 (אויב איך האָב נישט קיין טעות), ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געהאַט די ערע און דאָס פאַר־גענִיגן באַקאַנט צו ווערן מיט ווינטשעווסקין און קאַהאַנען אויף דעם ציריכער אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס.

אין יענע יאָרן האָט שוין דער פּראָגרעסיוו־נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר יידישער סאָציאַליזם העזהדיק אויפגעהויבן זיין קאָפּ און איז אַרויס מיט זיין פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער יידישער יוגנט, וואָס האָט שטודירט אין דער שווייץ. איך האָב געהאַט דאָס גליק און די

קע צו זיין דער פאָנען-טרעגער פון אָט דער נייער באַוועגונג. איך געדענק נאָך עד היום די טיפע פרייד, וואָס איך האָב דורכגעלעבט, דריקנדיק די הענט פון יענע צוויי ייִדישע דעלעגאַטן פון ייִדישע אַרבעטער, פאַרטרעטער פון דעם ייִדישן סאָציאַליזם, וואָס זייערע נעמען זענען שוין פון לאַנג אָן געווען איינגעבאַקן אין מיין האַרץ און אַרומגערינגלט מיט אַ שיין פון ליבע און שטאָלץ: ווינטשעווסקיס נאָמען פאַר זיינע שירים און פעליעטאָנען אינם „אַרבעטער פריינד”, קאַהאַנס נאָמען פאַר די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן וועגן זיין אַגיטאַציע צווישן די ייִדישע אַרבעטער און פאַר זיין פריערדיקער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט אין רוסלאַנד.

איך געדענק אויך דערפאַר דעם ברענענדיק-ביטערן פאַרדראָס, וואָס איך האָב געהאַט, בעת דער ערשטער פאָרשלאַג מיינער איז צוריקגעוויזן געוואָרן פון זיי.

און וואָס איז באַשטאַנען דער פאָרשלאַג?

אָן, איך בין דעמאָלט נאָך געווען אַ „פראַקטישער” מענטש און, הפנים, גאָר אַ גאון אין הלכות דיפּלאָמאַטיע. איך האָב חלילה נישט פאַרלאַנגט, די אַגיטאַציע אין לאָנדאָן און אַמעריקע זאָל שטאָלץ פאַנאַנדערוויקלען די ייִדישע פאָן; איך האָב חלילה נישט געפאָדערט, ווי איך האָב דאָס געטאָן אין דעם „יעווריי־סקי־עוורייאַם”, אַז די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג זאָל ווערן זעלבשטענדיק און זיך אַוועקשטעלן צום ציל די ווידערבאַלעבונג פון דעם ייִדישן פאָלק. איך האָב גערעדט „פראַקטישע” און „דיפּלאָמאַטישע” רייד...

באשר עס זענען דאָ ייִדישע אַרבעטער אויך אין רוסלאַנד און גאַליציע, צו וועמען מען מוז זיך ווענדן מיט דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אין ייִדיש; און באשר „זיי” מוזן דאָך סיי ווי סיי דרוקן ייִדישע אַרטיקלען אין זייערע צייטונגען, איז וואָלט אפשר געווען אַ סברה, מען זאָל די אַלגעמיינערע אַרטיקלען איבערדרוקן אין דער פאָרם פון זאַמלביכער. דאָס וואָלט געשאַפן אַ נויטיקע ייִדיש-סאָציאַליסטישע ביבליאָטעק פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע און וואָלט אין דערזעלביקער צייט פאַר-

האָט, אַז די בעסערע זאַכן זאָלן אַזוי מיר־נישט־דיר־נישט גיין לאיבוד...

די צייטן זענען דעמאָלט געווען שווערע פאַר דעם יידישן סאָציאַליזם. מען האָט געדאַרפט גאָר באַווייזן, אַז עס זענען דאָ יידישע אַרבעטער און אַז עס קאָן געמאָלט זיין אַ סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין יידיש. אַזעלכע זאַמלביכער וואָלטן באַוויזן דעם פּאַקט פון דער יידיש־סאָציאַליסטישער ליטעראַטור און וואָלט געגעבן אונז אַ היפּשן וואָפן אין די הענט.*)

ווינטשעווסקי האָט איינגעשטימט אויף דעם פאָרשלאַג. ער האָט באַדאַרפט איבעררעדן מיט קאַהאַנען און מיר געבן אַ תשובה. די תשובה איז געווען אַ לאַקאָנישע און קאַלטע: „קאַהאַן האַלט דערפון נישט”...

ווי היינט געדענק איך די ווערטער, וועלכע איך האָב אַמאָל אין מיין לעבן איבערגעחזרט מיט אַ ביטערן שמייכל פאַר זיך אַליין: „קאַהאַן האַלט דערפון נישט”. איך האָב געוווסט, אַז דאָס הייסט נישט נאָר „קאַהאַן”; אַז דאָס איז דער גזר־דין פון אַ גאַנצן דור, וועמעס אידייען קאַהאַן פאָרמולירט.

איך האָב אָבער אויף צו להכעיס „געהאַלטן דערפון”, אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז שוין געווען אָרגאַניזירט אַ גרופּע יונגע סטודענטן, וואָס האָט אונטער מיין רעדאַקציע איבערגעזעצט, איבעראַרבעט און פּאָפּולאַריזירט איינציקע זייער־וויכטיקע סאָציאַליסטישע ווערק: אַ פּאָר פון די יונגע לייט האָבן דערנאָך געשפּילט גאָר אַ חשובע ראָלע אין דעם „בונד”, און אַלע אונזערע אַרבעטן (אַ חוץ איינער: „גיזשיצקיס פאָרלעזונגען איבער סאָציאַלער עטיק”) זענען דערנאָך אַרויסגעגעבן געוואָרן פונם „בונד”**).

דאָס וויכטיקסטע פון אָט די ערשטע אויסגאַבן איז געווען

*) וועגן יענער טרויעריקער צייט וועל איך ווען עס איז שרייבן באַרייפות. איצטער קאָן מען שוין פון יענע צרות דערציילן אין פרייד און אין נחת.

**) מיין פאָרוואָרט צו די אַלע אַרבעטן אונטער דעם נאָמען „פאַרוואָס דווקא יידיש?”, וועלכע די גרופּע האָט נישט געוואָלט דרוקן, איז דערנאָך דערשינען אינעם ניו־יאָרקער „פאָרווערטס”... נישט שוין־זשע אונטער קאַהאַנס רעדאַקציע?

די איבערזעצונג פונם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט". עד היום בין איך שטאָלץ אָט אויף דעם שטיקל אַרבעט; ווייל דאָס איז געווען אויך אַ מאַניפעסט פון דער יידישער שפּראַך; אַ קלאָרער און נישט-אָפּצופרעגנדיקער באַווייז, אַז מען קאָן אין איר איבערגיסן יעדן, אַפילו דעם שווערסטן און אַבסטראַקטסטן שטאָף. אויף דער איבערזעצונג האָבן מיר נאָך דערפאַר געמאָגט זיין שטאָלץ, ווייל זי איז נישט נאָר אַ ריין-יידישע און אַ פּינקטלעך-יידישע, נאָר אויך די געטרייעסטע צום טעקסט, ווייניקסטנס, אַז מען פאַרגלייכט זי מיט דער רוסישער, וואָס איז געמאַכט געוואָרן, אויב איך האָב נישט קיין טעות, פון פּלעכאַנאָוון אַליין. זעט מען ערשט רעכט אירע מעלות... די איבערזעצונג פון דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" איז געווען אַ פּרינציפּיעלע נייס אין דעם „בונדס" ליטעראַטור און האָט נישט גאָר געשטימט מיט זיין גאַנצער טענדענץ.

נו, ווי האָט אַב. קאַהאַן באַגעגנט אָט די איבערזעצונג, מיט וועלכער יעדער יידישער סאָציאַליסט האָט געמאָגט זיין שטאָלץ? מיט אַ „פאַרניכטנדיקער" קריטיק! יידן דאַרפן נישט האָבן קיין איבערזעצונגען פון אַזעלכע ווערק, ווי דער מאַניפעסט, האָט ער געטענהט. פאַר יידן דאַרף מען „פּאָפּולאַריזירן" די איינצלנע קאַפּיטלעך...

און ווען איר וואָלט געפרעגט: פאַרוואָס דאַרפן צפעס יידן שטיין נידעריקער, איידער אַלע פעלקער? פאַרוואָס מעג דער בולגאַר און דער פין, און דער פלעמער און דער רוסין יאָ האָבן אַ אמתע איבערזעצונג פון אָט דעם קלאַסישן ווערק, און יידן נישט? קיין ענטפער אויף די פראַגן וואָלט איר נישט געפונען אין יענער קריטיק. אָבער דעם ענטפער איז לייכט געווען אַליין צו געפינען: יידן זענען נישט קיין פאָלק, ממילא דאַרפן זיי נישט האָבן קיין אייגענע ליטעראַטור און קיין אייגענע אינטעליגענץ; ממילא דאַרף דער יידישער סאָציאַליזם אויף אייביק בלייבן אַן עם-הארצישער. „אויף אייביק", ד. ה. אויף אַזוי לאַנג, ווי ער וועט לעבן. און קיין אריכת-ימים האָט אים קאַהאַן אוודאי נישט געווונטשן...

דיזעלביקע שטעלונג צו דער אונז אינטערעסירנדיקער פּראָבלעם געפינען מיר אויך אין אַן אַרטיקל זיינעם, וואָס ער האָט נישט לאַנג אָפּגעדרוקט אין דער „צוקונפט" אונטער דעם נאָמען: „אונזער אינטעליגענץ". אַזוי ווי דער אַרטיקל שענקט פיל אויפמערקזאַמקייט אויך אונזער טעטיקייט אין דער יידישער ליטעראַטור און אַזוי ווי די פּאָלעמיק פון אַב. קאַהאַן אַנטקעגן „דאָס נייע לעבן" איז נוגע גראָד דעם עצם פון אונזער פּראָבלעם, וועט דער לייענער קיין פּאראיבל נישט האָבּ, ווען איך וועל זיך אָפּשטעלן אויף אים עפּעס לענגער און מאַכ׳ן ״ייכערן געברויך פון מיין רעכט צו ציטירן.

אַב. קאַהאַן מאַכט מיר דעם פאָרוואורף, וואָס איך גיב אַרויס „דאָס נייע לעבן" פאַר אַ באַזונדער „סאָרט גייסטיקע מיוחסים". מיינע לייענער, מיינט ער, „זענען מייסטנס האַלב־אינטעליגענטן און אַלס רעדאַקטאָר" געפין איך מיך „אונטער דעם איינפלוס פון דער גייסטיק־אַריסטאָקראַטישער אַטמאָספער". עס וואָלט אַ סך בעסער געווען, ווען איך וואָלט „געווען פריי פון דיזן איינפלוס", ווען איך וואָלט געקאָנט זיך אַביסל אַרונטערלאָזן צו דעם פאָלק פון דעם הויכן פיעדעסטאַל פון דער תלמודיש־אינטעליגענטער וועלט, וועלכע רינגלט אים (ד. ה. מיך) אַרום". און דער צעטל פון באַשולדיקונגען גייט נאָך ווייטער. איך וועל זיך נאָך אומקערן צו אים און מיר וועלן זיך נאָך דורכשמועסן מעגן אים בהרחבה.

דערווייל לאָזט מיר נאָר ברענגען איין פאָרוואורף, וואָס קלינגט אַזוי אומדערוואַרטעט „נאַציאָנאַל". „אים קימערט", שרייבט אויף מיר קאַהאַן, „נישט דער גייסטיקער צושטאַנד פון פאָלק (!!), נאָר די פראַגע. צי זענען אויף יידיש געשריבן ביכער אויף דעמזעלבן אומפּאָפּולערן אַרט, ווי עס ווערן געשריבן די וויסנשאַפטלעכע ביכער ביי די אומות העולם".

אָט האָט איר עס ווידער: יידן דאַרפן נישט האָבן קיין ביכער, געשריבן „אויף דעמזעלבן אומפּאָפּולערן אַרט, ווי עס ווערן געשריבן די וויסנשאַפטלעכע ביכער ביי די אומות העולם"?

דערזעלביקער שטאַנדפּונקס, וואָס אין דער צייט פון דער קריטיק אויף דעם „מאַניפעסט".

דער „צוקונפט"-אַרטיקל גיט אונז אַ דערקלערונג פאַרוואָס דאָס מוז אַזוי זיין. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, זאָגט ער אין אַן אַנדער אָרט, איז אַ פּראָפּאַגאַנדע-באַוועגונג, און די איינציקע זאַך, וואָס מען דאַרף איז — פּאָפּולאַריזירן.

גוט! לאָמיר דערווייל אָננעמען, אַז דאָס איז אַ תירוץ מספיק, אָבער...

אָבער האָט ווען עס איז אַב. קאַהאַן אַ טראַכט געטאָן, אַז כדי צו קאָנען פּאָפּולאַריזירן, מוז מען עפּעס וויסן? איז אים ווען עס איז קלאָר געוואָרן, אַז אַ דאַנק זיין פאַנאַטיזם פון פּאָפּולאַריזאַציעס האָבן מיר נישט קיין פּאָפּולאַריזאַטאָרס? איך ווייס, אַז דאָס קלינגט אים אַ ביסל פרעמד און מיט באַליידיקטער גאוה וועט ער אונז „טייטלען" גראָד אויף אַזעלכע אַרטיקלען אין „פאָרווערטס". ווו מען לערנט די מאַסן, ווו מען זוכט זיי צו „בילדן" א. אַז. וו.

יאָ, גראָד די און ענלעכע אַרטיקלען האָב איך אין זינען, ווען איך זאָג, אַז מיר האָבן נישט קיין פּאָפּולאַריזאַטאָרס... איך וואָלט אים געקאָנט אונטערטראָגן אַ גאַנצע שיסל ווויסנשאַפטלעכע פערל, צונויפגעקליבן פון אונזער „פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכער" ליטעראַטור אין די ראַדיקאַלע צייטונגען. איך האָב מיך אָבער געפוילט צו קלייבן (קיינער וואָלט מיך דערפאַר נישט באַשולדיקט), און האָב אַרויסגענומען נאָר אייניקע וואָס וועלן האָפנטלעך אַ ביסל מער פאַנאַנדערפענען קאַהאַנס אויגן אויף דער ווירקלעכער לאגע.

גראָד אין דעם אַרטיקל וועגן קוקס דרום-פּאָל-רייזע, אויף וועלכן קאַהאַן ווייזט אויס צו זיין אַזוי שטאָלץ, געפין איך א פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכע דערקלערונג, אז אלומיניום, דאָס איז אזא מין לעהם! („ליים"). געגנאָסע קאַהאַן! איר זייט דאָך אָרט א שטיקל געבילדעטער מענטש: פאַרשטייט איר כאָטש, אין וואָס פאַר אן אָפּגרונט פון עלעמענטארער עם-הארצות איינער

דאַרף זיך געפינען, כדי ער זאָל קאָנען אַרויסברענגען אזא מין לײם?

אין דעמזעלביקן „פאָרווערטס״ (נאָר פון אן אנדער טאָג) איז געווען אָפּגעדרוקט עפּעס א טאָג־נײַעס וועגן דעם באַרימטן גריכישן אינזל ס א ל א מ י ס. דער נײַעס־שרײַבער האָט פּלוצלונג דערשפּירט אין זיך דעם הײליקן חוב פון פּאָפּולאַריזאַציע, און ער האָט גענומען, אויף שנעל צעקײַט א היסטאָריש־וויסנשאַפטלעכע מאַנדל און אַרײַנגעשטאָפּט די אין דעם עולמס פּיסק אַרײַן: אין די אַלטע צײַטן, דערציילט ער, איז בײַ דעם אינזל פּאָרגעקומען א באַרימטע שלאַכט צווישן די גריכן און די פּערזער, בײַ וועלכער עס האָבן זיך אויף גריכישער זײַט אויסגעצייכנט די קריגפירער טעמיסטאָקל און אוריפּיד! (דער „פאַרווערטס״ שרײַבט אים ענגליש: „יוריפּיד״.)...

אמת, דער באַרימטער ד ר אַ מ ע ן־ד י כ ט ע ר, אוריפּיד האָט זיך טאַקע שטאַרק אויסגעצייכנט אין דער שלאַכט בײַ סאַלאַמיס. אָבער נאָר דורך דעם, וואָס ער איז ג ע ב אָ ר ן געוואָרן אין יענעם טאָג און אויף יענעם אינזל, על כל פּנים, אין יענעם יאָר. אַלס קריג־פירער האָט זיך אָבער אָנשטאָט „יוריפּידען״ גאָר אויסגעצייכנט אַ ר י ס ט י ד... געגנאָסע קאַהאַן! איר שטאָלצירט מיט דעם, וואָס איר גיט דעם פאָלק „סקול־בילדונג״ אין „פאָרווערטס״ אַלע טאָג אַן עס־לעפל אין אַן עמער וואַסער. זאָגט אַלײן, וואָס פאַר א „באַל״ וואָלט דער „סקול״־לערער באַדאַרפט שטעלן אײַער נײַעס שרײַבער פאַר דער קאַדריל, וואָס האָבן, ווי עס ווײַזט אויס, געטאַנצט אין זײַן מוח די צוויי פּאָרן: די מלוכהמענער טעמיסטאָקל און אַריסטיד פון איין זײַט און די דראַמען־דיכטער סאָפאָקל און אוריפּיד, פון דער אַנדערער...

דאָס זענען פּערל (נישט פאַראײנצלטע) פון „פאָרווערטס״, דעמזעלביקן „פאָרווערטס״, וואָס א. אז. וו.

אָבער די איבעריקע ראַדיקאַלע פּרעסע איז אויך נישט בעסער.

די „וואַרהײט״ האָט נישט לאַנג באַרײַכערט די וויסנשאַפט

מיט דער אַבסאָלוטער גייער דערקלערונג, אַז דער עקוואַטאָר איז... דער מיטלפּונקט פון דער ערד!...

אויף דעם גרונט פון ענלעכער וויסנשאַפטלעכער טיפּקייט אין געאָגראַפיע האָט די „פרייע אַרבעטער שטימע" גענומען און פאַרוואַנדלט דעם מאַלסטראָם (אָדער ריכטיקער: מאַעלסטרעם) אין אַ... שטאָט מאַלסטראָם!!

אגב אורחא וויל איך דאָ אויפווייזן אויף דער אומגעהייערער אָפּגעלאָזנקייט, וועלכע פריינט ש. יאַנאָווסקי האָט זיך דערלויבט אין דער „פרייער געזעלשאַפט", אין זיין איבערזעצונג פון קראָפּאָטקינס „געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע", ווו די גענעראַל-מלוכות ווערן איבערגעזעצט: דער מלוכה-גענעראַל! דאָס איז, הפּנים, דערפאַר, ווייל אין ענגליש רופן זיי זיך „עסטייטס דזשענעראַל". עס איז אָבער שווער צו גלויבן, אַז יאַנאָווסקי זאָל נישט וויסן, אַז דער ענגלישער בראַווער „דזשענעראַל" איז דאָ אַן אַדיעקטיוו און שטייט בלשון רבים... ווי די מעשה איז, דערינערט דאָס אָן דער באַרימטער רוסישער איבערזעצונג פון דעם פראַנצויזישן „ביען-עטר זשענעראַל": „עס איז גוט צו זיין אַ גענעראַל"...

נאָר — גענוג פּערל! — ווי דערקלערט איר זיי, גענאָסע קאַהאַן?

איך דערקלער דאָס גאַנץ פּשוט. אונזערע הערן פּאָפּולאַריזאַטאָרן האָבן משמעות אין דער יוגנט יאָ עפּעס געוווסט. דערנאָך אָבער, אַז זיי האָבן אָנגענומען דעם איידלמוטיקן באַשלוס פון „בטול היש", איז ביסלעכווייז אויך זייער וויסנשאַפטלעכער „יש" אינגאַנצן בטול אָדער מטושטש געוואָרן, און פון אַלע וויסנשאַפטן איז נאָר איבערגעבליבן... „אַזאַ מין ליים"...

וואָלטן זיי געהאַט רעספּעקט צו זיך אַליין, רעספּעקט צו זייער אַרבעט, רעספּעקט צום יידיש-לייענדיקן עולם, דעמאָלט וואָלטן זיי נישט געקאָנט האָבן די העזה צו פּיטערן אים אָנשטאָט וויסנשאַפט מיט „אַזאַ מין ליים". שרייבנדיק, איבערזעצנדיק, וואָלטן זיי, אין דעם פאַל פון ספק, אַריינגעקוקט אין ביכל. פון אָט דער עובדא אָבער זענען זיי אָפּגעוויינט

געװאָרן, און אינדעראמתן: צוליב װאָס און צוליב װעמען? װער לייענט יידיש? דאָך נאָר דער עם־הארץ! און װי לאַנג װעט ער זיך האַלטן דערבײַ? ביז ער װעט אויפהערן צו זײַן אַן עם־הארץ... לוינט זיך דען א סך דאָ צו דאגהן װעגן אים! לאָז זײַן, אז דער מאַעלסטראָם איז אַזאַ מין עקװאַטאָר. און אַז אוי־רײַפיד איז אַזא מין אַלומיניום, — נישקשה, דער עם־הארץ װעט אַלץ אַראָפּשלינגען!

און אויף אַזא אופן פאַרװאַנדלט זיך דער שטאַנדפּונקט פון פ ר י נ צ י פּ י ע ל ע ר עם־הארצות אין פּשוטער, פּראַקטיש־גראָבער, גראָבער אומװיסנהייט, מיט װעלכער מען פיטערט דעם עולם, אויף װאָס די װעלט שטייט.

כדי צו האָבן גוטע פּאָפּולאַריזאַטאָרס, מוז מען האָבן אַ װיסנשאַפטלעך־געבילדעטע א י נ ט ע ל י ג ע נ ץ אין יידיש, פון איר לאָזן די געבילדעטע און די פּעאיקסטע: די פּ י ס אַ ר ע װ ו ס, די ק אַ ר ל פּ א ג ט ס, די ק אָ ו ט ס ק י ס, די ט ש ע ר נ י ש ע װ ו ס ק י ס נעמען זיך פאַר דער זייער פאַראנטװאָרטלעכער אויפגאַבע פון פּאָפּולאַריזאַציע און אויפקלערונג. און זייער אַרבעט מוז שטיין אונטער דער שטילער קאָנטראָל פון דער ג ע ב י ל ד ע ט ע ר ע פ נ ט ל ע כ ע ר מ י י נ ו נ ג.

װי קאָנט איר אָבער ביי אונז האָפן אויף גוטע פּאָפּולאַ־ריזאַציעס, אויף אמתע פאָלקס־אויפקלערונג אין װאָרט און שריפט, װען איר פאַרלאַנגט אַליין, אָדער איר געפינט עס װייניקסטנס פאַר זייער נאַטירלעך, אז דער געבילדעטער ייד זאָל נישט ליי־ענען קיין יידיש?

„צו װאָס זאָל דער געבילדעטער, געשטודירטער סאָציאַ־ליסט איבערהויפּט לייענען אַ סאָציאַליסטיש־יידישע צייטונג אָדער אַ זשורנאַל?" פרעגט קאַהאַן אין דעמזעלביקן אַרטיקל. „ער לייענט דאָך ענגלישע, רוסישע זשורנאַלן, דער ענטפער איז, אַז דער געבילדעטער מע..טש, װעלכער באַלאַנגט נישט צו דער באַ־װעגונג, לייענט טאָקע נישט אונזערע שריפטן. דער אָבער, װאָס באַלאַנגט יאָ צו דער באַװעגונג, לייענט זיי, װייל ער איז פאַר־אינטערעסירט אין זיי אַלס אַ טייל פון דערדאָזיקער באַװעגונג".

איך בין שטאַרק מסופק, אויב אַפילו דער לייענט זיי, ווייל איך קאָן מיר נישט פאָרשטעלן אַ געבילדעטער מענטש זאָל קאָנען רואיק אַראָפּשלינגען די צעקייטע וויסנשאַפט פונם „פאָרווערטס״ מויל, און אים זאָל נישט באַפאַלן אַ חלשות, סיידן ער פאַלט דערביי אויך אַריין אין דער „בטול היש״-שטימונג און זיפצט, רעזיגנירט: וויפל וועט ער, מישטיינס געזאָגט, אַנ-דויערן, אָט דער גאַנצער „מלוכה-גענעראל-פּאראַד״? נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר... ביז דאָס יידישע פאָלק וועט פאַרשווינדן. זאָלן זיי זיך דערווייל פּיטערן מיט וואָס זיי קאָנען, אַבי דער סאָציאַליסטישער „רעכטס-לינקס״, „רעכטס-לינקס״ ווערט דערביי כדבעי אַריינגעפּויקט...

מיין אַרטיקל האָט זיך שוין צופיל פאַנאַנדערגעצויגן, און איך האָב נאָך אַלץ נישט אויסגעשעפּט מיין טעמע, אפילו אין יענע גרענעצן, וועלכע איך האָב מיר פאָרגעשריבן. איך וועל מוזן בעטן דעם לייענער, ער זאָל האָבן מיט מיר נאָר אַ ביסל געדולד. אָבער שוין איצטער, דוכט מיר, הויבט אָן זיך אַרויס-ווייזן די אינעווייניקסטע לאָגישע שייכות צווישן עם הארצות און אַסימילאַציע פון איין זייט, צווישן אמתע פאָלקס-בילדונג און די נויטווענדיקייטן פון אַ פּראָגרעסיוו-נאַציאָנאַלער אינטע-ליגענץ פון דער אַנדערער.

דאָס וועט אונז נאָך קלאָרער ווערן, ווען מיר וועלן זיך נאָכמער אַריינלייענען אין צב. קאַהאַנס אַרטיקל.

## IV

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז א פּראָפּאַגאַנדע-באַוועגונג, — דאָס איז דער גרונט-געדאַנק, אויף וועלכן עס זענען אויפגעבויט אַב. קאַהאַנס אַרגומענטאַציעס אין זיין אַרטיקל „אונזער אינטע-ליגענץ״. אַרויסגייענדיק פון אָט דעם גרונט-געדאַנק, קומט ער צו אַן איבערשאַצונג פון יענעם ווערט, וועלכן פּאָפּולאַריזאַציעס האָבן פאַר דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון א פאָלק.

„מען װעט זאָגן", שרײַבט ער צום סוף פון זײַן אַרטיקל, „אַז די פראַגע װעגן פּאָפּולאַריזאַציע איז אַ „אידייע פיקס" בײַ מיר, אַ געדאַנק, װעלכער זיצט בײַ מיר פעסט אין מוח און װעגן װעלכן איך הער נישט אויף צו רעדן. אמת, איך זע אָבער װאָס װײַטער אַלץ דײַטלעכער, אַז דער געדאַנק רעפּרעזענטירט דעם אײנציקן װעג פאַר די, װעלכע קאָנען העלפן פאַרשפּרײטן װיסן און אַנטװיקלען אונזערע מאַסן."

מיר האָבן אין דעם פאָריקן קאַפּיטל געזען, אַז װען אפילו מען זאָל זיך אַװעקשטעלן אויף קאַהאַנס שטאַנדפּונקט פון פּראָפּאַגאַנדע און פּאָפּולאַריזאַציע, מוזן מיר אויך דעמאָלט קומען צו דעם רעזולטאַט, אַז מיר מוזן האָבן אַן אײגענע רײך־אַנטװיקלטע אינטעליגענץ, פון װעלכער עס זאָלן זיך קאָנען רעקרוטירן די פּראָפּאַגאַנדיסטן און די פּאָפּולאַריזאַטאָרס. ד. ה. מיט אַנדערע װערטער, אַז עס מוז באַשאַפן װערן אַ ייִדישע גײַסטיקע אַטמאָספער, װאָס זאָל געבן דעם ייִדישן אינטעליגענט דיזעלביקע גײַסטיקע שפּײַז, װי די, װאָס ער געפינט אין דער פרעמד. אַז נישט — װעט די אינטעליגענץ מוזן אַװעקגײן פון אונז, מוזן איבערלאָזן אינדערהײם נאָר „דרדקי מלמדים", װעלכע װעלן סוף כּל סוף מוזן בלײַבן הינטערשטעליק קעגן זײערע אײגענע אויפגאַבן.

אָבער — איז דען דער סאָציאַליזם נישט מער װי אַ פּראָפּאַגאַנדע־באַװעגונג?

נעמט דעם סאָציאַליזם פון װעלכן לאַנד איר װילט, און איר װעט געפינען, אַז ער איז נישט נאָר אַ סאָציאַל־פּאָליטישע מאַסן־באַװעגונג, נאָר אויך אַ גײַסטיקער שטראָם, אין װעלכן עס שלאָגן אַלע קװאַלן פון דער מענטשלעכער קולטור: די װיסנשאַפט אַזױ גוט װי די קונסט, די פילאָזאָפיע אַזױ גוט װי די רעליגיע.

באַזונדערס ריכטיק איז דאָס פאַר דעם מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם, װאָס טרעט אַרויס מיט נײַע טעאָריעס נישט נאָר אין דער געזעלשאַפטס־לערע און דער געשיכטע, נאָר אויך אין דער פילאָזאָפיע, אין דער מאַטעמאַטיק און אין די נאַטורװיסנשאַפטן

אמת, די אַלע מאַרקסיסטישע טעאָריעס זענען זייער צווייפלהאַפט און האָבן קיין גרויסן רושם אויף דער אַנטוויקלונג פון די נאַטורוויסנשאַפטן נישט איבערגעלאָזן (צו זיי איז אָבער צוגע-שטאַנען אַ כעמיקער מיט נישט קיין קלענערן נאָמען, ווי — קאַרל שאָרלעמער!). אָבער, ווי אמת און פאַלש די איינצלנע טעאָריעס פון די איינצלנע סאָציאַליסטישע גייס-טעס-וועלטן, אַזוי רייך אין גדאַנקען, אַזוי שטאַרק צונויפגע-וואַקסן מיט אַלע צווייגן פון דער מענטשלעכער קולטור, אַז מען מוז באמת זיין אַ היפּש-געבילדעטער מענטש, כּדי אַריינ-צונעמען אין זיך דעם גאַנצן אוצר פון דעם סאָציאַליסטישן דענקען און שאַפן.

און די אַלע קולטור-קוואַלן אין דעם גייסטיקן שטראָם פונם סאָציאַליזם קאָן מען נישט אָפּשטעלן אויף אַ ווײַלע מיט דעם באַפעל: הערט אויף צו שלאָגן, דער פּאָפּולאַריזאַטאָר איז נאָך נישט פאַרטיק מיט זיין אַרבעט, ער האָט נאָך נישט אַלץ צעקייט פאַר די מאַסן. דער שטראָם פון סאָציאַליסטישן געדאַנק, ווי דער שטראָם פון קולטור איבערהויפּט, האַלט אין אַן איי-ביקן אָנוואַקסן נישט נאָר אין דער ברייט, נאָר אויך אין דער טיף. דער פּראָגרעס פון דער מענטשהייט איז נישט נאָר אַ פאַרשפּרייטן פון וויסן, נאָר אויך אַן אָנזאַמלען און אַ שאַפן פון נייע אוצרות.

די זאַמלער און די שאַפער זענען אָבער נישט די מאַסן, נאָר די אינטעליגענץ. און אַקוראַט אַזוי ווי מיר דאַרפן זאָרגן פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דער קולטור און דער אַנטוויקלונג פון די מאַסן, מוז מען נאָך אין אַ העכערן גראַד פאַראינטערעסירט זיין, אַז די שאַפונגס-קוואַלן פון דער קולטור זאָלן נישט אויפ-הערן צו שלאָגן.

אונזערע קולטור-קוואַלן זענען זייער אָרעם. דאָס איז דער-פאַר, ווייל מיר האָבן נישט קיין אינטעליגענץ און קיין ריין-אינטעליגענטע גייסטיקע אַטמאָספער; ווייל מיר האָבן זיך איינגעשמועסט, אַז דער סאָציאַליזם איז נישט מער, ווי אַ פּראָ-פּאַגאַנדע-באַוועגונג. מחמת דעמזעלבן טעם איז אונזער סאָ-

ציאַליזם, איבערהויפט אין אַמעריקע, אַזוי פאַרעלטערט און פאַר־דאַרט, אַקוראַט ווי די גייסטיקע אַנטוויקלונג פון די לעצטע פופצן־צוואַנציק יאָר וואָלט אויף אים קיין ברעקל ווירקונג נישט געהאַט.

וועלכע פראַגן זענען אין דער צייט נישט אוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר דעם פאַרשנדיקן גייסט?

די שטעלונג צו דעם מאַרקסיזם און דער מאַטעריאַליס־טישער פילאָזאָפיע בכלל, די דורכמוסטערונג פונם דאַרוויניזם, פאַרבונדן מיט דער זייער פאַרוויקלטער פאַרערבונגס־פראַגע, די ענערגעטישע טעאָריע אין דער נאַטור־פילאָזאָפיע, די עלעק־טראָנען־לערע אין דער פיזיק, — אַלץ נייע און נייע געדאַנקען און וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען, רעוואָלוציעס אין דער געדאַנקלעכער וועלט, פון וועלכע דער יידישער לייט־נער האָט קיין שום אַנונג נישט, ווייל עס איז קיינער נישט געווען, ווער עס זאָל דאָס אים דערציילן.

אויך דאָ איז אין דער לעצטער שורה שולדיק די אַסי־מילאַציע־טעאָריע און די אַסימילאַציע־פּראַקטיק, וואָס האָט נישט צוגעלאָזט קיין נייע, פרישע קרעפטן אין דער יידישער באַוועגונג, די אַסימילאַציע, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין דעם נאָמען פון וויסנשאַפט און פראָגרעס, האָט אין דער פּראַקטיק געבראַכט עם־הארצות און פאַרגלייוועטקייט.

אין אַזאַ צושטאַנד קאָנען מיר אָבער נישט בלייבן אויף אייביק. מען מוז זיך אָנשטרענגען און זיך ארויסרייסן פון דעם „אזא מין לוים", אין וועלכן די אסימילאציע האָט פארשלעפּט דעם יידישן פראָגרעסיוון געדאנק. און ארויסזאָגן זיך קאָן מען נאָר אויף איין וועג: מען מוז באשאפן אַן אייגענע אינטעלי־גענטע אטמאָספער. מען מוז זיך אָפּזאָגן פון דעם געדאַנק, אז דער סאָציאליזם איז נישט מער, ווי א פּראָפּאגאנדע־באוועגונג, וואָס רעכנט זיך נאָר מיט די מאסן. מען דארף תמיד געדאנקען, אז ער איז א שאפונגס־פּראָצעס, אין וועלכן עס מוז זיך באַ־טײליקן קודם כל די אינטעליגענץ.

ווי צום מען אָבער צו די אינטעליגענץ צו דעם יידישן

פאָלק? מיר האָבן זיך ביז אהער באַוועגט אין דעם פּרט, ווי אין א פארכשופטן קרייז. האָט איר געפרעגט א יידישן אינטעליגענט, פארוואָס ער שרייבט נישט זיינע געדאנקען אין יידיש, פלעגט ער ענטפערן: עס זענען נישטאָ קיין אינטעליגענטע לייענער אין יידיש. און האָט איר געפרעגט דעם אינטעליגענטן לייענער, פארוואָס ער לייענט נישט קיין יידיש, פלעגט איר באַקומען דעם ענטפער: עס איז פאר אונז נישטאָ, וואָס צו לייענען; עס זענען נישטאָ קיין אינטעליגענטע שרייבער.

אָט דעם פארכשופטן רינג, באשאפן פון דער אסימילאַציע, האָט מען געמוזט פאנאנדערדרייסן.

טאָן האָט דאָס געקאָנט נישט דער אינטעליגענטער לייענער, נאָר דער איגטעליגענטער שרייבער. עס האָט זיך געמוזט מאכן א הסכם אָנצוהויבן צו שרייבן, ווי מען שרייבט אומעטום פאר געבילדעטע מענטשן און — לאָז די יידישע אינטעליגענץ קיין פתחון־פה נישט האָבן, אז עס איז פאר איר אין יידיש נישטאָ וואָס צו לייענען...

אויף אזא אופן איז ארויסגעשפּראָצט געוואָרן די נייע יידישע ליטעראטור, צו וועלכע אויך „דאָס נייע לעבן" געהער. זאָל אָט די נייע באַוועגונג אָנגיין נאָך ווייטער, זאָלן זיך אָנהויבן מערן אָריגינעלע און איבערגעזעצטע ווערק אין יידיש „אויף דעמזעלבן אומפּאָפּולערן ארט, ווי עס ווערן געשריבן די וויסנשאפטלעכע ביכער ביי די אומות העולם", און די אינטעליגענץ וועט זיך שוין נישט קאָנען אויסדרייען מיט דעם תירוץ: „נישטאָ וואָס צו לייענען".

וועט זי אָבער אויך דעמאָלט בלייבן פּערעקשנט ביי איר אַלטער פּאָזיציע, וועט זי מוזן אָפּן אַרויסטרעטן מיט איר אַסימילאַטאָרישן אַרגומענט, אַז זי וויל נישט לייענען קיין יידיש, ווי רייך און ניי די יידישע ליטעראַטור זאָל פאַר איר נישט זיין.

געוויס וועט זיך געפינען אַ קליינער טייל פון דעם עלטערן דור, וועלכן מיר וועלן שוין מיט קיינע אַרגומענטן נישט צוציען צוריק. דער גרעסטער טייל אָבער וועט האָפנטלעך איינ־

זעַן יענעם אָפּגרונט, יענעם גייסטיקן באַנקראָט, צו וועלכן די אַסימילאַציע פירט, און אויב ביי אים וועט די אמתע פאָלקס־בילדונג זיין טייערער, איידער די איינגעפרעסענע טעאָריע, וועט אים נישט זיין שווער זיך אָפּצוזאָגן פון איר און אומקערן זיך צו דעם יידישן פאָלק, אָבער — אויב אַפילו דער גאַנצער אַלטער אַסימילאַטאָרישער דור זאָל גיין פערלאָרן פאַר אונז, וועט דאָס געוויס זיין אַ היזק, אָבער שוין נישט גאָר קיין געפערלעכער. אַ נ י י ע ר אינטעליגענטער דור וועט אויפוואַקסן אויף אונזער נייער אינטעליגענטער ליטעראַטור, וועט פון יוגנט אָן איינזויגן אין זיך די עלעמענטן פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס אין יידיש, און איר וועט ממילא גאָר שוין מער אויפן זינען נישט אַרויף, צו לויפן נאָך בילדונג און ליכט אין דער פרעמד.

אָט דאָס איז דער זין פון אונזער אַרבעט אין „דאָס נייע לעבן". אָט פאַרוואָס מיר שרייבן, „ווי מען שרייבט פאַר מענטשן מיט מאָדערנע בילדונג". *)

אַב. קאַהאַן קאָן דאָס אָבער נישט באַנעמען. אים דוכט זיך, אַז מען קאָן אַלע מאָל שרייבן אַזוי, אַז יעדער איינער, אַפילו דער האַלב־און פערטל־געבילדעטער, זאָל פאַרשטיין, געוויס, פאָדערט ער נישט, אַז אַלץ, וואָס ווערט געשריבן, זאָל האָבן אין זינען בלויז דעם אומוויסנדיקן לייענער. „דער, וואָס שרייבט יידיש", זאָגט ער, „קאָן און דאַרף שרייבן פאַר אַלע קלאַסן מיט אַמאָל". „צו דעם צוועק איז בלויז נויטיק איין זאַך", דערקלערט ער אונז ווייטער: „יעדער שרייבער זאָל זיינע געדאַנקען איבערגעבן אַזוי, אַז דער ווייניק־אַנטוויקלטער זאָל אים קאָנען באַגרייפן, ווי דער פולשטענדיק־אַנטוויקלטער. מייסטנס איז דאָס נישט מער, ווי אַ פראַגע פון ווערטער און אויסדרוקן, — פון דער אויסערלעכער פאָרם פון דעם אַרטיקל". **)

*) די „צוקונפט", ז. 112.

**) די „צוקונפט", ז. 109, 110.

די חמורים, די אומות העולם! האָבן זיי באַדאַרפט ברעכן די קעפּ און באַשאַפן ביכער אין „אַ נישט פּאָפּולערער אַרט", בעת זיי האָבן, לויט קאַהאַנס רעצעפּט, געקאָנט שרייבן פאַר אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג, פאַר דעם עם-הארץ, אַזוי גוט ווי פאַר דעם אויפגעקלערטן! אַ ביסעלע פּאָפּולאַריזאַציע, אַ ביסעלע „אַנדערע ווערטער און אויסדרוקן", און יעדער „דרייווער" וואָלט זיך געקאָנט, זיצנדיק אויפן וואָגן, לייענען קאַנטס „קריטיק פון דער ריינער פאַרנונפט", מילס לאָגיק און מאַרקס' „קאַפּיטאַל".

אַ שאָד, כ'לעבן, וואָס מאַרקס איז געשטאָרבן, איידער אַב. קאַהאַן האָט אויסגעפונען דעם סוד! קאַהאַן וואָלט גאַנץ געוויס געפאָרן צו אים און וואָלט אים שוין אויסגעלערנט, ווי מען באַדאַרף שרייבן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. „כ'לעבן, קאַרל", וואָלט ער זיך געווענדעט צו אים, „דו שרייבסט צו תלמודיסטיש. דיין ווערט-לערע איז, אין איר איצטיקער פאָרם, געשריבן נאָר פאַר גייסטיקע מיוחסים, וואָס פאַרשטייען אַ גוט שטיקל מהרש"א. מיט אַ ביסעלע אַנדערע ווערטער און אויסדרוקן וועל איך דיר דאָס „פיקסן" אַזוי, אַז יעדער בר-דעת וועט דאָס אויפן שטעל פאַרשטיין. כ'לעבן, לאָז מיך! זאָג, וואָס ווילסטו אַרויסברענגען?"

ווי רעכנט אַב. קאַהאַן: וואָס וואָלט אים קאַרל מאַרקס דערויף געענטפערט?

איך וויל בשום אופן נישט לייקענען, אַז יעדער געדאַנק קאָן פּאָפּולאַריזירט ווערן אַזוי, אַז אַפילו יעדע מאַרק-יידענע זאָל אים קאָנען פאַרשטיין. אָבער נישיים זעט קאַהאַן נישט איין, אַז אויף יעדן בלעטל „קאַפּיטאַל" וואָלט מען באַדאַרפט שרייבן אין דורכשניט נישט ווייניקער, ווי פינף בלעטלעך „פּאָפּולאַריזאַציע", און אויף יעדן בלעטל קאָנט נישט ווייניקער, ווי צען! נישיים פאַרשטייט ער נישט, אַז דער גאַנצער גייסטיקער פראָגרעס פון דער מענטשהייט איז מעגלעך געוואָרן נאָר אַ דאַנק דעם פאַקט, וואָס די מענטשהייט האָט זיך אויסגעלערנט דענקען

אין צ ו נ ו י פ ג ע פ ר ע ס ט ע באַגריפן, ווו איין וואָרט איז אַ סך-הכל פון פיל און פיל איינצל-געדאַנקען?

דער גאַנצער קונץ פון פּאָפּולאַריזאַציע באַשטייט אין דעם קאָנען פאַנאַנדערבייטן דעם צונויפגעפרעסטן באַגריף אויף יענע „קליין-געלד", פון וועלכן ער באַשטייט. דאָס איז געוויס נישט קיין לייכטע זאַך, און גוטע פּאָפּולאַריזאַטאָרן זענען אַ גרויסע זעלטנהייט. קאַהאַן מיינט, אַז ער געהער צו זיי. איך וויל מיט אים זיך נישט אַמפּערן אין דעם פּונקט, אָבער איינזען מעג ער דאָך, אַז אויב די וויסנשאַפטלעכע וועלט וואָלט שטענדיק אָפּערירט מיט „קליין-געלט", וואָלט זי פשוט קיין צ י י ט נישט געהאַט, צו מאַכן אַ וועלכן עס איז שריט פאָרווערטס. זי וואָלט בשום אופן נישט געקאָנט אַרויספּרעגגען אַ וועלכן עס איז טיפערן וויסנשאַפטלעכן אָדער פילאָזאָפישן זאַץ, ווייל זי וואָלט תמיד געמוזט אויסטיילטשן די הונדערטער און הונדערטער איינצל-געדאַנקען, באַגריפן און פאָרשטעלונגען, וואָס מען מוז וויסן פריער, איידער מען קאָן קומען צו יענעם נייעם געדאַנק.

נאָר אַדאַנק די צ ו נ ו י פ ג ע פ ר ע ס ט ע באַגריפן האָט דער מענטשלעכער גייסט איינגעשפּאָרט צייט פאַר דעם ווייטערדיקן פּראָגרעס. וואָלט די מענטשהייט געפאָלגט אַב. קאַהאַנס עצה אין אָנזאַמלען און באַשאַפן קולטור, וואָלט זי נאָך אפשר עד היום געבליבן שטעקן אין אירע ערשטע אָנהויבן.

באמת, מיינען מיר, אַז אַב. קאַהאַן פאַרשטייט דעם ענין אַקוראַט אַזוי גוט, ווי מיר. און אים אַליין וואָלט לעכערלעך אויסגעקומען צו פאַרלאַנגען, אַז מאַרקס און קאַנט זאָלן שרייבן „פאַר אַלע קלאַסן מיט אַמאָל". ער פאַרלאַנגט דאָס אָבער פון די יידישע שרייבער. פאַרוואָס? טאַפּט איר דאָ נישט אָן מיט די פינגער די אמתע אורזאַך, די פאַרבאָרגענע ווונד פון זיין גאַנצן דענקען? יידן זענען קיין פאָלק נישט, און די יידישע שרייבער זענען קיין שרייבער נישט; זיי האָבן זיך נישט צו פאַרגלייכן מיט די מאַרקס און די קאַנטס. נישט אין י י ד י ש און נישט פאַר יידן, ווי אַ פאָלק, האָט מען צו זאַמלען און שאַפן קולטור. די שמאַנט פון דעם פּראָגרעס דאַרף געהערן די

אומות העולם, פאַר די פאַר יאָר, וואָס די יידישע מאַסן העלן זאָך פירן אַ באַזונדער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ, איז פאַר וויי גוט דאָס „ווינער־מילך" אָדער גאָר דאָס זריצר־וואַסער פון דער איבערפלעכלעכער פּאָפּולאַריזאַציע. אָט דאָס איז נישט קיין אַנדער זאַך איז דער אמתער טייטש פון קאַהאַנס גרונט־געדאַנק, אַז דער סאָציאַליזם איז נישט מער, ווי אַ פּראָפּאַגאַנדע־באַוועגונג.

און צו דעמזעלביקן רעזולטאַט קומט מען, ווען מען דענקט זיך אַריין טיפער אין קאַהאַנס „איינציקן וועג", ווי אַזוי צו פאַרשפרייטן וויסן און אַנטוויקלען די מאַסן.

זייט אייך באמת משער, אַז קאַהאַן וואָלט וועלן אָנווענדן זיינע געדאַנקען אויף די אומות העולם און מען וואָלט אים געמאַכט פאַר אַ מיניסטער פון פאָלקס־אויפקלערונג. וואָס וואָלט ער געטאָן? די ערשטע זאַך וואָלט ער אָפּגעשאַפט אַלע פּעדאַגאָגישע אַנשטאַלטן, אַלע שולן, גימנאַזיעס, אוניווערזיטעטן, ביבליאָטעקן, מוזייען, לאַבאָראַטאָריעס, אָבסערוואַטאָריעס און לערנביכער, געשריבן אויף „אַ נישט פּאָפּולערער אַרט". דערנאָך וואָלט ער גענומען — אַרויסגעגעבן דעם „פאָרווערטס", אַלע שעה אַ „פאָרווערטס". אַלע האַלבע שעה אַ „פאָרווערטס"... ווייל אַ טעגלעכע צייטונג איז אַבסאָלוט נישט אימשטאַנד צו געבן עלעמענטאַרע בילדונג דעם עולם. דערקלערט איר היינט, וואָס איז אַ פאָלוס און וואָס איז אַלומיניום, מוזט איר דאָס מאָרגן אָדער איבערמאָרגן ווידער דערקלערן, פאַר די ניי־אונטערגעוואַקסענע לייענער, וואָס האָבן מיט אַ טאָג צוריק נאָך נישט געקאָנט לייענען קיין „פאָרווערטס".

מיר ווילן נישט מער פאַנאַנדערשפּינען דעם געדאַנק און אַרויסברענגען אַלע קאָמישע סיטואַציעס, וואָס ליגן אין אים פאַרבאָרגן, אַב. קאַהאַן פאַרשטייט אַליין, ווי לעכערלעך אַזאַ געדאַנק איז... פאַר די אומות העולם. פאַרוואָס זשע קומט עס ביי אים נישט אויס לעכערלעך בנוגע צו דעם יידישן פאָלק? אויך דאָ איז דער איינציקער תירוץ: ווייל קאַהאַן איז אַן אַסימילאַטאָר, און דער אַסי-

מילאַציע-געדאַנק איז די אמתע צענטראַל-אַקס, אַרום וועלכער עס דרייט זיך זיין גאַנצע אַרגומענטאַציע, זיין גאַנצע התלהבות פֿאַר פֿאָלקס-בילדונג און די גייסטיקע אינטערעסן פֿון דעם „פֿאָלקס-מענטשן".

ווייל קאַהאַן איז אַן אַסימילאַטאָר, דעריבער נעמט ער אַרויס דאָס יידישע פֿאָלק פֿון דעם כּלל פֿעלקער און לאָזט גאָר אויפֿן זינען נישט אַרויף די מעגלעכקייט, אַז אויך יידן דאַרפֿן זיך אַנטוויקלען, ווי אַלע אַנדערע אומות, אויף דעמזעלביקן נישט פֿאָפּולערן שטייגער פֿון שולן, ביבליאָטעקן, אוניווערזיטעטן, וויסנשאַפֿטלעכע ביכער; אַז אויך יידן דאַרפֿן האָבן אַן אייגענע וויסנשאַפֿטלעכע אינטעליגענץ, וואָס זאָל באַשאַפֿן, זאַמלען און פֿאַנאַנדערטראָגן קולטור צווישן די מאַסן.

אָט דאָ ליגט דער צענטראַל-פּונקט פֿון אונזער שטרייט, גענאָסע קאַהאַן! פֿאַרוואָס פֿארשווייגט איר אים? פֿאַרוואָס טרעט איר נישט אַרויס אָפֿן אנטקעגן דעם פּראָגרעסיוון, דעם סאָציאַליסטישן נאַציאָנאַליזם? פֿאַרוואָס פֿאַרטיידיקט איר נישט קלאָר און דייטלעך אייער אַסימילאַטאָרישן שטאַנדפּונקט, לכל הפּחות בנוגע צו אַמעריקע? באַווייזט, אַז איר זענט גערעכט! באַווייזט, אַז אייער אַלטער קאָסמאָפּאָליטישער וועג איז דער איינציקער, וואָס פֿירט צו מאַסן-אויפֿקלערונג, און איך וועל אייך באַווייזן, אויב דאָס איז נאָך אייך נישט געוואָרן קלאָר, אַז ער קאָן נאָר פֿאַרפֿירן אין... „אַזאַ מין ליים", פֿון וועלכן עס איז נישט אַזוי לייכט אַרויסצוקלעטערן...

שוין דער פֿאַקט, וואָס אַב. קאַהאַן פֿ אַ ר ש וו יי ג ט דעם צענטראַל-פּונקט פֿון אונזער שטרייט און טראָגט אים אַריבער גאָר אויף אַן אַנדער שטח, באַווייזט, אַז ער פֿילט זיך נישט גאָר זיכער אין זיינע אַלטע פּאָזיציעס. אָבער אויך אַנדערע סימנים זענען דאָ, נאָך וועלכע מען קאָן אורטיילן, אַז קאַהאַן איז געצווונגען צו מאַכן הנחות דעם פּראָגרעסיוו-נאַציאָנאַלן געדאַנק; אַז ער הויבט שוין אָן „צו האַלטן" פֿון אַ סך זאַכן, פֿון וועלכע ער האָט אין די ייִנגערע יאָרן „נישט געהאַלטן". ער גיט איצטער צו, אַז אונזער יידישע מאַסע קאָן ווערן אַן אינטעליגענטע מאַסע,

אַז זי האָט אַ גרויסן חשק צו גייסטיקע שפּייז, אַז עס איז דאָ אַ גרויסע נאָכפֿראַגע נאָך לעקטאָרן און נאָך גוטע ביכער. „די נויט אין אַזעלכע ביכער, פֿון וועלכע אונזערע מאַסן זאָלן קאָנען שעפּן בילדונג, איז פֿיל גרעסער, ווי מען שטעלט זיך געווײנלעך פֿאָר״, זאָגט ער. *)

פֿון אייער מויל, געגנאָסע קאַהאַן, אין... די „פֿאָרווערטס־אַסאָסיאיישנס״ אויערן! אויף וואָס זשע וואַרט איר נאָך מיט דער אַרויסגאַבע פֿון גוטע ווערק אין יידיש? פֿאַרוואָס האָט איר נאָך נישט אַרויסגעגעבן לכל הפּחות אַ פֿרעמד־ווערטער בוך, איר זאָלט נישט דאַרפֿן אַלע ווײַלע דערקלערן, וואָס אַזוינס אַן „אידייע־פּיקס״ איז?

פֿאַרוואָס האָט איר ביז אַהער נישט אַרויסגעגעבן קיין גוטע פּאָפּולערע לערביכער פֿאַר אַלע צווייגן פֿון דעם מענטשלעכן ווי״סן, איר זאָלט נישט דאַרפֿן אין „פֿאָרווערטס״ דערקלערן, וואָס אַזוינס איז „אַלימומיניום״ און „טערמאָמעטער״ און ווער עס האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער שלאַכט בײַ דעם אינזל סאַלאַמיס?

פֿאַרוואָס איז די בוכהאַנדלונג און דער פֿאַרלאַג פֿון דעם בערלינער „פֿאָרווערטס״ געוואָרן אַ מעכטיקער פֿאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פֿון דעם דייטשישן פּראָלעטאַריאַט און אייער „פֿאָרווערטס״ — — — קאָן נאָך עד־היום נישט לויז ווערן פֿון שונד־ראָמאַנען?

פֿאַרוואָס אַגיטירט איר נישט, די יידישע אַרבעטער־מאַסן זאָלן באַשאַפֿן אַ העכערע יידישע דערציאונגס־אַנשטאַלט, וואָס זאָל, יאָר איין, יאָר אויס, אַרויסלאָזן די זיי נויטיקע גייסטיקע קרעפֿטן: די לעקטאָרן, שריפֿטשטעלער, אָרגאַניזאַטאָרן, פּראָפּאַגאַנדיסטן, ראַדיקאַלע קינדער־לערער, פּאָפּולאַריזאַטאָרן און דערגלייכן?

און נאָך אַ סך אַנדערע אַרבעטן קאָן מען אויסרעכענען, וואָס דער „פֿאָרווערטס״ וואָלט געקאָנט דורך זײַן געוואַלטיקע

---

*) ד. פ.

פינאַנסיעלע און מאָראַלישע מאַכט דורכפירן. איך ברעך אָבער אָפּ דעם רײסטער, װײל איצטער װאָלט דאָס אַלץ געװען אַרויס־געװאָרפענע רײד. *)

כּל זמן אויף דעם שפּיץ פון דעם „פאָרװערטס", װאָס קאָנטראָלירט די ראַדיקאַלע באַװעגונג פונם יידישן קװאַרטאַל, װעלן שטײן אַ ס י מ י ל אַ ט אָ ר ן; כּל זמן זײ װעלן נישט אײנ־זען, אַז זײער שטאַנדפּונקט מוז על פּי נויטװענדיקײט פירן צו פּרינציפּיעלער און סוף כּל סוף פּאַקטישער עם־הארצות, איז אויף דעם „פאָרװערטס" נישטאָ װאָס צו האָפן. נישט ער קאָן און נישט ער װיל באַשאַפן יענע גײסטיקע מאַכט אין דעם יידישן סאָציאַליזם, װאָס זאָל מאַכן אַ סוף צו דעם טרויעריקן עם־הארצות־פּעריאָד, װעלכן מיר לעבן איצטער דורך.

סײדן אַ נס װעט געשען! סײדן דער שלײער פון דער אַסימילאַציע װעט פּלוצלונג אַראָפּפאַלן פון די אויגן. סײדן אין די הערצער װעט זיך אַמאָל פאַנאַנדערברענען אַ פלאַם פון אמתער ליבע צו דעם יידישן פאָלק און זײן גײסטיקער אַנטװיקלונג און װעט זײ אויסלײטערן פון װיסטע גאוה, קלײנלעכע אינטריגעס, יאָגעניש נאָך צירקולאַציע, דרײ־גראָשנדיקן באַנאַפּאַרטיזם און אַלע יענע קלײניקע, װידערלעכע ברואימלעך, װאָס האָבן זיך נעמוזט אָנהויבן פּרוכפּערן און מערן אין דידאָזיקע הערצער־זײל די מוחות זענען געװען פאַרנומען מיט קלײניקע, דרײ־גראָשנדיקע דרדקי־צילן.

סײדן דער אידעאַל װעט זיך פּלוצלונג באַװײזן פאַר זײער־דע גײסטיקע אויגן אין זײן גאַנצער גרויס: דער אידעאַל פון דער גײסטיקער װידערבאַלעבונג פונם יידישן פאָלק, דער אידע־אַל פון אַװעקשטעלן דעם יידישן סאָציאַליזם אויף אַזאַ הויך און די קולטור פון אונזערע מאַסן אויף אַזאַ מדרגה, װעלכע זײ

---

*) עד היום אַרויסגעװאָרפענע רײד: דאָס ביסל העברעישע קולטור, װאָס מיר האָבן אויפגעבויט אין אַמעריקע, האָט געמוזט געבויט װערן אויף דעם „פאָרװערטס", אָפטמאָל אין קאַמף אַנטקעגן אים. (1918).

ביידע פאַרדינגען, לויט די גייסטיקע פעאיקייטן פון אונזער פאָלק!...

מיר דוכט, אַז שוין פון דעם נאָר וואָס געזאָגטן קאָן קלאָר ווערן, ווי קינדיש נאַאיוו עס איז (אָדער ווי דעמאַגאָגיש אומגערעכט דאָס איז, — זאָל קאַהאַן אויסקליבן, וואָס עס איז נענטער צו דעם אמת), ווען קאַהאַן מאַכט מיר דעם פאָרוואורף, אַז מיך „אינטערעסירט די יידישע שפּראַך גראָד אַלס שפּראַך, וועלכע דער יידישער פאָלקס-מענטש זאָל נישט פאַרשטיין״ *) און אַז פּאָפּולאַריזירן איז נאָך מיין מיינונג באָך „נידעריקער פאַר דער ווירדע פון אַ פולשטענדיקער קולטור-שפּראַך״ **)

ווער האָט דען ווען עס איז געלייקנט די אומגעהיירע נויטווענדיקייט פון פּאָפּולאַריזאַציעס נישט נאָר פאַר די אומוויסנדיקע, נאָר אויך פאַר די געבילדעטסטע פון די געבילדעטע?

די וויסנשאפט איז איצטער אַזוי ספּעציאַליזירט און רייך, אַז אַן ענציקלאָפּעדיש-וויסנשאַפטלעכער מאַן איז אַ דערשיינונג, וואָס קאָן אין דער מציאות נישט זיין. העכסטנס, וואָס מען קאָן דערגרייכן, איז זיין אַ ספּעציאַליסט אין איין-איינציקן וויסנשאַפטלעכן פאַך אָדער גאָר אין אַ צווייג פון אַ וועלכער עס איז איינצל-וויסנשאַפט. אין די איבעריקע פאַכן און צווייגן קאָן מען אָבער זיין מער ווייניק וויסנשאַפטלעך באַהאַוונט. דערפאַר קאָן מען אָבער זיין אַ מער אָדער ווייניקער ענציקלאָפּעדיש-געבילדעטער מאַן. און צו דעם זאָל יעדער שטרעבן. אָבער דאָס קאָן מען נאָר — אַ דאַנק פּאָפּולאַריזאַציעס, אַ דאַנק דעם, וואָס אייניקע ספּעציאַליסטן פון זייער פאַך האָבן נאָך דערצו די זעלטענע פעאיקייט אויסצוביטן די צונויפגעפּרעסטע גאָלד-קלומפּן פון דער וויסנשאַפט אויף קלענערע גילדערנע, זילבערנע אָדער זאָגאַר ניקלענע און קופּערנע מטבעות.

*) ד. ג. ז. 113.

**) ד. ג. ז. 112.

אַ גאַנצן שטאָפּל־לייטער פון פּאָפּולאַריזאַטאָרן ברענגט די מענטש־הייט אַרויס פון דור צו דור, כּדי צו פאַרשפּרייטן די רעזולטאַטן פון דער וויסנשאַפט אין אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, אין יעדער שיכט לויט דעם גראַד פאַרבילדונג, וואָס זי קאָן האָבן. אַנטקעגן זיי קעמף איך נישט. זייער אַרבעט זאָל זיין געבענטשט; אַפילו די „ניקלענע" און „קופּערנע" פּאָפּולאַריזאַטאָרן, די פאָלקס־לערער און פאָלקס־שריפטשטעלער פאַרדינען דעמזעלביקן רעס־פּעקט, וואָס יעדער ערנסטער אַרבעטער אויף דעם געביט פון דער קולטור. איך קעמף נאָר אַנטקעגן יענע קבצנישע פּאָפּולאַ־ריזאַטאָרן, וואָס האָבן אַפילו קיין קופּער נישט און אנשטאַט דעם גיבן זיי בלעך, אָדער נאָך ערגער: „אַזאַ מין ליים"...

און די יידישע שפּראַך ווילן מיר, זי זאָל נישט בלייבן צוגעפּאַסט מער נישט, ווי צו דער בלעכענער און ליימענער וויסנשאַפט. זי דאַרף קאָנען טראָגן אין זיך אויך די שווערסטע גאָלד־קלומפּן, אַקוראַט ווי די שטאַרקסטע פון די מאָדערנע קול־טור־שפּראַכן...

נאָך אין מיין גאָר פריער יוגנט, מיט אַ יאָר פינף־און־צוואַנציק צוריק, איז מיר קלאָר געוואָרן דער געדאַנק, אַז איינע פון די הויפּט־סיבות פון אַלע אונזערע יידישע צרות איז דער נידעריקער קולטור־מעמד פון דעם יידישן פאָלק; אַז שולדיק אין דעם איז די יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט פאַרלאָזט אונז, ווי מייז, וואָס אַנטלויפן פון אַ זינקענדיקן שיף; אַז דאָס אומ־גליק, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט די שולד, איז דער פאַלשער אַסימילאַציע־געדאַנק, וואָס טענהט, אַז אונזער שיף מוז זינ־קען. אַנטקעגן אָט דער צענטראַל־וואַנט פון אונזער לעבן, אַנט־קעגן אָט דעם שונא קעמף איך שוין פינף־און־צוואַנציק יאָר און וועל נישט אויפהערן צו קעמפן, ביז וואַנען זיין מאַכט איבער די מוחות פון די געבילדעטע וועט נישט זיין אינגאַנצן געבראָכן.

ס'איז אָבער דאָ נאָר איין מיטל, ווי צו באַקעמפן אים נישט נאָר אין דער טעאָריע, נאָר אויך אין דער פּראַקטיק, און

דאָס איז די באַשאַפונג פון אַן אייגענער רייכער יידישער קול־
טור אין דער יידישער שפּראַך.

בליק איך צוריק אויף באַלד פינף־און־צוואַנציק יאָר קאַמף,
קאָן מיך געוויס פאַרדריסן, פאַרוואָס עס איז מיר געווען אומ־
מעגלעך אַוועקצוגעבן מיין גאַנצע קראַפט פאַר אים. אָבער אין
דערזעלביקער צייט מוז איך מיך דאָך פרייען, ווען איך זע,
וועלכע נצחונות דער מיר טייערער געדאַנק האָט שוין געוווּ־
נען אין לעבן און וועלכע איבערגעבענע שטרייטער עס קלויבן זיך,
אונטער זיין פאָן. דאָס גיט מיר מוט צוצושטיין צו זיי און אינ־
איינעם מיט זיי ווייטער פירן דעם קאַמף, אַ גליקלעכער, וואָס
איך קאָן אַוועקגעבן דערפאַר מיין גאַנצע ענערגיע. דאָס גיט
מיר אָבער אויך די קראַפט גלייכגילטיק אַריבערצוטראָגן די פאַרן
שיידענע אָנפאַלן, מיט וועלכע מיינע געגנער באַעהרן מיך פון
צייט צו צייט...

אָבער דעם גרעסטן עגמת־נפש האָב איך, ווען איך בין
געצוווּנגען אַרויסצוטרעטן אַנטקעגן מענטשן, וואָס איך וואָלט
אַזוי גערן געוואָלט, מיר זאָלן קאָנען אינאיינעם אַרבעטן האַנט
אין האַנט. אויב אין דער היץ פון דער פּאָלעמיק האָב איך
אפשר אָנגעווענדעט אַ צו שאַרפן אויסדרוק; אויב איך האָב זיי
אומגערן און נישט־פאַרדינטערהייט וויגעטאָן, בעט איך ביי זיי
מחילה וסליחה פון גאַנצן האַרצן...

„דאָס נייע לעבן“, מערץ־יוני, 1910.

# סימנים פון אַ נייעם לעבן ביי די יידן אין אַמעריקע

## 1.

(די פיר טענדענצן אין דעם יידישן גלות־לעבן, — די יידישע פאַרמער־קאָנפערענץ.)

אומעטום אין גלות — און אויך אין דעם גלות־אַמעריקע — ווירקן פיר קרעפטן אויף דאָס יידישע לעבן.

די ערשטע קראַפט איז — דאָס אומבאַוווסטע, אינסטינקטיווע נאַציאָנאַלע לעבן פון פאָלק. ווען אַ פאָלק האָט געזונט לעבנס־קראַפט אין זיך, וועט עס אומעטום, ווו די אומשטענדן דערלאָזן עס, אַרויסברענגען אַן אייגן נאַציאָנאַל לעבן, גאָרנישט טראַכטנדיק, אַז עס ווערט געבויט דערביי אַן אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור. יעדער איינצלנער ייד זעט דערביי צו באַפרידיקן זיינע אייגענע אינטערעסן, גייסטיקע אָדער מאַטעריעלע. אָבער אַזוי ווי יעדער איינצלנער איז אַ ייד, קומט אַרויס אין לעצטן סך־הכל, אַז די אינטערעסן ווערן באַפרידיקט פאַר אַ גרויסער יידישער מאַסע דורך אַ גרויסע יידישע מאַסע, און די באַפרידיקונג מוז דעריבער, ווילנדיק נישט ווילנדיק, טראָגן אויף זיך אַ קלאָרן יידישן שטעמפּל. דער יידישער סטעמפּל שיידט אָפּ דאָס יידישע פאָלק פון אַלע אַרומיקע פעל־

ערק ווערט, נישט נאָר צו אַ בולטן נאַציאָנאַלן סימן, נאָר אויך צו אַ קראַפט, וואָס דערהאַלט טאָג טעגלעך די יידישע נאַציע.

דער בעסטער ביישפּיל פון אַזאַ אומבאַוווּסזן נאַציאָנאַל־קולטורעלן שאַפן איז די יידישע פּרעסע און דער יידישער טעאַטער. די, וואָס גרינדן אַ יידישע צייטונג, אַ זשורנאַל, אַ טעאַטער אָדער אַ יידישן „מוזיק־האָל״ (אַ מין „קאַפע־שאַנטאַן״) האָבן דערביי דאָס רוב אין זינען די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון דעם יידישן פאָלק. זיי ווילן דערביי מאַכן אַ געשעפט אָדער באַפרידיקן מיט זייער אונטערנעמונג אַן אַלגעמיין־מענטשלעכע באַדערפעניש אין קונסט, אויפקלערונג און פּאָליטישער טעטיקייט. און אויך דער לייענער פון דער פּרעסע און דער באַזוכער פון דער פאָרשטעלונג האָט דאָס רוב אפילו נישט אין דער לינקער פּאה דעם געדאַנק, אַז דורך זיין לייענען און געניסן וועבט ער, טאָג אויס, טאָג איין, די פעדים פון אַ יידיש־נאַציאָנאַלער קולטור. ביידע צדדים, די אונטערנעמער און די געניסער, טראַכטן בעת מעשה נישט, אַז איין צד כאַפּט אָן אַן אויפהער אַריין אין די אָדערן פון דעם פאָלק נאַציאָנאַל בלוט און דער אַנדערער — עטעמט אָן אַן אויפהער אין זיך אַריין נאַציאָנאַלע לעבנס־קראַפט. גוט אָדער שלעכט, אויף אַ העכערער מדרגה אָדער אויף אַ נידעריקער, — זענען פּרעסע און יידישע פאָרשטעלונגען נאַציאָנאַלע סימנים פון דעם יידישן פאָלק און קרעפטן פאַר זיין דערהאַלטונג, — סימנים און קרעפטן, וואָס זענען אויסגעוואַקסן ס ט י כ י ש, אומבאַוווּסט, פון דעם אינסטינקטיוון געפיל, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אַ באַזונדער פאָלק און אַז זיינע באַדערפענישן מוזן באַפרידיקט ווערן אויף אַ באַזונדער אַרט (לאָז זיין מער נישט ווי אין דעם פּונקט פון שפּראַך), לויט זיין נאַציאָנאַלער נאַטור.

צו דעמזעלביקן אַרויסווייז פון א ו מ ב אַ ו ו ו ס ט־נאַציאָנאַלן שאַפן געהערן אויך די פאַרשיידענע יידישע אינסטיטוציעס, באַשאַפן פון יידן פאַר יידן: חברות, פאַראיינען, לאָדזשן, געווערקשאַפטן, אַרבעטער־רינגען, פילאַנטראָפּישע אונטערנעמונגען, „אנשי־בני״־געזעלשאַפטן און דערגלייכן. אומבאַוווּסט

שפּיגלען זיי ווייטער דעם פּאָדים פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן לעבן, ערשטנס, דורך דער יידישער שפּראַך, צווייטנס, דורך דעם פאַקט גופא, וואָס זיי זונדערן אָפּ אין געוויסע אָרגאַניזאַציעס יידן פון נישט יידן, און דריטנס — ווען אפילו נישט אומעטום — דורך דעם באַזונדערן אופן, ווי אַזוי די געגעבענע באַדערפעניש ווערט באַפרידיקט פון יידן פאַר יידן. דער באַזונדערער אופן טראָגט שוין אין זיך קלאָר די שפּורן פון דעם באַזונדערן יידישן פאָלקס-כאַראַקטער.

די צווייטע קראַפט, וואָס ווירקט אויף דאָס יידישע לעבן אין גלות איז אויך אַן אומבאַוווסטע און גייט אינגאַנצן להיפך צו דער ערשטער. דאָס איז דאָס סטיכישע באַשטרעבן צו אַסימילירן זיך מיט דער אַרומיקער וועלט. ביי אַ פאָלק, וואָס לעבט נאָרמאַל אויף זיין אייגענעם לאַנד, איז די אַרומיקע וועלט און די אייגענע וועלט — איין-און דיזעלביקע וועלט, דאָס באַשטרעבן זיך צו אַסימילירן און דער אינסטינקט פון וועבן אייגענע קולטור העלפן ביי אַ נאָרמאַלן פאָלק און שטאַרקן איינס דאָס אַנדערע: דער וועב-אינסטינקט באַשאַפט נאַציאָנאַלע קולטור און אַ נאַציאָנאַלע סביבה, דער צופאַסונגס-אינסטינקט פאַרשטאַרקט דאָס נאַציאָנאַלע „אַרום" און ווירקט אָנטרייבנדיק אויף דער נאַציאָנאַלער באַשאַפונגס-קראַפט. ביי א פאָלק אין גלות ווירקן די צוויי קרעפטן איינע אַנטקעגן דער אַנדערער. וואָס איינע שאַפט, וויל די אַנדערע צעשטערן.

עס איז שווער צו זאָגן, וואָס וואָלט געווען דער באַלאַנס פון די צוויי אין גלות פיינטלעכע קרעפטן, ווען אין זייער קאַמף וואָלטן זיך נישט אַריינגעמישט די צוויי אַנדערע קרעפטן, די באַוווסטזיניקע טענדענצן: די באַוווסטזיניקע אַסימילאַציע (די דריטע קראַפט) און דער באַוווסטזיניקער נאַציאָנאַליזם (די פערטע קראַפט).

ביז צו דעם סוף פון אַכטצנטן יאָרהונדערט האָט ביי דעם יידישן פאָלק דער באַוווסטזיניקער נאַציאָנאַליזם תמיד גובר געווען די באַוווסטזיניקע אַסימילאַציע. ער האָט זיך פאַרבונדן מיט דער יידישער רעליגיע און האָט געמאַכט פון

איר אַ מעכטיקן כּלי-זין אין דעם קאַמף פאַר דעם נאַציאָנאַלן יידישן זיין אויף דער וועלט. אָבער צום סוף פון דעם אַכט-צענטן יאָרהונדערט האָט די באַוווסטע אַסימילאַציע גענומען נעווינען די אויבערהאַנט איבער דעם נאַציאָנאַליזם. קודם כּל האָט זי פאַנאַנדערגעשפּאָלטן די היסטאָרישע אידייען-פאַרבינדונג פון יידישע נאַציע און יידישע רעליגיע און האָט דערקלערט, אַז מען קאָן בלייבן אַ ייד לויט דער רעליגיע און צו דער-װעלביקער צייט זיין נאַציאָנאַל אַ דייטש, אַ רוס, אַ פראַנצויז. די קאָנסעקווענטערע אסימילאַטאָרן האָבן דערפון אַרויסגעבראַכט דעם שלוס, אַז אַ געבוירענער ייד קאָן און דאַרף זיך אינגאַנצן אָפּזאָגן אי פון דעם יידישן פאָלק, אי פון דער יידישער רעליגיע.

דער באַוווסטזיניקער אַסימילאַציאָניזם איז לפי ערך נישט לאַנג געווען דער איינציקער בעל-הבית איבער די מוחות און הערצער פון דער יידישער אינטעליגענץ. וויפל שאָדן ער זאָל נישט האָבן געבראַכט דעם יידישן לעבן, איז ער געווען אַ נויטווענדיקער און אַ נויטיקער איבערגאַנג פון דעם אַלטן, רעליגיעזן נאַציאָנאַליזם צו דעם מאָדערנעם. ערשט אויף דעם באָדן, וועלכן ער האָט באַשאַפן, אויף דעם פאַנאַנדערדרייס פון רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט, האָט געקאָנט אַרויסשפּראָצן, פאַנאַנדערוואַקסן זיך און אויפבליען דער איצטיקער נאַציאָנאַליזם. אַקוראַט ווי דער אַסימילאַטאָר האָט געטענהט, אַז מען קאָן זיין רעליגיעז אַ ייד און נאַציאָנאַל אַ דייטש, אַ רוס, אַ פּאָלאַק, טענהט איצטער דער קאָנסעקווענטער נאַציאָנאַליסט, אַז מען קאָן זיין נאַציאָנאַל אַ ייד, אַז יעדער געבוירענער ייד איז נאַציאָנאַל אַ ייד, ווען אַפילו ער איז רעליגיעז אַ קריסט, אַ מוהאַמעדאַנער, אַן אַטעאיסט.

מען דאַרף נישט גלויבן, אַז אָט די נאָר וואָס אָנגערופענע הויפּט-קרעפטן פון אונזער נאַציאָנאַלן לעבן ווירקן יעדע פאַר זיך, נישט צונויפגעמישט מיט די אַנדערע. דאָס לעבן איז תּמיד אַ זאַך, צונויפגעוועבט פון פאַרשיידענע פעדים. אין איין-און-דעמזעלביקן לעבנס-פאַקט קאָן מען אויפדעקן די ווירקונג פון

די פאַרעווידענע קרעפטן, וואָס גיסן זיך אין אים צונויף אין פאַרשיידענע פּראָפּאָרציעס.

אַן אַסימילאַטאָריש בלאַט, אין יידיש געשריבן, אַ מין „פרייע אַרבעטער שטימע", ווירקט באַוווסטזיניק אַסימילאַטאָריש, אומבאַוווסט נאַציאָנאַל. לויט דעם אידעאַל נאָך, פריידיקט עס צונויפגיסונג מיט די אַרומיקע פעלקער און שניידט דורך אַ וועג אין די מוחות און די הערצער פון די לייענער — פאַר אַזאַ צונויפגיסונג. לויט זיינע מעשים נאָך, פּומפּט עס, וואָך אויס וואָך איין, יידישע שפּראַך און יידישע ליטעראַטור אַריין אין די מוחות אין די הערצער פון די לייענער. עס ווערט אַרויסגעבראַכט די אָפּזונדערונג פון דעם יידישן פאָלק און עס ווערט פאַרשטאַרקט די פאַנאַנדערשיידנדיקע וואַנט.

צוריק, איז אַ נאַציאָנאַל-יידישע צייטשריפט אין אַן אייראָפּעאישער שפּראַך, ווי, למשל, „דער מאַקאַבעער" אין ענגליש, אַ געמיש פון באַוווסט-נאַציאָנאַלער און אומבאַוווסט-אַסימילאַטאָרישער טענדענץ. לויט דעם אידעאַל נאָך, שניידט ער דורך אין די מוחות און הערצער אַ וועג פאַר דער נאַציאָנאַלער ווידערבאַלעבונג פון יידישן פאָלק; לויט די מעשים זיינע, פאַרשטאַרקט ער ביי אים די פּאָזיציע פון דער ענגלישער שפּראַך, ד. ה. ער טראָגט אַראָפּ אַ שטיק פון דער פאַנאַנדערשיידנדיקער וואַנט. אַזוי איז אויך, למשל, הרוגס נאַציאָנאַל-יידישע לידיק אין רוסיש, ווי די גאַנצע רוסיש-יידישע ליטעראַטור פון דעם נאַציאָנאַלן לאַגער, אַ געמיש פון באַוווסטן נאַציאָנאַליזם און אומבאַוווסטער רוסישער אַסימילאַציע.

דער היסטאָריקער פון דעם יידישן לעבן מוז שטענדיק האָבן אין זינען דאָס פאַרוויקלטע און פאַרפלאָנטערטע שפּילן פון די פיר הויפּט-טענדענצן אינם יידישן גלות-לעבן, בעת ער וויל אויפנעמען אַ מאָמענט-בילד פון די גייעסטע פאַסירונגען.

דאָס גאַנצע לעבן פון די אַמעריקאַנער יידן איז געווען כמעט דורך און דורך אויפגעבויט אויף דעם באַוווסטן פּרינציפּ פון אַסימילאַציע. יידן האָבן נישט קיין אייגענע יידישע אינטערעסן, ד. ה. אַלגעמיין-מענטשלעכע אינטערעסן אין אַ

יידישער פאָרם פאַר יידן, אַ חוץ רעליגיעזע. דאָס איז דער גרונט-כלל, וואָס הערשט כמעט אומעטום ביי די יידן אין אַמעריקע.

וווהין טרייבן אָבער די לעבנס-נויטן פון די יידן אין אַמעריקע? צו דער פאַרשטאַרקונג פון דער אַסימילאַציע-פּאָזיציע, אָדער צו דעם אַרויסברענגען פון באַוווסטן נאַציאָנאַליזם?

נעמען מיר די וויכטיקסטע פּאָסירונגען פון היינטיקן ווינטער.

מיר האָבן דאָ קודם-כל געהאַט אַ צונויפפאָר פון יידי-שע פאַרמערס.

וואָס איז איר נאַציאָנאַלע באַדייטונג? האָט זיך אַ גרופּע יידן צונויפגעקליבן, כדי מישב צו זיין זיך וועגן אַ מקוה, אַ חזן, אַ שוחט און אַ שול? ניין! מען האָט גערעדט קודם כל וועגן אַזעלכע „יידישע" זאַכן, ווי מיסט פאַר די פעלדער, בוראַ-קעס, טאַבאַק, הויפּטלעך-קרויט, אַגראַר-קרעדיט, אייגענע מעל-מילן א. אַז. וו. דאָס איז געווען אַ גרופּע ערד-באַאַרבעטער.

אָבער וואָס האָט מיסט פאַר די פעלדער צו טאָן מיט יידישקייט? פאַרוואָס איז זיך די גרופּע „אַל-מענטשלעכע" ערד-באַאַרבעטער נישט צונויפגעפאָרן מיט אַלע אַנדערע גרופּן ערד-באַאַרבעטער, וואָס וווינען אין אַ באַשטימטער געגנט? זיי זע-נען זיך צונויפגעפאָרן באַזונדער, ווי יידן, דערפאַר, וואָס די מענטשהייט איז פאַנאַנדערגעטיילט נישט נאָר נאָך די ליניעס פון פאַרשיידענע פּראָפעסיעס, נאָר אויך נאָך די ליניעס פון פאַר-שיידענע נאַציעס. יעדע פּראָפעסיע פון יעדער נאַציע האָט זיך איר קעסטעלע אויף דעם שאַך-ברעט, באַשאַפן פון דעם איבער-שניידן זיך פון די פאַרשיידענע פּראָפעסיאָנעלע און נאַציאָנאַלע ליניעס.

די יידישע פאַרמערס זענען יידישע פאַרמערס. זייערע אינטערעסן און ממילא זייערע פּסיכאָלאָגיעס שטאַמען נישט נאָר פון דעם, וואָס זיי געהערן צו דער פּראָפעסיע פון ערד-אַרבע-טער און לאַנדווירטן, נאָר אויך פון דעם, וואָס זיי געהערן צו דער נאַציע פון די יידן. זייער לאַגע ווערט דיקטירט נישט

נאָר פון דער עקאָנאָמישער לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך די לאַנדווירטשאַפט, נאָר אויך פון דער נאַציאָנאַלער לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך דאָס גאַנצע יידישע פאָלק.

וואָלט מען אויף דער יידישער פארמער־קאָנפערענץ גע־רעדט נאָר וועגן פעלד־מיסט און קרעדיט, וואָלטן מיר געמוזט זען אין אין איר מער נישט, ווי אַ נייע סטיכיש־נאַציאָנאַ־לע אינסטיטוציע, וואָס פאַרשטאַרקט אומבאַוווּסטערהייט און נישט ווילנדיק אונזער נאַציאָנאַלע פּאָזיציע אין גלות אויף דעמ־זעלביקן אופן, ווי זי ווערט פאַרשטאַרקט פון אַן אָרדן „בני־ברית״, אַן „אַרבעטער־רינג״, אַפילו אַ „פרייע אַרבעטער שטימע״. אָבער אויך אַנדערע רייד האָבן זיך געלאָזט הערן אויף דער קאָנפע־רענץ, אויס דעם מויל פון יידישע פארמערס. יידישע נויטן און יידישע אידעאַלן זענען אַרויסגעשוועמען אין דער באַראַטונג, ד. ה. אַלגעמיינע מענטשלעכע נויטן און אַלגעמיין־מענטשלעכע אידע־אַלן, וואָס האָבן באַקומען אַ ספּעציפישע פאָרם אָדער אַ ספּעצי־פישע וויכטיקייט פאַר דער גרופּע מענטשן, וואָס רופט זיך „דאָס יידישע פאָלק״.

דאָס יידישע פאָלק איז אַ פּאַראַזיטאַריש לעבנס־געוויקס. מיר מיינען דאָס נישט נאָר אין דעם אַנטיסעמיטישן זין פון לעבן פון פרעמדער אַרבעט, מיר מיינען דאָס אין דעם וויסנ־שאַפטלעך־ביאָלאָגישן זין. אַ פּאַראַזיטארישע פלאַנץ איז אַזאַ, וואָס לאָזט אירע וואָרצלען אַריין נישט דירעקט אין דער ערד, נאָר אין דעם גוף פון אַן אַנדער פלאַנץ, פון וועלכער זי זויגט איר לעבנס־זאַפט. אַ פּאַראַזיטאַריש פאָלק מוז געהאַסט ווערן. אַ פּאַראַזיט איז אַן אומגליקלעכע באַשעפעניש. אויף דער רייכסטער און פעסטער ערד, צווישן דער שענסטער, מילך און האָניג טריפנדיקער נאַטור, איז ער פאַרמשפּט פאַרהונגערט צו ווערן, אויב ער האָט נישט קיין פרעמדן לעבעדיקן אָרגאַניזם, אין וועלכן ער זאָל זיך קאָנען איינזויגן. און אין אַזאַ אומגליקלעכער און מיאוסער לאַגע געפינט זיך דאָס יידישע פאָלק, דאָס יידישע אַרבעטער־פאָלק. דער יידישער אַרבעטער מעג זיין דער גרעסטער מאדים אין העמדלעך נייען, אין דראַטווע ציען. אָבער נעמט אָט

דעם שער און נאָדל־מענטש, נאָל און דראַטווע־מענטש און זעצט אים אַריין אין דעם רייכסטן גן־עדן פון דער נאַטור, וועט ער אויסגיין פאַר הונגער, ווי עס גייט אויס פאַר הונגער יענע פּאַראַזיטן־מילב. ווען מען נעמט צו פון איר מילבן־שקלאַפן, וואָס טראָגן איר צו שפּייז אין מויל אַריין, ווי עס דאַרט איין אַ פּאַראַזיטן־פלאַנץ, ווען איר זעצט זי אַריין אין דער ערד און גיט איר נישט די מעגלעכקייט אריינצולאָזן אירע זויג־וואָרצלען אין אַ פרעמדן אָרגאַניזם.

אַ מענטש איז אָבער נישט געבונדן אָן זיין אָרט לעבן, ווי די פלאַנץ, אָדער די וואַנץ. געצוווּנגען פון די אומשטענדן צו פירן אַ וואַנצן־לעבן, קאָנען אים אַנדערע אומשטענדן און אידעאַלן צווינגען דורכצופירן אַ גאַנצן איבערקער אין זיין נאַטור. פאַר דער יידישער פלאַנץ איז אויסגעוואַקסן די נויט, וואָס ווערט באַלד צו אַ נויטווענדיקייט, אַריינצולאָזן אייגענע דיקע וואָרצלען דירעקט אין דער מוטער־ערד און פון איר זויגן די הויפּט־חיונה. און די נויט איז אָפן אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון די יידישע פאַרמעס, זיי האָבן זיך צונויפגעפאָרן אויף אַ קאָנפערענץ נישט נאָר, כדי זייער אייגענע לאַגע צו פאַרבעסערן, נאָר כדי צו מאַכן פּראָפּאַגאַנדע פאַר יידישע לאַנדווירטשאַפט, אויפצושטעלן אַן אידעאַל פאַר דעם פאָלק, צו לעבן דירעקט פון נאַטורס פולער און פרייער האַנט און אויסצופאָרשן די באַדינגונגען און וועגן, וועלכע קאָנען פירן צו דעם פאַרווירקלעכן פון דעם אידעאַל.

אָבער אויך אַ דירעקטע יידישע לעבנס־נויט פון יידישע פאַרמערס איז געקומען צום פאַרשטיין אויף זייער ערשטער קאָנפערענץ. דאָס איז די נויט אין יידישע דערציונג, די נויט אין יידישע לערער, וואָס האָט זיך אין דאָרף אַרויסגעוויזן נאָך שניידנדיקער איידער אין שטאָט... געזונטע און שטאַרקע באַדערפענישן פון אַ פאָלק רופן תמיד אַרויס מיטלען, ווי זיי צו באַפרידיקן. די נויט אין יידישער דערציאונג אין דאָרף, ווען זי וועט נאָך מער אָנוואַקסן און שאַרפער ווערן, וועט אַרויסרופן צום לעבן אַ יידישן לערער־סעמינאַר,

וואָס זאָל אויסבילדן מאָדערנע יידישע פּעדאַגאָגן פאַר שטאָט און דאָרף. און אַזוי קייטלט זיך דאָס איינס און ס'אַנדערע, און אַזוי פאַרצווייגט זיך און וואַרפט זיך פאַנאַנדער די יידישע נויט, וואָס רופט אַרויס פאָרמען פון יידישן נאַציאָנאַלן לעבן.

די יידישע פאַרמער־באַוועגונג אין אַמעריקע האָט אָבער נאָך אַ טיפערע און וויכטיקערע נאַציאָנאַלע באַדייטונג, וואָס מער מיר דרינגען אַריין אין די לעצטע וועלט־פּאַסירונגען, וואָס האָבן אַ שייכות צו אונזער פאָלק, אַלץ מער ווערט אונז קלאָר, אַז די לעצטע און טיפסטע פאַרענטפערונג פון דעם יידישן פּראָבּלעם, די באַשאַפונג פון אַ זעלבשטענדיקער, פרייער, אייגענער היים איז אַן אידעאַל, וואָס צו זיין פאַרווירקלעכונג וועט אונזער דור דאַרפן אַוועקלייגן די ערשטע גרונט־שטיינער.

די סכסוכים וועגן דעם „ווו״ פון דער יידישער היים זענען שוין כמעט ווי אינגאַנצן פאַרשוואונדן. דאָס איז די פרייע און אונז פריינטלעכע טערקיי. די אָפיציעלע, ערנסטע איינלאַדונג פון דער טערקישער רעגירונג, צו באַזעצן זיך אין איר לאַנד, ווו נאָר מיר ווילן, און די אָנגעברייטקייט אַוועקצוגעבן אינגאַנצן אין אונזער בעל־הבתישקייט אַזאַ צוקונפטספולע, נאָך נישט באַזעצטע פּראָווינץ, ווי מעסאָפּאָטאַמיע, האָט מיט אַ שטאַרקן רוק, ווי דאָס טרעפט אָפטמאָל אין דער געשיכטע, אַראָפּגעשלעפט אַן אידעאַל פון הימל און אַוועקגעשטעלט אים אויף דער רעאַלער ערד. פּאַלעסטינע און די נאָכבאַר־לענדער, דאָס איז דאָס „ווו״ פון דער יידישער היים, די גלייכצייטיקע קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע און מעסאָפּאָטאַמיע, דאָס איז דאָס „ווי אַזוי״ פון איר מקוים ווערן אין לעבן. פון היינט אָן און להבא, דאָס איז דער ענטפער אויף דעם „ווען״.

אָבער צו דער קאָלאָניזאַציע דאַרף מען האָבן ק אָ ל אָ נ י ס ט ן. עס וועלן אין דער ערשטער צייט ניין אין אַ ביטערן קאַמף מיט דער נאַטור, צו באַצווינגען זי און צו מאַכן זי אונטערטעניק פאַר אונזערע צילן, מענטשן, וואָס ווייסן נאָך נישט, ווי צו באַגיין זיך מיט איר, רעקרוטן פון דעם לאַנדווירטשאַפטסחיל, וואָס וועלן אין דער מלחמה גופא זיך מוזן לערנען די

מלחמה. גוטע סאָלדאַטן און אָפיצירן וועלן דערווייל וואַקסן און זיך אויסבילדן אין גלות־אַמעריקע. אויב מיר וועלן דאָ פאַרשטיין די גאַנצע באַדייטונג פון דער יידישער אַגראַר־באַוועגונג, אויב מיר וועלן אָנווענדן די גאַנצע נויטיקע ענערגיע אויף איינצופונדעווען זי און צו שטיצן זי, קאָנען מיר ברענגען דערצו, אַז אַמעריקע זאָל אין אַ יאָר צען, פופצן ארום, יאָר אויס, יאָר איין, אָנהויבן אַרויסשיקן אין אונזער נייער־אַלטער היים מחנות פון יידיש־דערצויגענע לאַנדווירטן, געזונטע, פרייע און שטאָלצע מענטשן, וועמעס כלי־זין אין דער מלחמה פאַרן לעבן וועלן שוין נישט מער זיין שער און נאָדל, נאָל און דראַטווע, מקח וממכר, נאָר דער אַקעראייזן און דאָס שניט־מעסער. זיי וועלן שנעל פאַרמערן די דיקע וואָרצלען אין אונזער אייגענער ערד און בויען די צוקונפט פון אונזער פאָלק.

די פאַרמער־קאָנפערענץ איז אַ יידישע אינסטיטוציע, וואָס איז נישט נאָר סטיכיש אַרויסגעשפרונגען פון אַ יידישער לעבנס־נויט, נאָר וואָס איז שוין אין איר ערשטן שריט באַגאָסן מיט שטראַלן פון אַ באַוווסטזיניקן פראָגרעסיוון נאַציאָנאַליזם *). דאָס איז אין אַמעריקע אַ נייע זאַך, אַ סימן פון אַ נייעם לעבן. ביז אַהער האָבן אין אַמעריקע געקעמפט דער אומבאַוווסטער ווערבאינסטינקט פון דעם יידישן פאָלק מיט דעם אומבאַוווסטן צופאַסונגס־טריב, און אויף דער צופאַסונגס־שאָל איז מיט איר גאַנצן געוויכט געלעגן די אָפיציעלע און אינטעליגענטע באַוווסטע אַסימילאַציע־טענדענץ. עס ווייזן זיך סמנים פון אַ פעריאָד, ווען אויף דער אַנדער שאָל פון וואָג ווערט אַרויפגעלייגט דאָס געוויכט פון באַוווסט־נאַציאָנאַלע בנינים.

די פאַרמער־באַוועגונג איז נאָר איין סימן אַזאַ. עס זענען דאָ נאָך אַנדערע סימנים, וואָס באַווייזן די נידערלאַגע פון דעם באַוווסטזיניקן אַסימילאַציאָניזם אין דעם יידישן לעבן און דענקען.

*) מיין אָפּשאַצן די פאַרמער־באַוועגונג פון יענער צייט איז געוויס געווען פריי פון אַ צו־ראָזעווען אָפּטימיזם, אָבער פּרינציפּיעל בלייבט ריכטיק דער בליק אויף איר נאַציאָנאַלן באַטייט. (1918).

## 2.

## (די רייזן-אָוונטן, די קהילה)

דעם ווינטער האָבן מיר געהאַט אַ גאַסט פון אייראָפּע — אברהם רייזן. אויפגענומען האָט מען אים מיט אַ באַגייסטערטן קבלת-פּנים אין איינעם פון די גרויסע יידישע טעאַטערס, וואָס איז געווען פול געפּאַקט. געזעגנט האָט מען זיך מיט אים אין איינעם פון די גרעסטע זאַלן פון דעם יידישן קוואַרטאַל, אין קלינטאָן האָל, און הונדערטער האָבן געמוזט גיין צוריק, ווייל עס איז שוין נישט געווען קיין פּלאַץ.

גרויסע, שטורעמדיקע, ענטוזיאַסטישע פאָלקס-פאַרזאַמלונגען פון דעם יידישן קוואַרטאַל צוליב אַ וועלכן עס איז גאַסט פון אייראָפּע זענען קיין נייעס נישט אין ניו יאָרק. אָבער אין קיינע פון זיי האָט זיך נישט אויסגעדריקט אַזוי קלאָר זייער יידישער כאַראַקטער, ווי אין די רייזן-אָוונטן. אויך אין יענע פאַרזאַמלונגען האָבן יידישע רייד אַרויסגערופן אין יידישע הערצער פלאַמען פון התלהבות. אָבער די יידישע שפּראַך איז געווען מער נישט, ווי אַ געצייג. דער קוואַל פון באַגייסטערונג האָט געשלאָגן פון דער פּאָליטיק, דאָס רוב פון דעם רוסישן רעוואָלוציאָנערן קאַמף. אין די רייזן-אָוונטן האָט פּאָליטיק נישט געשפּילט קיין ראָלע. זיי זענען געווען פאָלקס-יום-טובים, געפייערט פון יידישע מאַסן צוליב אַ יידישן דיכטער.

דער באַגייסטערטער קבלת-פּנים און דער וואַרעמער, הערצלעכער אפּשייד-אָוונט, וואָס דער עולם האָט געגעבן רייזענען, באַווייזן, אַז אויך אין ניו-יאָרק, ווי אומעטום אין דעם יידישרעדנדיקן גלות, הויבן זיך אָן אין דער פאָלקס-נשמה צו וועבן אינדער שטיל פעדים פון אַ נייער ליבשאַפט, מען קאָן זאָגן פון אַ נייעם קולט: דער ליבשאַפט פון דעם פאָלק צו זיינע

העלדן אויף דעם פעלד פון קולטור, און באַזונדערס צו דער אייגענער, נאַנטער ליטעראַטור אין דער פאָלקס־שפּראַך.

אַזאַ ליבשאַפט איז איצטער ביי אַלע פעלקער געוואָרן דער פונדאַמענט פון אַ פּראָגרעסיוון נאַציאָנאַל־געפיל, וואָס פאַרטרייבט אומעטום דעם אַלטן שאָוויניזם. פּראָגרעסיווע טיילן פון אַ פאָלק שטאָלצירן מער נישט מיט די נצחונות פון דעם פאָלקס־חיל אויף דעם שלאַכט־פעלד, אָדער מיט די העלדיש־קייטן פון דער אייגענער דיפּלאָמאַטיע, וואָס איהר האָט זיך איינגעגעבן אַריינצוכאַפּן אין זאַק אַריין דעם ליבן שכן. די גרונט־לאַגע פון דעם מאָדערנעם, פּראָגרעסיוון נאַציאָנאַל־שטאָלץ זענען די נצחונות פון דעם פאָלק אויף אַלע פעלדער פון דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן פּראָגרעס.

אַזאַ מאָדערן־פּראָגרעסיווער נאַציאָנאַל־שטאָלץ וועט אויך אויסוואַקסן ביי דעם יידישן פאָלק, ווי נאָר עס וועט זעלב־שטענדיק און זעלבסטבאַוווסט אַרויסטרעטן אויף דעם וועג פון אַלגעמיין־מענטשלעכער אַנטוויקלונג און — וועט האָבן, מיט וואָס איבערצונעמען זיך נישט נאָר אויף דעם חשבון פון דעם רייכן, גלענצנדיקן עבר, נאָר אויך מיט וואָס צו שטאָלצירן אין אַ גע־זונטן, קולטור־שאַפנדיקן היינט.

אויף רייזנס אָפּשייד־אָוונט איז פיל גערעדט געוואָרן וועגן דעם צושטאַנד פון דער יידישער קולטור אין אַמעריקע. שוואַרץ־זעטער און ראָזאַ־פּאַרבן־זעטער האָבן געהאַלטן אין גלייכגעוויכט די שאָלן פון דעם וואָג, געטראָפן אין פּינטל אַריין האָט מ אָ־ריס ווינטשעווסקי. מיר זענען נאָך נישט לאַנג אין דעם לאַנד, האָט ער געזאָגט (איך גיב איבער דעם תוך פון זיינע רייד), ווי פון אַ בהלה זענען מיר געקומען אַהער. ערשט איצטער הויבן מיר אָן צו קומען צו זיך. מיר לעבן איבער אַן איבערגאַנגס־עפּאָכע. ערשט איצטער הויבן מיר אָן קוקן אויג אין אויג דער פראַגע: זאָלן מיר בלייבן יידן, אָדער נישט? און אויב מיר וועלן בלייבן יידן („און מיר וועלן בלייבן יידן!״— האָט ער אויסדריקלעך באַטאָנט), וועלן מיר געוויס אָנהויבן שאַפן אונזער אייגענע יידישע קולטור.

די איבערגאַנגס־עפּאָכע פון אַסימילאַציע צו אַ זעלבּ־שטענדיקן נאַציאָנאַלן לעבן אין גלות. — אזוי לאַנג, ווי מיר וועלן בלייבן אין אים, — איז כאַראַקטעריסטיש נישט נאָר פאַר אַמעריקע. דער פּראָצעס שפּילט זיך אָפּ אומעטום. מער נישט אין אייראָפּע האָט ער זיך אָנגעהויבן אַביסל פריער, דעריבער איז זיין גאַנג און זיין וועג דאָרטן אַסך קלאָרער, איידער דאָ. די באַוווסטזיניקע אַסימילאַציע־טעאָריע האָט שוין דאָרטן גאַנץ אנטשיידן דערלעבט איר מפּלה. אין אַמעריקע הויבט ערשט אָן צו שאָקלען זיך די ערד אונטער אירע פיס. גאָרנישט ווייניקע פּירער, און דוקא גאַנץ וויכטיקע, זענען שוין באַצייטנס אַראָפּ־געשפּרונגען פון איר. און דער אומבאַוווסטער, דער סטיכיש־נאַציאָ־נאַלער לעבנס־פּראָצעס העלפט דער אינטעליגענץ אַרויסדרייען זיך פון דעם אַסימילאַציע־חושך.

מיר האָבן אין דעם פריקן קאַפּיטל אויפגעוויזן אויף די סטיכיש־אויסגעוואַקסענע יידישע פאָרמער־באַוועגונג, וואָס איז שוין אין איר אָנהויב באַגאָסן געוואָרן מיט העלע שטראַלן פון אַ באַוווסטזיניקן, פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלן גייסט. פּרינציפּיעל נישט ווייניקער וויכטיק איז די קהלה־באַוועגונג אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע אַמעריקאַנישע שטעט. איך זאָג: „פּרינציפּיעל״, ווייל עס איז נאָך אַ גרויסע שאלה, אויב די נישט לאַנג גע־גרינדעטע ניו־יאָרקער קהלה קאָן אין איר איצטיקער פאָרם שפּילן אַ וויכטיקע פּראַקטישע ראָלע אין דעם אויפ־בוי פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן לעבן.

איר קאָנסטיטוציע איז נאָך דערווייל צו ווייניק דעמאָקראַ־טיש, אַ גרויסער טייל פון אירע פּירער האָבן נאָך געפונען צו ווייניק צוטרוי צו זיך אין די גרויסע מאַסן פון פאָלק. דער ראַדיקאַלער עלעמענט פון דעם יידישן קוואַרטאַל האַלט זיך דער־ווייל כמעט אינגאַנצן פון דערווייטן. אָבער, ווי אומפּולקאָם די יידישע קהלה זאָל נישט זיין, וואָס עס זאָל נישט זיין איר ווייטערדיקער גורל, דריקט זי שוין איצטער אויס אַ פולשטענ־דיקן ברוך מיט דעם אַסימילאַציע־פּרינציפּ.

דאָס אַסימילאַציאָנערע יידנטום קאָן זיך אָרגאַניזירן נאָר

אויף איין-איינציקער גרונטלאַגע — אויף דער גרונטלאַגע פון דער יידישער רעליגיע. „יידן זענען נישט קיין נאַציע, זיי זענען נאָר אַ רעליגיעזע סעקטע. און אויף וויפל זיי זענען רעליגיעז, אויף אַזוי פיל זענען זיי יידן״, — דאָס איז דער הויפּט-אַני-מאמין פון דער אַסימילאַציאָנערער טעאָריע. דער יידישער גאָטעסדינסט, דער יידישער קולטוס, נישט די יידישע קולטור איז דער זין פון דעם יידישן לעבן אויף דער וועלט. די יידישע קהלה איז דעריבער כמעט אומעטום אַ יידישע „קולטוס-געמיינדע״, אַ ריין-רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט איר רעכט אויף אַ זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ געשעפּט פון דעם ריין-רעליגיעזן לעבן.

די אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער קהילה אין ניו-יאָרק ברענגט אַריין אַ פּרינציפּיעלע נייעס. זי איז, לויט אירע פּרינציפּן, נישט קיין קולטוס-געמיינדע. זי איז אויפגעבויט פון דעלעגאַטן פון די פאַרשיידנאַרטיקסטע יידישע פאַראייניגן, פיל פון וועלכע האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט דער יידישער רעליגיע. יאָ, אַפילו אַטעאיסטישע פאַראייניגן פונם יידישן פאָלק האָבן אַ רעכט צו שיקן זייערע דעלעגאַטן. האָבן קריסטלעכע פאַראייניגן פונם יידישן פאָלק, — אויב אַזעלכע וואָלטן ביי אונז געווען מעגלעך, — אויך אַזאַ רעכט? פּראַקטיש האָט די פראַגע קיין ברעקל זין נישט פאַר אונז, אָבער פּרינציפּיעל מעג מען זי אַוועקשטעלן און זאָגן: אַז על פּי יושר און על פּי שכל וואָלטן אַזעלכע פאַראייניגן, אויב זיי וואָלטן מעגלעך געווען, גאַנץ געוויס געמעגט באַלאַנגען צו דער יידישער קהילה, ווייל זי האָט פּרינציפּיעל געבראָכן מיט דעם יידיש-רעליגיעזן פּרינציפּ, און דאָרטן, ווו אַן אטעאיסט איז כשר, מעג א גלויביקער ייד-קריסט אויפגענומען ווערן מיט ברייטע אָרעמס.

וואָס באַטייט דער פּרינציפּיעלער ברוך מיט דעם יידיש-רעליגיעזן פּרינציפּ?

ער באַטייט, אַז דאָס לעבן רוקט אויך אין ניו-יאָרק אַרויס דעם נייעם, נישט אַסימילאַטאָרישן און נישט אַלט-רעליגיעזן טייטש פון „יידישקייט״. יידישקייט איז נישט רעליגיע, נאָר

נאַציע; נישט קולטוס, נאָר קולטור. נישט די יידישע רעליגיע האָט באַשאַפן די יידישע נאַציע, די יידישע נאַציע האָט צוליב אירע נאַציאָנאַלע און קולטורעלע צילן באַשאַפן די יידישע רעליגיע, און זי קאָן זי איבעראַנדערשן, לויט אירע באַדערפענישן, אָדער פאַרבייטן אויף אַן אַנדערע, אָדער לאָזן זי רואיק באַשטיין אינאיינעם מיט אַנדערע, אָדער אינגאַנצן זי אָפּשאַפן צוריק.

די יידישע קהילה פון ניו-יאָרק האָט, אמת, אויפגענומען אויפן צעטל פון איר פּראַקטישער אַרבעט די באַפרידיקונג פון אַ סך ריין יידיש-רעליגיעזע נויטן, ווי מקווה, שחיטה, א. אַז. וו. אָבער דאָס איז נישט לויט פּרינציפּ, נאָר אויס אַ פּורן צופאַל: די מאַיאָריטעט פון די פאַראיינען, וואָס זענען צוגעשטאַנען צו דער קהילה, זענען יידיש-רעליגיעז, און דעריבער ווערן זייערע באַדערפענישן באַפרידיקט קודם כל. וואָלט די מאַיאָריטעט באַשטאַנען פון קריסטלעך-יידישע פאַראיינען, וואָלט די פאַרוואַלטונג געמוזט זאָרגן פאַר דער באַפרידיקונג פון די קריסטלעך-יידישע רעליגיעזע הצטרכותן. אַ קאָמיטעט וואָלט געמוזט דערווײלט ווערן, צו זאָרגן פאַר מעות-קריסטמעס-בוים, אָדער מעות-פּאַסכאַ-חזירל, קיין ייד זאָל חלילה נישט בלייבן אָן אַ טענענבוימדל אויף קריסטמעס, אָדער אָן אַ שטיקל חזירל אויף פּאַסכאַ.

אין דעריבען ליגט איינער פון די הויפּט-פעלערן אין דער יידישער קהילה: די כאַאָטישע באַשטימונג פון אירע פונקציעס. זי האָט געבראַכן אין דער אָרגאַניזאַציע-פראַגע מיט דעם רעליגיעזן פּרינציפּ, זי האָט אָבער דעם ברוך נישט קאָנסעקווענט דורכגעפירט. זי איז נאָך אויך אַ סימן פון דער איבערגאַנגס-צייט, פון דער צייט, ווען די יידן זענען נאָך אַליין נישט גאַנץ קלאָר, וואָס זיי זענען: יידן, אָדער קינדער פון דעם יידישן גלויבן?

ווי נאָר זיי וועט קלאָר ווערן, אַז זיי זענען יידן, וואָס פאַר אַ גלויבן זיי זאָלן נישט האָבן, אַזוי וועלן זיי מוזן אויך אין די פונקציעס פון זייער קהילה שטרענג דורכפירן דעם וועלטלעכן פּרינציפּ פון נאַציע, אָנשטאָט דעם יענע-וועלט-

לעבן פון רעליגיע. אין וואָס איינער זאָל נישט גלויבן, אין משיחן אָדער אין קריסטוסן, דרך־ארץ פאַר זיין ערלעכן גלויבן! אָבער זיינע רעליגיעזע באַדערפענישן קאָנען און טאָרן נישט באַפרידיקט ווערן אויף קהלשן חשבון. וועגן זיי זאָל ער אַליין זאָרגן, אין אויסער־קהלשע פאַראיינען און קאָנגרעגאַציעס.

ענג פאַרבונדן מיט דער באַשטימונג פון אירע פונקציעס איז דער כּאַטישער אויפבוי פון דעם פונדאַמענט גופא. די אַלטע יידישע קהילה — די „קולטוס־געמיינדע" האָט אַ שאַרף קלאָרן באַגריף פון יענע קלענערע איינהייטן, אויף וועלכע זי רוט, וועלכע זי שטעלט פאָר. די איינהייט פון דער אַלטער קהילה איז אומעטום די סינאַגאָגע, דער מנין, די דאַוון־שול. אַלע מנינים, בתּי־מדרשים, דאַוון־שולן אינאיינעם בילדן די רעליגיעזע קהילה. די איינהייטלעכקייט פון דעם אויפבוי האָט געפירט צו אַן איינהייטלעכקייט אין די פונקציעס, אין יענע ענינים, וועגן וועלכע די קהילה האָט געדאַרפט זאָרגן. די מאָדערנע ניו־יאָרקער קהילה האָט אין איר פונדאַמענט די פאַרשיידנאַרטיקסטע פאַראיינען, און זייערע דעלעגאַטן ווערן געשיקט, ווי פאַרטרעטער פון באַשטימטע אינטערעסן־גרופן, וואָס האָבן צו זאָרגן, לויט זייער צאָל און מאַכט, פאַר דער באַפרידיקונג פון באַשטימטע לעבנס־נויטן, וואָס האָבן זיי אַרויסגערופן אין לעבן.

אָבער אַ סך אַזעלכע פאַראיינען האָבן לחלוטין גאָרנישט צו טאָן מיט קהלשע ענינים. צו דער קהילה קאָן באַלאַנגען אַן „אָרעמע־מיידלעך־קימפּעטאָרן־פאַראיין", ווי אויך אַ „דזשואיש ליבעראַל דענסינג קלאָב". די לעבנס־נויטן, וואָס האָבן אַרויסגערופן זייער עקזיסטענץ, מעגן זיין זייער וויכטיק און זייער יידיש, קאָן מען דאָך נישט איינזען, וואָס פאַרא סמיכת הפּרשה זיי האָבן מיט קהלשע ענינים און פאַרוואָס דער קהל דאַרף פאַרטרעטן אויך קימפּעטאָרן־און־ דאַנסינג־אינטערעסן. דער געדאַנק פון דער קהילה איז — פאַראייניקונג פון אַלע יידן, אלס יידן, אראָפּגערעכנט די פאַרשיידנקייט פון זייערע ספּעציעלע אינטערעסן. דער אָרגאַניזאַציע־פּרינציפּ אָבער איז אַזאַ, וואָס רעכנט לכתחילה אַריין די פאַרשיידנקייט פון די ספּעציעלע

פּאַראיינען, וואָס זענען די אייגנטלעכע בעלי־בתּים פון דער קהילה, די בעלי־בתּים אין דער לעצטער אינסטאַנץ.

מיט דער צייט ווערט דאָס, פאַרשטייט זיך, מוזן ווערן אַנדערש. אַ פרייע יידישע קהילה, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו זיין אַ קולטוס־געמיינדע, מוז ווערן אָדער אַ קולטור־געמיינדע און האָבן אין זיין פונדאַמענט איינצלנע קולטור־פאַראיינען, אָדער זיין אינגאַנצן אַ ריין־נאַציאָנאַלע געמיינדע, אַ פאַרטרעטונג פון יידן, אַלס יידן, און האָבן אין איר פונדאַמענט ריין־נאַציאָנאַלע „אָרטלעכע קהילה־פאַראיינען", צו וועלכע יעדער ייד זאָל מעגן באַלאַנגען, וואָס וויל נאָר אַריין, וואָס וויל נאָר העלפן טראָגן די לאַסטן פון דער קהילה און, דורך זיינע אויסדערוויילטע, באַשטימען דעם גאַנג פון אירע אַרבעטן.

ווי די מעשה איז — איז די גרינדונג פון דער יידישער קהילה אַ פּרינציפּיעלע נידערלאַגע פון דעם אַסימילאַציע־געדאַנק, אַ האַלב־באַוווּסט נאַציאָנאַל שאַפן, אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון אונזער איבערגאַנגס־צייט, אַ סימן פון אַ נייעם לעבן

דאָס נייע לעבן, אַפּריל־נומ׳, 1909.

# אַ יידיש דאָרף און אַ יידישע פאָלקס־באַנק

(וועג־נאָטיצן)

כּמעט אומעטום, ווו איך פרעג זיך נאָך וועגן דעם שטרעבן פון יידן צו לאַנד, צו „קרקע״, באַקום איך גאַנץ פּאָזיטיווע, דערפרייענדיקע ענטפערס: עס זענען אומעטום דאָ איינצלנע פּער־זאָנען און גאַנצע גרופּן, וואָס רייסן זיך מיט אַלע כּוחות פון שטאָדט — נישט „צוריק צום לאַנד״, נאָר „צום ערשטן מאָל״ — צו אַ געזונטן, פּאַרנינפטיקן לעבן אויף דער שויס פון דער מו־טער־ערד.

מען קאָן אָן שום ספק שוין איצטער רעדן פון אַ סטיכיי־שער אַגראַרישער באַוועגונג צווישן דעם יידישן פאָלק אין אַמע־ריקע, אַ באַוועגונג, וואָס איז אויסגעוואַקסן פון דעם לעבן גופא, און וואָס האָט, ווי מיר דוכט, זייער ווייניק שייכות צו די פּאַר־שיידענע „איזמען״, וועלכע מיר האָבן געטראָגן אין די מאַסן.

עס איז דעריבער אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר איר, וואָס די באַשרענקט זיך נישט אויף אָנהענגער פון אַ באַשטימטן קלייזל, אַפילו נישט פון אַ באַשטימטער פּאַרטיי אָדער קלאַס, קאָסמאָ־פּאָליטן און נאַציאָנאַליסטן, ראַדיקאַלן און פרומע, סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן און אַנאַרכיסטן, פּועלים, פּעדלער און שוחטים, — י ע ד ע גרופּע פון דעם יידישן לעבן האָט שוין אָפּגעגעבן פאַרטרעטער אין דער נייער באַוועגונג און אַ גרויסער טייל פון זיי האָבן שוין מער אָדער ווייניקער פאַרווירקליכט זייער ציל,

אַ מומחה אין דעם ענין, וואָס האָט נישט לאַנג באַרייזט דאָס לאַנד גראָד מיט דעם צוועק — באַקאַנט צו ווערן מיט דער יידישער פאַרמעריי אין אַמעריקע (ליידער, האָב איך גאָר קיין רעכט נישט עפנטלעך מיטצוטיילן זיין נאָמען) פאַרזיכערט, אַז אין די לעצטע צוויי-דריי יאָר זענען צוגעקומען ווייניקסטנס אַ פּאָר טויזנט נייע יידישע פאַרמערס, וואָס האָבן זיך באַזעצט אויפן לאַנד אָן דער הילף פון וועלכע עס איז פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, וועלכע זענען כלומרשט באַשאַפן געוואָרן צוליב דעם צוועק.

און ס'איז אפשר אַ גליק פאַר די נייע פאַרמערס, וואָס זיי האָבן נישט געהאַט צו טאָן מיט אונזער אַגראַר-פילאַנטראָפּיע, און פון גאַנצן האַרצן ווינטש איך זיי, זיי זאָלן נישט דאַרפן קיינמאָל אָנקומען צו אירע טובות. איך וויל נישט באַצווייפלען דאָס גוט-האַרץ פון אונזערע כלל-טוערס און פאַרזאָרגערס אין דעם ענין. — אָבער אַזוי אומגעלומפּערט, מיט אַזוי ווייניק פאַרשטאַנד און פאַרשטענדעניש פון דעם פאָלק, צו אַרבעטן, האָט אפילו אַ רוסישע קאַנצעלאַריע נישט באַוויזן. און אַ רוסישע קאַנצעלאַריע מעג דאָך באמת אַרויסנעמען אַ פּאַטענט אויף בעריש אומגעלומפּערטקייט און האָבן-דאָס-פאָלק-אין-דער-אדמה.

אַז מען הערט זיך אָן די מעשיות וועגן אונזער אַגראַר-פילאַנטראָפּיע, וואָס ווערן דערציילט אין פאַראינטערעסירטע און גוט אונטעריכטעטע קרייזן, גייט איינעם דורך אַ שוידער איבערן לייב. דעספּאָטישער מוט-ווילן, פאַרדרייטע פּרינציפּן, נישט אַ דרך-ארץ צו דעם מענטשן, זיין ווילן און זיינע נייגונגען, ביוראָקראַטישע פאַרשלעפּעניש און אָפּגעלאָזטקייט, — אָט דאָס זענען די הויפּט-שטריכן, וואָס טרעטן בולט אַרויס, דאָ איינציקווייז און דאָרט אַלע אינאיינעם, — אין דער טעטיקייט פון אונזערע פילאַנטראָפּן.

אין איין אָרט און צו אַ געוויסער צייט האָט געהערשט דער פּרינציפּ, אַז יידן מוז מען באַזעצן דוקא צווישן גוים, און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז נאָך אַ צייט פון מאַטערניש און פּיין, ווען דער פאַרמער האָט זיך שוין דערשלאָגן צו

אַ שיינעם עקאָנאָמישן מעמד, ווערט ער געצווונגען צו אַנטלויפֿן פון זיין פארם מחמת מורא, די קינדער זאָלן זיך נישט אויסמישן מיט די קריסטן. ס'איז כמעט נישטאָ קיין איין פאַרם-היים, פאַרוואָרפֿן צווישן גויאישע שכנים, וואָס האָט דערוואַקסענע קינדער, און זאָל בלייבן פריי פון דער דאָזיקער טראַגעדיע.

און נישט דוקא פרומע יידן ליידן פון איר. איך האָב אויסגעפונען אָנצוועמען, אַז נישט זעלטן ווערט אפילו אַ ראַדיקאַל אויפגעצייטערט פון דעם געדאַנק, אַז זיינס אַ קינד וועט חתונה האָבן פאַר אַ קריסט.

עס איז מיר, אויף מיין איצטיקער רייזע, באַקאַנט געוואָרן אַ פאַל, וואָס האָט פלוצלונג פאַנאַנדערגעעפנט פאַר מיר אַ יידיש האַרץ, אַקוראַט ווי דער הימל וואָלט זיך געשפּאָלטן און אַנט-פּלעקט פאַר מיר סודות, וואָס זענען ביז אהער געווען פאַרבאָרגן פאַר יעדעס מענטשלעך אויג.

דער פאַל איז גראָד נישט מיט אַ פאַרמער, נאָר מיט אַ בכבודן יידישן בעל-הבית, אַ הויך-אַנטוויקלטן, זייער ערנסטן און פיל אויפטוענדיקן סאָציאַליסט פון א קליינעם שטעטל אין לאַנד. ער האָט שוין פון יאָרן און יאָרן פאַנאַנדערגעריסן די פעדים פון דער יידישער רעליגיע און האָט זיין קליינע יידישע סביבה אויסגעלערנט רעספעקט און טאָלעראַנץ צו זיין פרייען לעבן. אויך האָבן אים נאָך נישט באַרירט די נייע, פּראָגרעסיוו-נאַציאָנאַלע ווינטן, און, ווי עס ווייזט זיך אויס, האָלט ער קנאַפּ-וואָס פון זיי.

אָבער ער האָט דערוואַקסענע קינדער, וואָס חברן זיך מיט קריסטן, און — אַ שווערער שטיין ליגט ביי אים אויפן האַרצן: וואָס קאָן, חלילה, דערפון אַרויסוואַקסן? צום גליק האָט ער באַ-מערקט, אז ביי איינעם פון זיינע קינדער האָט זיך אַרויסגעוויזן עפעס אַ סטיכישער, אומדערקלערלעכער ווידערווילן אנטקעגן אַ צו נאָענטן לעבן מיט די קריסטן — און דער ראַדיקאַל-אַטעאיס-טישער קאָסמאָפּאָליט גלעט צופרידן די וואָנץ — מאַכט אַ שווייג! ער קעמפט, חלילה, נישט אַנטקעגן אַזוינע „רעאַקציאָנערע" גע-

פילן: מיט ציטעריקער האָפענונג קוקט ער אויף זיי, טאָמער וועלען זיי זיין די געווינשטע שמירה...

וואָס איז דאָס: די שטים פון בלוט?

דאָס קאָן גריילעך זיין! אידייען, וואָס לעבן דור אויס, דור איין, גייען אַריבער אין פלייש און בלוט, און אויב זיי שאָדן קיינעם נישט, האָבן זיי אַ רעכט ווייטער צו לעבן. איר מעגט קוקן אויף דער קריסטלעכער רעליגיע, ווי איר ווילט; איר מעגט קעמפן, ווי הייס, פאַר דאָס הייליקע מענטשלעכע רעכט פון יעדן איינצעלנעם יידן אָנצונעמען יענעם גלויבן, וואָס רעדט וואַרעמער צו זיין האַרצן, (עס פערשטייט זיך, אַז וועגן ציגיינער, וואָס רעכענען, אַז יענער גלויבן איז דער בעסערער, פאַר וועלכן מען גיט מער חזר־שמאַלץ, רעדט מען דאָ נישט און וועגן זייער שיקזאַל קימערט מען זיך נישט).

איר מעגט, זאָג איך, ווי איינגעעקשנט זיין אין פאַנאַנדערשיידן צווישן נאַציע און רעליגיע, — איינס שטייט דאָך אויסער יעדן צווייפל, אַז דער ייד האָט אַקוראַט אזאַ הייליק רעכט אויף זיין יידישן גלויבן, אויף זיינע יידישע רעליגיעזע אָדער נאַציאָנאַלע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס (כל זמן קיינער ליידט פון זיי נישט), ווי יעדער אַנדער מענטש. און אַזאַ הייליק רעכט ווערט פשוט געטראָטן מיט די פיס, ווי באַלד איר זוכט מיט אַ כיון אַריינצושטופן דעם יידן אין א ריין־קריסטלעכער סביבה׳ ווו פאַר די קינדער מוז אַרויסוואַקסן די געפאַר אינגאַנצן צונויפצוגיסן זיך מיט דער קריסטלעכער וועלט, — אַ געפאַר, וואָס רודערט אויף די נשמה ביז צו איר לעצטן גרונט אפילו ביי איינקע קאָסמאָפּאָליטישע ראַדיקאַלן; אַ פשיטא שוין — ביי אַ פשוטן פרומען יידישן פאַרמער!

אין אַן אַנדער אָרט ווערט די ארבעט צוליב דער יידישער פאַרמעריי באַהערשט גאָר פון אַ שפּאָגל־נייעם פּרינציפּ: דער פאַרמער פון דעם נביאים־פאָלק זאָל האָבן די הייליקע מיסיע, צו באַווייזן פאַר דער גאנצער וועלט דעם העכסטן מוסטער פון מאָראַלישער פולקאָמענהייט, פון א ריינעם לעבן אין אַרבעט און פשטות, אין ערלעכע, אידעאַלע באַציאונגען פון מענטש צו נאַטור,

ווייט פון די זינדיקע שטעט מיט זייער צעלאָזענעם רעש און יאָגעניש נאָך גאָלד. דעריבער דאַרף מען דעם יידישן פאַרמער אַוועקשטעלן אין אַזעלכע באַדינגונגען, ווו ער זאָל קאָנען אין יסורים של אהבה אָפּקומען, ווי אַ צדיק אויף ד ע ר וועלט. ערגעץ ווו אין אַ ווילדערניש דאַרף מען אים פאַרזעצן; אין ערד־גרי־בער, אונטער שניי און אייז, זאָל ער ווינטערן זיינע ווינטערס, ביז ער וועט מיט די הוילע פינגער פאַרוואַנדלען זיין שטיק לאַנד אין אַ גן־עדן, און זיין נשמה וועט אויסגעלייטערט ווערן פון אַלע אירע שטאָטישע זינד.

דער פאָרשטייער פון אַזאַ מין אַרבעט, וועמעס נאָמען איך לאָז דאָ אַרויס (וואָס האָט, אגב אורחא, זייער פיל אויפגעטאָן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער פאַרמעריי), איז בלי ספק אַן ערלעכער אידעאַליסט, וואָס ליבט באמת זיין פאָלק, אָבער גיַשיים קומט אים נישט אַרויף אויפן זינען — אַז דער יידישער פאַרמער איז נישט קיין ים־חזירל, אויף וועלכן די געלערנטע ערלויבן זיך צו מאַכן עקספּערימענטן; אַז ער וויל לעבן צוליב דעם לעבן און נישט צוליב דעם כבוד פון דער אָדער יענער קאָסמאָפּאָליטישער אָדער סאָציאַליסטישער טעאָריע.

די אַלטע יידישע פאַרם־באַוועגונג, אָנגעפירט פון אונזערע אַלטע יידישע בעלי־טובות, איז באַנקראָט. אַ נייע באַוועגונג וואַקסט איצטער אַרויס פונם פאָלק גופא, פאַר וועלכן דער פאַר־מער איז נישט קיין עקספּערימענטיר־חיהלע, נאָר קודם־כל אַ מענטש, און נאָך אַ י י ד י ש ע ר מענטש דערצו. וואָס דאַרף באַ־פרידיקן זיינע מענטשלעכע און יידישע באַדערפענישן, נישט די א י י נ צ ל ־ פ אַ ר ם איז איר אידעאַל, ווו דער ייד זאָל אָפּגעריסן ווערן פון דער אַלגעמיינער קולטור און פון דער יידישער סביבה. איר אידעאַל א י ז ד אָ ס י י ד י ש ע ד אָ ר ף, ווו עס קאָן געשאַפן ווערן אַן אייגענע, הויך־אַנטוויקלטע קולטורעלע סביבה, ווו די ערד־אַרבעט קאָן געפירט ווערן לויט דעם לעצטן וואָרט פון דער וויסנשאַפט, ד. ה. ווו די אַרבעט גופא קאָן געבן דעם יידישן מוח די מעגלעכקייט, אָנצוזעטיקן זיך מיט די שכלדיקע רעזול־טאַטן און פאָרשונגען פון דער מאָדערנער אַגראָנאָמיע.

דאָס יידישע דאָרף!... דער אידעאַל פון די בעסטע קינדער פון אונזער פאָלק אין די זיבעציקער און אַכציקער יאָרן, אײדער דער מאַרקסיזם איז געקומען און האָט אים געאסרט, ווײל דער פויער איז אַ „מיעלקער בורזשוא"!... נישיים ווערסטו ווידער לעבעדיק אין די מוחות און די הערצער פון דעם יידישן פאָלק? און נישיים איז גראָדע אויף אַמעריקע אויסגעפאַלן דער גורל, צו געבן באָדן, אויף וועלכן דו זאָלסט א י נ ג י כ ן מ ק ו י ם ו ו ע ר ן?

דורך די אָדערן שטראָמט דורך אַ וואַרעמקייט בײַ דעם געדאַנק, און דאָס האַרץ הויבט אָן פרײדיקער צו שלאָגן...

און דאָס טוט דאָס פאָלק אַליין? גאָר זיך נישט געעצהט מיט אונז? גאָר זיך נישט גערעכנט מיט אַלע אונזערע טעאָריעס און איזמען? אַ מעשה דאָס איז! און עס לאָזט אונז איבער מיט אַלע „סטיכישע פראָצעסן", „נישט-פּראָלעטאַריזאַציעס" און „יאָ-פּראָלעטאַריזאַציעס", ווי אַ שײגעץ מיט אַ פײַפל, אָבער אָן דאָס שאָף? ווײל עס איבערהויפּט מער נישט שפּילן די ראָלע פון שאָף, וואָס ווערט געפירט פונם שײגעץ מיטן פײַפל? שטעלט עס זיך שוין אויף זײַנע אײגענע פיס און וויל זיך אַליין דורכשנײַדן אַ וועג אינם לעבן, אינם נ י י ע ם לעבן?

אָ, בײַ דעם געדאַנק ווערט נאָך וואַרעמער אין די אָדערן, און נאָך פרײדיקער הויבט זיך די ברוסט...

דאָס יידישע דאָרף — מיר וועלן האָבן נאָך אַ סך צו רעדן און צו שרײַבן וועגן אים. דאָ וועל איך דערווײַל מאַכן נאָר אַ פּאָר באַמערקונגען.

דאָס יידישע דאָרף איז אַ שטיק יידישע זעלבסט-פאַרוואַלטונג! אויב דאָס יידישע פאָלק האָט נאָך כוחות צו לעבן אין גלות, צו בויען אַן אײגן לעבן, איז די בעסטע באַדינגונג דערצו (א י ן ג ל ו ת!) נישט די שטאָט, נאָר די יידישע דאָרף.

איך ווייס גאַנץ גוט, וואָס עס באַטײַטן דאָס ווערטערלעך: „אין גלות!"

אַ נ אָ ר מ אַ ל ע יידישע אַנטוויקלונג, וואָס זאָל וואַקסן

פון זיך אַליין, ווי עס וואַקסט די קולטור פון יעדן פאָלק אין אַן אייגענער היים, קאָן געמאָלט זיין נאָר דעמאָלט, ווען אויך דאָס ייִדישע פאָלק וועט וווינען אין זיין אייגענער היים. אָבער פון דער אַנדער זייט מוז אויך פאַר אַלעמען ווערן קלאָר, אַז דאָס פאָלק קאָן זיך נישט אינטערעסירן מיט יענעם העכסטן ייִדישן אידעאַל, כאָטש אין אַ ביסעלע אַ רייכערער, אייגענער סביבה. אַט די העכערע אַרט ייִדיש לעבן אין גלות ווערט איצטער געבויט אין די שטעט, אומעטום אויף דער גאַנצער וועלט, ווו אין דעם ייִדן ווערט אויפגעוואַכט דער מענטש און ממילא אויך דער ייִד, געבויט און ווידער צעשטערט פון די אַסימילאַציע-כוואַליעס, און ווידער געבויט און ווידער צעשטערט.

עס וואַקסט אומעטום דער ייִדיש-נאַציאָנאַלער בוים. זיינע צווייגן ווערן אָפּגעבראָכן פון ווינט. די פרישע בלומען ווערן פאַרפרוירן און קאָנען צו קיין פרוכט נישט קומען, און ווו עס רייסט זיך דורך אַ יונג פרוכט, שלאָגט זי דער ווינט אַראָפּ פאַר דער צייט, — אָבער עס וואַקסט דער יונגער בוים אויף צו להכעיס דעם ווינט און דעם פראָסט.

עס איז פאַראַן אָבער אַ פּלאַץ, וואָס איז לפי ערך מער געשיצט פון פראָסט און ווינט, און דאָס איז — דאָס ייִדישע דאָרף. אויב די באַוועגונג, וואָס איז סטיכיש אַרויסגעוואַקסן פון לעבן, וועט ווירקלעך צופירן צו דער באַשאַפונג פון ייִדישע דערפער אין אַמעריקע (און פון אייניקע דערפער אפשר אויך שטעטלעך און שטעט!), איז דעמאָלט דאָס גרויסע פּראָבלעם פון דער נאַציאָנאַלער אַרבעט אין גלות אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ זיכערן פונדאַמענט· אין אמעריקע איז א דאָרף כמעט ווי א רעפּובליק, וואָס קאָן אויסבויען איר לעבן אויף יענע יסודות און אין יענער שפּראַך, וואָס געפעלן אירע איינוווינער...

א ייִדיש דאָרף איז דערצו דער אָנהויב פון יענער עקאָ-נאָמישער רעוואָלוציע אין דעם ייִדישן לעבן, אין וועלכער אונזער פאָלק נויטיקט זיך אזוי שטארק: די אָפּשאפונג פון דעם ריין-שטאָטישן, סוחרישן לעבן און די באשאפונג פון דעם ערד-ארבע-טער-קלאס, ווי ביי אלע פעלקער פון דער וועלט.

וואָס פאר א באדייטונג אזא רעוואָלוציע מוז האָבן אין דעם גאנצן יידישן לעבן, ווי אזוי זי מוז ווירקן אויף דער פיזי־שער, מאָראלישער און אינטעלעקטועלער ווידערגעבורט פון דעם יידישן פאָלק, ווי אַזוי אויך דער אַנטיסעמיטיזם מוז ביז צו אַ געוויסן גראד אָפּגעשוואכט ווערן צוליב דעם, דאָס אַלץ צו באַ־שרייבן בקיצור, וואָלט געווען אן אומזיסטע מי: נאָר ערנסטע און אויספירלעכע ארבעטן קאָנען דאָס ארויסברענגען קלאָר ווי דער טאָג. אָבער איינס קאָן שוין איצטער יעדער איינזען: א יידיש דאָרף איז א קלאָר ארומגעגרענעצטער שטח, אויף וועלכן די יידישע אינטעליגענץ קאָן צונויפזאמלען איר גאנצע ענערגיע, כדי צו העלפן דעם פאָלק אין זיין פיזישער, מאָראלישער און אינטעלעקטועלער ווידערגעבורט.

אָט פארוואָס די אלע באשטרעבונגען, מיט וועלכע איך בין באקאנט געוואָרן, זענען אזוי וויכטיק. אויב אונזער גייסטיק אויג זעט ווירקלעך אין דער צוקונפט יידישע דערפער, אויב דאָס זענען נישט קיין „שפאנישע לופט־שלעסער", דעמאָלט בין איך כמעט ווי זיכער, אז די אגראר־באוועגונג וועט פאר אונז ווערן די צענטראל־ארבעט אין גלות, ווייניקסטנס אין גלות־אמע־ריקע, — אן ארבעט, אין וועלכער אויך די שטאָטישע ארבע־טערשאפט מוז ווערן פאראינטערעסירט.

געוויס איז די באַוועגונג נאָך יונג, זייער יונג און נישט אַלע מניעות זענען אָפּגעשאַפט פון איר וועג. זי מוז נאָך ערשט אויסאַרבעטן די פאסיקע פאָרמען פאר איר פראקטישער פאַר־ווירקלעכונג. און דאָ וועלן מיר, טעאָרעטיקער, מוזן זיך שטאַרק צוהערן צו דער שטים פון די פראקטיקער: פון די אַגראָנאָמען און פינאַנסיסטן.

אָבער אַ חוץ דער פראקטישער אָרגאַניזאַטאָרישער ארבעט, וואָס מוז ארומנעמען אויך די פראגע וועגן די סאָציאל־עקאָנאָמי־שע יסודות פון דעם יידישן דאָרף, טרעט שוין איצטער ארויס איין פראָבלעם אין איר גאנצער שארפקייט: די קרעדיט־פראגע.

אז מיט די אייגענע אָפּגעשפּאָרטע פאר גראָשן קאָנען די

ארבעטער־מאסען און די אָרעמע שיכטן נישט איבערגיין צו ערד־ארבעט, פארשטייט יעדער; אז אָנקומען צו די היפּאָטעק־בענק, אָדער צו די געוויינלעכע קאָלאָניאַל־געזעלשאַפטן, מיט זייערע וווכער־צינזן, וואָלט געהייסן אָנטאָן א שטריק אויף דעם האלז פון דער יונגער יידישער פויערימשאפט, ווערט אויך יעדער איינזען, וואָס איז נאָר א ביסעלע באקאנט מיט דעם ענין.

בלייבט יענער קרעדיט, וואָס אונזערע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס גיבן אין אזעלכע פאלן. פון דעם ריין־פינאנציעלן שטאנדפונקט איז אזא קרעדיטווירקלעך אן אומגעהייערע ווויל־טאט, — וואָלט ער אָבער נישט געלעגן אין די הענט פון די, וועלכע מיר האָבן נאָר וואָס אויבן כאראקטעריזירט! אויב זיי וועלן בלייבן ביי די אלטע מעטאָדן מיט די אלטע פּרינציפּן, וועט זייער הילף זיין מער אן אָפּהאַלט, איידער א ווירקלעכער אָנטרייב פאר דער באוועגונג.

איך געפין דעריבער פאר זייער פּראקטיש און צוועקמע־סיק דעם געדאנק, מיט וועלכן א יונגער טוער אין דער באַ־וועגונג טראָגט זיך ארום און וועלכן ער האָט מיר מיטגעטיילט, מיט דער ביטע צו טאָן עפּעס פאר זיין פארווירקלעכונג. דער טוער, וועמען איך האָב דאָ אין זין, איז נישט קיין אנדערער, ווי געװעזענע ליטמאן, דער זייער גוט באקאנטער געוועזענער אָרגאניזאַטאָר פון די יידישע ברענטשעס ס. פּ., וואָס איז אַליין געוואָרן אַ פארמער און וואָס גיט זיך איצטער אָפּ מיט דער יידישער פארם־באוועגונג.

זיין געדאנק איז — מען זאָל גרינדן אן אגראַרישע פּאָלקס־באַנק. עס פארשטייט זיך, אז דאָס טאָר נישט זיין קיין אינסטיטוט פון א וועלכער עס איז פּאַרטיי. עס דאַרף זיין א פּאָלקס־אינסטיטוט אין דעם פולסטן זין פון דעם וואָרט. זיינע אקציעס דאַרפן זיין אזוי ביליק, אז יעדער איי־נער פון דעם פאָלק, וואָס איז פאראינטערעסירט אין דער פארם־באוועגונג (יעדער, וואָס וויל פּשוט האָבן א זיכערן פלאץ, וואו צו באוואָרענען זיינע אָפּגעשפּאָרטע פּאָר גראָשן און באקו־מען פאר זיי א זיכערן קליינעם צינז) זאָל קאָנען נעמען אנטייל

אין אים. אויף דעם שפיץ פון דער פאַרוואַלטונג דאַרפן אוועק-געשטעלט ווערן מענטשן, צו וועמען דאָס גאַנצע פאָלק האָט אַ צוטרוי, מענטשן מיט אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן און פינאַנציעלער גענייטקייט.

אין אַזעלכע מענטשן איז נישט אָרעם דאָס יידישע פאָלק אין אַמעריקע. יעדע פּאַרטיי, די סאָציאַליסטישע ווי די באַלעבאַטישע, די פרייע ווי די ראַדיקאַלע, די אָרטאָדאָקסישע ווי די רעפאָרמירטע, קאָן אויפווייזן אויף אַ סך פערזאָנען, וועמען דאָס פאָלק וועט שענקען דעם פולסטן צוטרוי, און אייניקע פון זיי וועלן זיך געוויס נישט אָפּזאָגן, צו נעמען אויף זיך די שווערע אָבער זייער וויכטיקע מי, צו פאַרוואַלטן מיט אַזאַ פאָלקס-אינסטיטוט.

אויב עס וועט זיך איינגעבן צו אָרגאַניזירן די יידישע אַגראַר-באַנק, דעמאָלט וועט די פאַרם-באַוועגונג מיטאַמאָל באַקומען אַ שטאַרקן צופלוס פון לעבנס-ענערגיע, און זי וועט אפשר ווערן אַליין קוואַנטיטאַטיוו אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין אונזער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

און — דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן. זאָל נאָר די באַוועגונג האָבן אַ דערפאָלג, וועלן שוין אַרויסשפּראָצן אויך אַנדערע יידישע נויטן, וואָס וועלן באַשאַפן זייערע אָרגאַניזאַציע-פאָרמען און פאַרווירקלעכונגס-מעטאָדן: פיל-פיל יידישע און מענטשלעכע נויטן און אידעאַלן, די נאָנטע און קליינינקע ביז גאָר-גאָר די גרויסע און ווייטע...

געשריבן אין סט. פּאָל, פעברואַר 1911.

גרדיס, וואָס איז קליין
אין קליין, וואָס איז גרויס

# גרויס, וואָס איז קליין, און קליין, וואָס איז גרויס

דר. יאָהאַן יאַקאָבי,—דער באַרימטער דייטש-יידישער דעמאָקראַט, וואָס איז, אַגב, צום סוף פון זיינע יאָרן געוואָרן אַ סאָציאַליסט, — האָט אַמאָל געזאָגט, אַז די גרינדונג פון אַן אַרבעטער-בילדונגס-פאַראיין איז היסטאָריש אַסך אַ גרעסערע פּאַסירונג, איידער די באַרימטסטע פון די שלאַכטן, וועגן וועלכע מען רעדט מיט אַזאַ באַגייסטערונג אין די לערן-ביכער פון דער מענטשלעכער געשיכטע. (אַזוי, ווייניקסטנס, איז געווען דער זין פון זיינעם אַן אויסשפּרוך, וועמעס ווערטלעכן נוסח איך האָב, ליידער, איצטער פאַרגעסן.)

אין דעם אויסשפּרוך איז ממילא איינגעוויקלט דער געדאַנק, אַז נישט אַלץ, וואָס אונז דוכט זיך קליין, איז באמת קליין, און נישט אַלץ, וואָס מאַכט אויף אונז דעם איינדרוק פון גרויס, פאַרדינט באמת אויפגעהויבן צו ווערן ביזן הימל. פאַראַן פּאַסירונגען און האַנדלונגען, מיט וועלכע עס קלינגט די וועלט (אַ באַרימטע שלאַכט, צ. ב.), וואָס זייער אינעווייניקסטער ווערט איז גלייך נול, און צוריק: אַמאָל האָט אַ קליינע אַרבעט, געטאָן פון אַ פּאָר מענטשן אָן אַ ליאַרעם און אָן אַ געפּילדער, אַן אומגעהייערע באַדייטונג פאַר דעם גאַנג פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. פאַראַן קליין, וואָס איז גרויס, און גרויס, וואָס איז קליין.

ווו ליגט דער אונטערשייד? וואָס איז דער סימן מובהק פון „קליין“ און „גרויס“, וואָס מיט זיין הילף זאָלן מיר זיך

קאָנען פאַנאַנדערקלייבן אין דעם ענין? קאָן מען אויסגעפינען אַזאַ פעסטן און זיכערן סימן? קאָנען איבערהויפּט געמאָלט זיין אַזעלכע סימנים, אויף וועלכע אַלע מענטשן זאָלן איינשטימען? מוז נישט אָפּשאַצונג פון „קליין" און „גרויס" בלייבן אַ ריין־אינדיווידועלע מיינונג, אַ דבר המסור אל הלב?

שוין אין די אויסדרוקן אַליין: „קליין" און „גרויס" ליגט פאַרבאָרגן די באַהויפּטונג, אַז דער מענטש דאַרף און זאָל זיך קודם אינטערעסירן מיט דעם, וואָס איז גרויס, אַז נאָר דאָס גרויסע דאַרף פאַרדינען זיין פולע און גאַנצע אויפמערקזאַמקייט, בעת דאָס קליינע מעג זיך רואיק זיצן אין זיין ווינקעלע און דאַרף נישט האָבן די העזה צו קריכן אין פראָנט.

ווי האָט אַמאָל מיכאַלאָווסקי געזאָגט? „פון נאַטור אויס ליבט דער מענטש דעם אמת, דעם יושר און די שיינקייט, ווייל ער רופט אָן אמת, יושר און שיינקייט דאָס, וואָס ער ליבט". מיט דעמזעלביקן רעכט קאָנען מיר אויך דאָ זאָגן: פון נאַטור אויס שעצט דער מענטש דאָס גרויסע און פאַראַכטעט דאָס קליינע, ווייל ער רופט אָן „גרויס" דאָס, וואָס ער שעצט, און „קליין" דאָס, וואָס ער איז מבטל.

דער מענטש ליבט דעם אמת, דעם יושר און די שיינקייט, ווייל ער רופט אָן מיט די נעמען דאָס, וואָס ער ליבט. און פונדעסטוועגן פאַרלאָזט זיך נישט דער מענטש אויף זיינע אייגענע געפילן פון ליבע און מאַטערט זיין מוח אויף אויסצוגע־פינען די וויכטיקסטע סימנים, כדי פאַר זיך אַליין צו קאָנען פאַרענטפערן די פראַגע: וואָס איז אמת? וואָס איז יושר? וואָס איז שיינקייט?

מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס: עס זענען דאָ אַסך זאַכן, וועלכע זענען אים, דעם מענטש, ליב און טייער, און פונדעסטוועגן קאָן ער נישט אַלע אים ליבע מיינונגען אָנרופן „אמת", נישט אַלע אים ליבע האַנדלונגען אָנרופן „יושר" און נישט אַלע אים געפעלנדיקע פאָרמען באַצייכענען מיט דעם וואָרט „שיין". ער וויל תמיד אויסגעפינען, וואָס איז אמת, יושר און שיינקייט נישט ווייל מיר געפעלט עפּעס, נאָר ווייל עס איז

אמת, יושר און שיין אין זיך גופא, אליין איינס, ווי דאָס זאָל נישט ווירקן אויף מיין געפיל.

און ער געפינט אויס און ער ברענגט ארויס סיסטעמען נאָך סיסטעמען פון פילאָזאָפישע אמתן, וואָס זענען סותר איי־נע דער אנדערער, פרינציפן נאָך פרינציפן פון עטישן יושר, וואָס לייקענען איינע די אנדערע אָפּ, מאקסימען נאָך מאקסימען פון עסטעטישער שיינקייט, וואָס קאָנען לחלוטין נישט הויזן אינאיינעם.

און די אַלע סיסטעמען, פרינציפּן און מאקסימען טרעטן ארויס מיט דער גדלותדיקער, האָפערדיקער פאַרזיכערונג, אז זיי זענען דאָס דער איינציקער אמת, דער איינציקער יושר, די איינציקע שיינקייט, וואָס זענען אמת, יושר און חן „אין זיך גופא", אליין איינס, צי דער מענטש וויל מסכים זיין מיט זיי אָדער נישט.

קומען דעמאָלט צוגיין די טיפער־בליקנדיקע פאָרשער, אנאַ־ליזירן נאָכאמאָל דעם פארפלאָנטערטן קנויל פון ווידעראנאנדן, שמודירן אויס די נשמות פון יענע מענטשן, וואָס האָבן זיי ארויסגעבראכט און באווייזן אונז טריאומפירנדיק:

„זעט איר? אָט דער מענטש שמועסט זיך איין, אז ער האָט אויסגעפונען דעם אמת, אָבער ער גלויבט אין אים נאָר דערפאר, ווייל זיין נשמה וויל גלויבן אין אים, ווייל זי איז אזוי געבויט, אז אן אנדערן אמת קאָן זי נישט אויפנעמען אין זיך. דער מענטש בכלל — זאָגן אזעלכע פאָרשער, — מוז זיין סוביעקטיוו. אלע געשמועסרייען וועגן אָביעקטיווע אמתן זענען נישט מער, ווי אילוזיעס, מיט וועלכע ער באשווינדלט זיך אליין. ער מוז בלייבן טריי זיין אייגענער טבע און קאָן פון זיין הויט נישט ארויסשפרינגען. היינט — צו וואָס די אַלע איינרעדענישן וועגן אָביעקטיווע, אייביקע, „אין־זיך־גופאדיקע" אמתן? אמער, לאָז יעדער איינעם זאָגן, ווי די מעשה איז: „איך ליב דאָס", „איך שעץ דאָס", „דאָס געפעלט מיר" און — שלאָגט זיך נאָכדעם איינער מיט דעם אנדערן, ועמעס ווילן עס זאָל גובר זיין אין לעבן.

ס'איז אמת, קיין מענטש קאָן נישט ארויסשפּרינגען פון זיין אייגענער הויט; יעדער איינער מוז בלייבן טריי זיין אייגע־נער טבע. אָבער יענע טיף־בליקנדיקע פאָרשער, וואָס האָבן ארויסגעפונען אָט דעם אמת שבאמת, און וואָס האָבן אזוי שטארק באַרייכערט אונזער קענטעניש פון דער מענטשלעכער נאטור, וואָלטן ארייגעבליקט אביסעלע טיפער אין איר, וואָלט זיי באַלד געוואָרן קלאָר, אז עס געהער צו דער נאטור פון דעם מענטש, ער זאָל שטרעבן נאָך אן אָ ב י ע ק ט י ו ו ן וויסן, ער זאָל רייסן זיך צו יענעם אמת, יושר און חן, וואָס זענען „אין זיך גופא", און אויך אָט דער טבע זיינער מוז ער בלייבן טריי, אויך פון דער הויט זיינער קאָן ער קיינמאָל נישט ארויסשפּרינגען.

לכתחילה ווי אזוי צו וויסן, אז אלע אמתן, וואָס איך וועל ארויסברענגען, וועלן זיין נישט מער, ווי אן אָפּשפּיגלונג פון מיין אייגענער נאטור, און פונדעסטוועגן אין דערזעלביקער צייט גלויבן טריי מיין אייגענער נאטור; וויאזוי ארויסצודרייען זיך אָט פון דעם אינעווייניקסטן ווידערשפּרוך, — דאָס איז די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דער וויכטיקסטער פון אלע וויסנ־שאפטן, ד ע ר ד ע ר ק ע נ ט ע נ י ש־ט ע אָ ר י ע, און איינער פון די וויכטיקסטע רעזולטאטן, צו וועלכע יענע וויסנשאפט איז געקומען, איז אזא: דו, מענטש, קאָנסט בילדן מיינונגען צוליב דעם, כדי צו באפרידיקן נאָר דיינע באדערפעניש, צו פאר־ענטפערן נאָר דיינע אינדיווידועלע קאפריזן, און דו, מענטש, קאָנסט אויך זוכן דעם אמת אין דעם ערנסטן גלויבן, אז די זוכסט אים נאָר צוליב אים אליין און אז דו ביסט אָנגעגרייט מקריב צו זיין ד י י נ ע באדערפענישן און ד י י נ ע קאפריזן, אויב דו וועסט אויסגעפינען, אז זיי גייען להיפך צו דעם געפו־נענעם אמת.

אין ביידע פאלן וועסטו אָפּשפּיגלען נאָר דיין אייגענע נאטור. אָבער עס איז פאר אונז אלעמען וויכטיק, מיר זאָלן האָבן די אָפּשפּיגלונג פון יענעם טייל נאטור, וואָס בענקט נאָך דעם אמת צוליב דעם אמת און וואָס איז גרייט, זיך מוסר

נפש זיין פאר אים, און נישט פון יענעם טייל נאטור, וואָס זויל נאָר טעאָרעטיש באַפּוצן דיינע אינדיווידועלע קאַפּריזן.

די אייגענע פאָדערונג פון דער דערקענטעניש-טעאָריע קאָנען מיר אָנווענדן אויך אויף אונזער ענין וועגן די סימנים פון „גרויס" און „קליין". מיר ווילן וויסן, וואָס איז „גרויס" און „קליין" „אין זיך גופא", ווען אפילו מיר ווייסן לכתחילה, אז געפינען וועלן מיר נאָר דאָס, וואָס איז „גרויס" און „קליין" פאר אונז און מסתמא אויך פאר די, וועמעס נאטור עס איז געבויט לויט דעמזעלביקן סטיל, ווי אונזער אייגענע.

אמאָל האָט זיך מיר געדוכט, אז די סימנים פון „גרויס", — פון א גרויסער פאסירונג, א גרויסער געזעלשאפטלעכער ארבעט, — ליגן נאָר אין דער צאָל פון מענטשן, וועמען עס איז נוגע די פאסירונג אָדער די ארבעט, און אין דעם סכום פון ענערגיע, וואָס ווערט אין זיי ארויסגעבראכט; וואָס גרעסער דער סכום אָנגעווענדעטע ענערגיע, אלץ גרעסער די פאסירונג אָדער די ארבייט.

האָב איך מיר אויפגעשטעלט אזא שאלה:

אָנגענומען, עס ווערט באַשאַפן אַ באַוועגונג, וואָס גייט אַרויס פון דעם גרונטזאַץ, אַז יעדער מענטש האָט אַ רעכט אויף אַ ציין-בערשטל און אויף אַ נאָז-טיכל. און נישט נאָר האָט ער אַ רעכט דאַרויף, נאָר עס איז אונזער הייליקסטער חוב פאַר דער קולטור און דער ציוויליזאַציע, אַז יעדער מענטש זאָל האָבן אַ ציין-בערשטל, זאָל האָבן אַ נאָז-טיכל, זאָל וויסן, ווי צו באַגיין זיך מיט זיי, און זאָל געפירט ווערן דערצו, אַז ער וועט מוזן זיי אָנווענדן אין דער ריכטיקער צייט און אין דעם ריכטיקן אָרט.

שטעלט זיך נאָר פאָר, וויפל הונדערטער מיליאָנען מענטשן זענען דאָ אויף דער וועלט, צוליב וועמען עס קאָן געמאַכט ווערן אזא באַוועגונג, רעכנט אויס, וויפל מיליאָנען דאָלאַרס אַ יאָר עס דאַרף אויסגעגעבן ווערן, וויפל מענטשן עס דאַרפן זיך פראַקטיש באַטייליקן אין דער באַוועגונג, כדי איר ענדציל זאָל מקוים ווערן; וויפל אַרבעט דאָס וואָלט געגעבן די אַרבעטסלאָזע, וויפל ענערגיע

עס וואָלט אָנגעווענדעט געוואָרן צוליב אַזאַ גוטער היגיע־נישער זאַך; וויפל באַצאָלטע פילאַנטראָפּישע „דזשאַבס" עס וואָלטן דערביי באַשאַפן געוואָרן און וויפל פאַראינטערעסירטע פּראָפּאַגאַנדיסטן וואָלטן פאַרהילכט די וועלט מיט זייער רוף צו העלפן דער „הייליגער זאַך פון קולטור": וואָלטן מיר די אַרבעט אָנגערופן אַ „גרויסע" אַרבעט? וואָלט אונזער נשמה, וואָס ציט זיך, ווי יעדע מענטשלעכע נשמה, צו „גרויס", אָנגעצונדן געוואָרן מיט התלהבות פאַר אַזאַ אַרבעט?

איך האָב מיר געמוזט ענטפערן, אַז ניין. צאָן־בערשטלעך און נאָז־טיכלעך געהערן טאַקע צו דער קולטור, אָבער נישט פון זיי הענגט אָפּ איר גורל, און ווי גרויס עס זאָל נישט זיין די צאָל מענטשן, צוליב וועמען די באַוועגונג ווערט אַרויסגערופן, ווי אומגעהייער דער סכום פון ענערגיע, וואָס וואָלט פאַרברויכט געוואָרן אין איר, מיט וואָס פאַר אַ ליאַרעם זי וואָלט נישט פאַרפלאַנצט געוואָרן פון לאַנד צו לאַנד, — וואָלט זי געבליבן אַ גרויסע אַרבעט, וואָס איז קליין.

ליגט אפשר דער סימן פון גרויס נישט אין דעם סכום פון מענטשן און ענערגיע, צוליב וועמען און מיט וועלכער די אַרבעט ווערט געטאָן, נאָר אין דעם סכום פון מענטשן, וועלכע זענען שוין ווירקלעך פאַראינטערעסירט אין אַ וואָסער עס איז זאַך, וואָס פאַרכאַפּט זייער אָטעם און שטייט אין דעם צענטער פון זייער אויפמערקזאַמקייט?

איך בין אַמאָל געווען אַ לענגערע צייט אַ טעגלעכער לעזער פון אַ היגער יידישער טעגלעכער צייטונג, וואָס פלעגט מיך אָפּט מכבד זיין מיט גרויסע „קעפּלעך" אויף אַזאַ שטייגער: „די גאַנצע וועלט וואַרט מיט אומגעדולד אויף..." אָדער: „די גאַנצע שטאָט גייט אויף רעדלעך וועגן...". מיט אַזעלכע גרויסע, אויפרודערנדיקע קעפּלעך האָט די צייטונג געוואָלט צוציען מיין אויפמערקזאַמקייט צו דעם, וואָס מ'אַרדינט אַריינגענומען צו ווערן אין מיין נשמה, צו דעם, וואָס איז ג ר ו י ס. און אַלע מאָל פלעגט זיך אויסלאָזן, אַז ביי דער „וועלט" האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם — אַן אויסגעבלאָזענע איי, — עפּעס אַ „פּריַיז־פייט" צווישן

אַ שוואַרצן און אַ ווייסן באָד-יונג און כּדומה אַזעלכע גרויסע פּאַסירונגען.

האָב איך איינגעזען, אַז ווי גרויס עס זאָל נישט זיין די צאָל פון מענטשן, וואָס זענען פאַרקאָכט אין עפּעס, און ווי הייס זיי זאָלן נישט זיין פאַרקאָכט אין דעם, איז דאָס נאָך קיין ראיה נישט, אַז דער ענין איז גרויס. עס קאָן זיין אַ גרויסע זאַך, וואָס איז קליין.

איבערקלייבנדיק אַ סך אַזעלכע פאַלן, בין איך געקומען צו דעם רעזולטאַט, אַז גרויס איז נאָר דאָס, וואָס טראָגט אין זיך גופא די פאַרווירקלעכונג פון אַ גרויסן און וויכטיקן פּ ר י נ־צ י פּ, אָדער אויך דאָס, וואָס איז דירעקט פאַרבונדן מיט דעם לעבנס-שיקזאַל פון די גרויסע מאַסן. דער „פּריַיז-פייט" איז דערפאַר קליין, ווייל דער פּ ר י נ צ י פּ פון געבן איינער דעם אַנדערן אונטערן ריפּ איז אסור אַזאַ געהויבענער, עס זאָלן זיין פאַראינטערעסירט אין אים מיליאָנען פון מענטשן. און די גרויסע נאָז-טיכל-און-צאָן-בערשטל-באַוועגונג איז דערפאַר קליין, ווייל נישט פון איר קאָן אָפּהענגען דער לעבנס-שיקזאַל פון די גרויסע מאַסן. דאָס זענען אַלץ גרויסע זאַכן, וואָס זענען קליין.

דערפאַר איז צוריק די גרינדונג פון אַן אַרבעטער-בילדונגס-פאַראיין אין דייטשלאַנד, אין יאַקאָבּיס צייטן, געווען אַ קליינע זאַך, וואָס איז גרויס, ווייל אין איר איז געווען פאַרקערפּערט אַ גרויסער און וויכטיקער פּרינציפּ: די גייסטיקע באַפרייאונג פון דער אַרבעטערשאַפט, וואָס דאַרף איבערבויען אַלע יסודות פון דעם לעבן און איבעראַנדערשן צו גוטן דעם לעבנס-שיקזאַל פון די גרויסע מאַסן.

אַנטקעגן וואָס רעד איך דאָס אַלץ?

— איך זאָג דאָס אַנטקעגן דעם, וואָס אויך אין אונזער צייט און ביי אונזער פאָלק ווערן איצטער געטאָן קליינע אַרבעטן, וואָס זענען גרויס, ווען אפילו זיי קאָנען פאַרהילכט ווערן דורן דעם ליאַרם פון די גרויסע אַרבעטן, וואָס זענען קליין.

אַ ביישפּיל?

— די נאַציאָנאַל-ראַדיקאַלע שולן!

2-טן יוני, 1915.

# אַ ביסל נחת

## (די ערשטע נאַציאָנאַל-ראַדיקאַלע שול אין ניו-יאָרק)

די פּרעסע האָט נישט לאַנג געבראַכט די ידיעה, אַז עס האָט זיך געגרינדעט אַן אונפּאַרטייאישער שול-פאַראיין, וואָס זאָל פאַרוואַלטן מיט דער יידישער פאָלקס-שול און אויך עפּעס אַנדערע אַזעלכע שולן. דאָס איז גאַנץ געוויס אַ פריילעכע נייעס. פריער איז די שול געווען אין די הענט פון די פּועלי-ציון און דעם יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד. אויף דער איבערגעגעבנקייט פון די חברים צו דער נייער אַרבעט האָט מען זיך גאַנץ געוויס געקאָנט פאַרלאָזן און אין אַן אַנדער צייט וואָלטן אַלע, וואָס האָבן דעם חשק צו אַרבעטן אויף דעמדאָזיקן פעלד, פּשוט צוגעשטאַנען צו זיי און געהאָלפן זיי מיט אַלע מיטלען. אָבער גייט, מאַכט עפּעס מיט אונזער פאַנאַטישער פּסיכאָלאָגיע און דער פאַרשאָלטענער קלייזל-קאָנקורענץ!... קוים שטאַמט די זאַך פון פּועלי ציון און דעם פאַרבאַנד, אַזוי טאָרן שוין די אַנדערע נישט צורירן זיך צו איר, אין אַן אומפּאַרטייאישן פאַראיין וועט האָפנטלעך אינגאַנצן פאַרשווינדן יענער פאַרשאָלטענער קלייזל-גייסט און צו דעם פאַראיין וועלן צושטיין — ז אָ ל ן צ ו ש ט י י ן ! — אַלע, וואָס פאַרשטייען די ווייטגייענדיקע באַדייטונג פון דער אונטערנעמונג.

און די באַדייטונג פון דעם ערשטן קערנדל, פון וועלכן עס דאַרף זיך פונאַנדערוואַקסן דער בוים פון יידישער דערציאונג.

איז באמת אַ קאָלאָסאַלע. „ביי דער שלאַכט פון סאַדאָוואַ" זאָגן אַלע היסטאָריקער, „האָט איבער פראַנקרייך געזיגט דער פרייסישער שול-לערער". ביי דער שלאַכט מיט דער אַסימילאַציע קאָנען מיר מיט דעמזעלביקן רעכט זאָגן, וועט זיגן די ייִדישן פאָלקס-שול.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אויך ביי סאַדאָוואַ האָבן, אַ חוץ דעם „לערער", געווירקט די ביקסן און האַרמאַטן, מאָלטקעס מיליטערישער זשעני, ביסמאַרקס פּאָליטיק און — מער פאַר אַלע-מען — דער נאַציאָנאַלער ענדציל, דער אידעאַל פון אַן איינהייטלעכן דייטשלאַנד. אין אונזער שלאַכט פעלן די האַרמאַטן מיט דער דיפּלאָמאַטיע (אַך! ליידער, אויך די מאָלטקעס און די ביסמאַרקס...), אָבער דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער ענד-ציל איז דערפאַר דאָ, וואָס איז אין זיין שיינקייט און וויכטי-קייט פאַר ייִדן און פאַר דער מענטשהייט נאָך אַ סך אַ גרעסערער אידעאַל, איידער די פאַן-גערמאַניסטישע פאַראיי-ניקונג.

אָבער דער „פאָלקס-שול-לערער", וועט אויך דאָ מוז, שפּילן זיין אומגעהייער-וויכטיקע היסטאָרישע ראָלע. ווייל דער קאַמף אַנטקעגן דער אַסימילאַציע איז אין ערשטער ליניע אַ קאַמף פאַר דער נשמה פון דעם ייִדישן קינד...

וועמען זאָל די ריינע אומשולדיקע נשמה געהערן? דעם ייִדישן פאָלק און זיין צוקונפט, אָדער דער אַסימילאַציע, ד. ה. יענעם אָפּגאָט, וואָס פורעמט בריאות — האַלב ייִד, האַלב גוי, האַלב אַנדרוגינוס, האַלב טומטום, נישט צו גאָט און נישט צו לייטן?

נאָר דער, וואָס האָט דאָס קינד געוווּנען, דער האָט גע-וווּנען די צוקונפט. און ווי לייכט איז עס אַרויסצורייסן דאָס קינד פון דעם קולטור-שמד און צובינדן זיין נשמה צו דעם ייִדישן פאָלק! דאָס האָט אַזוי אונערוואַרטעט באַוויזן דער ניו-יאָרקער עקספּערימענט מיט דער ערשטער ייִדישער שול.

מיינט נישט, אַז די ערשטע שריט זענען אָנגעקומען זייער לייכט. אדרבה, עס האָט אויסגעוויזן, אַז קיין שווערערע

זאַך, ווי גרינגדן און פירן אַ יידישע שול, איז אויף דער וועלט נישטאָ. און נישט אַזוי צוליב די אמת׳ע שוועריקייטן, ווי מחמת דער אָנגעשראָקנקייט, דעם פּחד, וואָס מען האָט אַרויפגע-וואָרפן.

גיי, גרינגד אַ יידישע שול, אַז ס׳איז נישטאָ קיין יידישע שול-ביכער, נישט קיין יידישע שול-לערער און נישט קיין לערן-פּראָגראַם! מיט וואָס הויבט מען אָן?

— „אָבער", האָבן מיר געטענהט, „דערפאַרונג פאַלט נישט אַראָב פון הימל, לאָמיר אָנהויבן מיט וואָס עס איז, לאָמיר אָנהויבן פאַלש. דאָס לעבן וועט שוין אָנווייזן דעם ריכטיקן וועג. איר קאָנט זיך נישט לערנען שווימען אויף דער יבשה. מען דאַרף קודם גיין אין וואַסער, כּדי צו לערנען זיך שווימען.

— אָט דאָ שטעקט דאָך די גאַנצע צרה, ענטפערט מען, אַז ס׳איז גאָרנישטאָ קיין וואַסער. ס׳איז נישט מער ווי אַ „גלות-בלאָטע", ווו מען קאָן אַפילו מיט די עלנבויגנס נישט פאַנאַנדערפירן.

— ניין, וואַסער איז שוין דאָ, טענהט אַן אַנדער קעגנער: ס׳איז דוקא אַ רייסנדיקער שטראָם פון אַסימילאַציע. איר וועט נישט קאָנען שווימען אַנטקעגן שטראָם.

— לאָמיר פּרוּוון, וועלן מיר זען! — בעטן מיר זיך רחמים.

— וואָס טויגן דאָ די חכמות? שניידט מען אונז אָפּ די רייד. איין זאַך וועט אויך אייער אויטאָפּיסטישער מוח צוגעבן: אַז צו אַ יידישער שול דאַרף מען האָבן יידישע קינדער. נו — און דער מין איז נישטאָ. דאָס הייסט: יידישע קינדער זענען, ברוך השם, יאָ פאַראַן, נאָר זיי ווילן נישט קיין יידיש און וועלן קיינמאָל נישט וועלן.

אָט די אַלע שוועריקייטן, זענען ווי אַ רויך פאַרשוווּנדן, ווי נאָר מען איז ערנסט צוגעטרעטן צו דער אַרבעט.

עס האָבן זיך געפונען יידישע לערן-ביכער,—שלעכטע, אָבער גוטע געגנוג פאַר אַן אָנהויב. עס האָבן זיך געפונען יידישע לערער. און דער פּראָגראַם האָט זיך אַליין אויפגעבויט: יידיש לייענען, יידיש שרייבן, העברעאיש (לויט אַ געמישטן סיסטעם: „עברית

בעברית, יידיש וענגליש"), יידישע געשיכטע, און ועל כולם — דאָס יידישע ליד!

— און יידישע קינדער!

אָט דאָ ליגט דער גאַנצער נחת! פון אַ צוואַנציק קינדער אין אָנהויב איז די צאָל אין אַ משך פון עטלעכע וואָכן אויסגע־וואַקסן צו אַ ז ע כ צ י ק, און זאָלן נאָר זיין פּלאַץ און מיטלען — אין קינדער וועט שוין קיין מניעה נישט זיין.

דער הויפּט־נחת ליגט אָבער אין יענער גרויסער ל י ב ע, וואָס האָט צוגעבונדן די קינדער צו דער שול. די פּאָר שעה פון דער שול־צייט (שבת און זונטיק פון 3 ביז 5) זענען אַ יום־טוב פאַר זיי. זיי טרייבן די עלטערן, מען זאָל גיכער פאַרטיק ווערן מיטן וואַרמעס, ווייל מען דאַרף לויפן אין שול אַריין. און אין דער שול, וואָס איז פריי פון יעדער קאַזיאָנער דיסציפּלין, ווו די לערער זענען ליבנדיקע ברידער, די למודים — אַזוינע אינטערע־סאַנטע זאַכן, און די חברים — מיט־קונדסים, וואָס זענען פאַר־אינטערעסירט אין דעמזעלביקן שיינעם שפּיל, אין אַזאַ שול ווערט דעם קינדס נשמה אַרומגענומען מיט אַן אַטמאָספער פון וואַרעמקייט און ליכט, וואָס לויטערט זיי אינגאַנצן אויס פון דעם־קולטור־שמד און באַהעפט זיי צו דעם יידישן פאָלק, צו זיין פאַרן גאַנגענהייט און צוקונפט...

וואָלטן מיר נאָר געהאַט די נויטיקע מיטלען, און היינטיק טאָג וואָלטן מיר בעקאַנט אויסשפּרייטן איבערן גאַנצן אַמעריקאַנער, יידנטום דעם נעץ פון אַזעלכע שולן; נישט שבת־און זונטיק־שולן נאָר טאָג־און אָוונט־שולן, וואָס וואָלטן געגעבן דעם יידישן קינד אַ וואַרעמע יידישע היים, אַ זאַך, וואָס אים פעלט אַזוי שטאַרק אין דעם גלות־אַמעריקע.

אַזעלכע שולן וואָלטן אויך אַסך בעסער אָפּגעהיט דעם „קיום הלאום", איידער דער אָפּגעלעבטער שלחן־ערוך און די כּף־הקל־עדיקע „קאָנגרעגיישאָנס".

די יידישע שול, וואָס איז שוין איצטער געוואָרן אַ לעבע־דיקער פאַקט, וועט אויך זיין דער פּרוּוו־שטיין, מיט וועלכן מיר וועלן קאָנען אָפּשאַצן די ערנסטקייט, טיפקייט און דעם קלאָרן

אײנזען פֿון יענעם נאַציאָנאַלן געפֿיל, וואָס האָט אין דער לעצטער צייט אַרומגענומען אַזאַ גרויסן טייל פֿון דער יידישער אינטעלי-גענץ און דער יידישער פּראָגרעסיווער אַרבעטערשאַפֿט.

Hic Rhodus, hic salta!

אָט דאָס איז נאַציאָנאַלע אַרבעט. אָט דאָ טוט! טוט, וואָס איר קאָנט. שטיצט מיט געלט, נעמט אויף זיך פֿאַרוואַלטונגס-אַר-בעט, גרינדעט הילפֿס-געזעלשאַפֿטן, אינטערעסירט זיך מיט די פּראָבלעמען פֿון דער יידישער פּעדאַגאָגיק און — קודם כּל — שליסט זיך אָן אָן דעם שול-פֿאַראיין!

„דאָס נייע לעבן", 1910.

## נאַציאָנאַל־קלעריקאַל

ה. ליבערמאַן. די אידישע רעליגיאָן אין דער נאַ־ציאָנאַל־ראַדיקאַלער ערציהונג. ניו־יאָרק, מ. מייזעל, 1915.

הער ה. ליבערמאַן, אַ לערער פון דער נאַציאָנאַל־ראַדי־קאַלער שולע אין ניו־יאָרק, האָט אויף דעם ערשטן צוזאַמענ־פאָר פון די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן אין אַמעריקע גע־האַלטן אַ רעפעראַט, אין וועלכן ער האָט טעאָרעטיש באַלויכטן די שטעלונג, וואָס מיר דאַרפן אָננעמען צו דער יידישער רעליגיע און דער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער דערציאונג. דער רעפע־ראַט איז איצטער אַרויס אין אַ באַזונדער בראָשור, און יע־דער איינער קאָן אָפּשאַצן יענעם גייסט, וואָס הערשט אין גע־וויסע קרייזן, וועלכע גרופּירן זיך אַרום דער נאַציאָנאַל־ראַדי־קאַלער שולע.

הער ליבערמאַנס גרונט־געדאַנק באַשטייט אין דעם, אַז „די יידישע רעליגיאָן לאָזט זיך נישט אַזוי לייכט אָפּגטן פון אַ יידישער ערציאונג, ווי פריידענקעריש דיזע זאָל נישט וועלן זיין“ (ז. 4).

אויף וויפל הער ליבערמאַן פאָדערט, אַז אין דער יידי־שער יוגנט זאָל איינגעפלאַנצט ווערן אַ ר ע ס פּ ע ק ט צו דער אַלטער, פרומער יידישער וועלט, פאַר דער ערלעכקייט פון איר גלויבן, פאַר דער גרויסער ראָלע, וועלכע די יידישע רעליגיע האָט ביז אַהער געשפּילט אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק, איז ער גאַנץ זיכער גערעכט. אויך ווען ער

זאָגט צום שלוס פון זיין רעפעראַט: אז „נישט האַסן, נישט איגנאָרירן, נאָר מיט אַכטונג און סימפּאַטיע און ליבע צו פ אַ ר ש ט ײ ן — אָט דאָס דאַרף זיין אונזער שטעלונג צו דער יידישער רעליגיאָן", קאָן מען אין אַ זייער גרויסן גראַד מסכּים זיין מיט אים.

אָבער הער ליבערמאַן באַנוגנט זיך נישט מיט דעם. ער וואָלט וועלן, אַז דאָס יידישע קינד זאָל דערצויגן ווערן אין דעם גייסט פון דער יידישער רעליגיע, זאָל אַליין ווערן יידיש־רעליגיעז געשטימט, זאָל ווערן אַ באַוווּסטזיניקער טרעגער פון דעם יידישן רעליגיעזן לעבן און שאַפן.

דאָס איז אַ פאָדערונג, וואָס גייט אַבסאָלוט להיפּך צו דעם וויכטיקסטן פּרינציפּ פון י ע ד ע ר פאָלקסשול־בילדונג, און בפרט נאָך פון אַזאַ דערציאונג, וואָס רופט זיך „ראַדיקאַל". רעליגיעזע דערציאונג קאָן בעגעבן ווערן נאָר אין ספּעציעלע רעליגיעזע שולן, אויפגעהאַלטן פון עלטערן, וואָס גלויבן אין דער רעליגיע. פאָלקס־דערציאונג מ ו ז זיין וו ע ל ט ל ע ך, און נאָך מער פריי פון יעדער רעליגיעזער מיסטיק מוז זיין די שולע, וואָס נעמט אויף זיך די אויפגאַבע, צו דערציען די קינדער אין דעם גייסט פון די מאָדערנע ראַדיקאַלע אָנשויאונגען.

איך האָב אין אַן אַנדער אָרט באַריכות גערעדט, וואָס עס דאַרף זיין די שטעלונג פון אַ מאָדערנעם יידישן ראַדיקאַל צו דער יידישער רעליגיע. אינקורצן אויסגעדריקט, קום איך צו דעם רעזולטאַט, אַז מיר דאַרפן אונזער רעליגיע אָפּשאַצן נ אָ ר לויט איר נאַציאָנאַלן, פּאָעטישן און ריין־מענטשלעכן ווערט, און נאָר אַזוינע ווערטן אירע אַריינעמען אין אונזער פּראָגראַם. (זע מיינע אַרטיקלען „רעליגיע און נאַציע" און „די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע ווידערגעבורט פון דער יידישער רעליגיע". געזאַמלטע שריפטן בד. 4).

הער ליבערמאַן גייט ווייטער. ער וויל, אַז אויך דער ריין־ר ע ל י ג י ע ז ע ר עלעמענט פון דעם יידישן גלויבן זאָל אַריינגעפלאַנצט ווערן אין דעם קינדס נשמה, — אַ פאָדערונג,

וועלכע מיר געפינען ביי אַלע קלעריקאַלן פון אַלע פעל-קער.

עס פאַרשטייט זיך, אַז יעדער קלעריקאַל האָט זיין טעאָריע, פאַרוואָס די דערציאונג דאַרף זיין רעליגיעז. אויך הער ליבערמאַן האָט זיך זיינע טעאָרעטישע אָנשויאונגען. ליידער זענען זיי אַן אומגעלומפּערטע צונויפמישונג פון ריין-קלעריקאַלע און אָפּגעשוואַכטע ראַדיקאַלע מאָטיוון.

די יסודות פון זיין קלעריקאַלן בליק וועל איך דאָ איינ-קורצן באַלויכטן אין דער פאָרם פון אַ פּאָר קריטישע באַמער-קונגען צו די וויכטיקסטע שטעלן פון זיין שריפט. מער באַריכות צו רעדן וועגן דעם ענין לאָז איך איבער אויף אַן אַנדער געלעגנהייט.

„דאָס יידישע פאָלק", שרייבט הער ליבערמאַן, „איז באַ-גאַבט מיט אַ שטאַרקער עמפּפינדלעכקייט פאַר דאָס מיסטישע אין (אונטערגעשטראָכן פון מיר, זש.) דער נאַטור און דעריי-בער געניגט צו אַ רעליגיעזן פאַרטיפן זיך אין דעם זין פון דער וועלט און דעם לעבן" (ז. 4).

איך בין שטאַרק מסופק, צי דאָס איז אַזוי. איך לייקן נישט, אַז ביי דעם אידישן פאָלק קלאַפּט אַ שטאַרקע מיסטי-שע אָדער. אָבער די גאַנצע מיסטיק באַווייזט, אַז אונזער פאָלק האָט זייער אַ שוואַכע עמפּפינדלעכקייט פאַר דער נאַטור בכלל און ממילא אויך פאַר דאָס מיסטישע און אַן אויס-סערנאַטירלעכע. איר וועט ערגעץ אין איר נישט געפינען קיין מיסטישע דערקלערונגען פון נאַטור-דערשיינונגען, ווי מיר געפינען דאָס ביי די גריכן און ביי די גערמאַנישע פעלקער. דער שטרענגער מאָנאָטעאיזם האָט צעשטערט ביי דעם ייד די נאַטור-מיסטיק: די נאַטור איז נישט מער ווי ליים, ווי חומר ביד היוצר.

די קבלה האָט, אמת, אויסגעאַרבעט אַן אַנדער קוק אויף דעם ענין, אָבער אויך זי האָט זיך מיט דער נאַטור נישט אינטערעסירט, ריכטיקער: זיך געשטעלט פריינטלעך צו

איר, און אויף וויפל אין דער קבלה און דער חסידות זענען דאָ שפּורן פון נאַטור-מיסטיק, שטאַמען זיי פון נישט-יידישע קוועלן. געבליבן פאַר דער יידישער מיסטיק איז נאָר די מענטשלעכע נשמה און די איבערנאַטירלעכע הימל-וועלט.

עס איז אויך אַ גרויסער ספק, צי דאָס יידישע פאָלק איז „ב ט ב ע געבייגט צו אַ רעליגיעזן פאַרטיפן זיך" א.אז.וו. אפשר האָבן אין אים נאָר די היסטאָרישע אומשטענדן אַריינגעפלאַנצט אַזאַ איבערגעטריבענע רעליגיעזע נייגונג. מען קאָן זיך גאַנץ גוט פאָרשטעלן, אַז ביי אַ נאָרמאַלן לעבן וואָלטן די רעליגיעזע נייגונגען פון דעם יידישן פאָלק זיך נישט אָפּגעשיידט פון דער רעליגיעזער נייגונג, וועלכע מיר געפינען ביי אַלע אַנדערע ציוויליזירטע פעלקער.

אָבער אָנגענומען, אַז די צוויי טעזיסן פון הער ה. ליבערמאַן זענען ריכטיק: אַז מיר האָבן אַ שטאַרקע נייגונג צו נאַטור-מיסטיק, אַז מיר זענען ב ט ב ע מער רעליגיעז, איידער אַנדערע פעלקער און אַז „אַדאַנק דעם, ווי אויך צוליב געוויסע היסטאָרישע סיבות, האָט די יידישע רעליגיאָן אַזוי פולשטענדיק באַהערשט דאָס יידישע לעבן, אַז זי האָט אַ טיפן שטעמפּל אָוועקגעשטעלט אויף אַלע אַנדערע עלעמענטן, וואָס שטעלן צוזאַמען די יידישע קולטור" (ז. 4).

וואָס איז דער פועל-יוצא דערפון פאַר דער יידישער נאַציאָנאַל-ראַדיקאַלער דערציאונג?

אין די אויפגאַבע פון דער נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר דערציאונג — אַרויסצורופן קעלבערנע התפעלות צו אַלע אייגנשאַפטן פון דעם יידישן פאָלק בלויז דערפאַר, וואָס זיי זענען י י ד י ש ע? בשום אופן נישט! דאָס וואָלט געווען אַ ש אָ וו י נ י ס ט י ש ע דערציאונג. נאָר שאָוויניסטן גלויבן, אַז דאָס, וואָס אונזערס, איז גוט, און וואָס פרעמדס, איז שלעכטס.

נישט נאָר דער ראַדיקאַלער, אפילו דער פשוט-פ ר אָ ג ר ע ס י וו ע ר געדאַנק פאָדערט, אַז יעדע דערשיינונג פון דעם פאָלקס-לעבן זאָל מען קודם כל אָפּמעסטן מיט דער מאָס

פון דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן פּראָגרעס. און ערשט ווען די דערשיינונג באַפרידיקט אונז, ווי מ ע נ ט ש ן, קאָנען מיר זיך פרייען, וואָס אונזער פאָלק באַזיצט זי אין אַ זייער גרויסער מאָס.

אויב מיר האָבן זיך צו פרייען מיט דעם, וואָס דער ייד איז בטבע אַזוי איינזייטיק־רעליגיעז, דעמאָלט און נאָר דעמאָלט דאַרפן מיר אויך ביי אונזערע קינדער פאַרשטאַרקן דורך דער דערציאונג דיזעלביקע אייגנשאַפט. ווי איז אָבער, אַז די איבערגעטריבענע נייגונג צו רעליגיעזע מיסטיק איז גאָר־נישט אַזאַ חשובע מעלה? דעמאָלט וועלן מיר אין אונזער נאַציאָנאַלער דערציאונג זיין געצוווּנגען, צו ק ע מ פ ן אַנטקעגן דערדאָזיקער נייגונג מיט די מיטלען פון דער דערציאונג, ווייל נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע דערציאונג מוז זיך קודם כל רעכענען מיט די נ ו י ט ן פון דעם יידישן פאָלק.

גיט אויף אַ ווײַלע צו, אַז עס ליגט אין די נ ו י ט ן פון אונזער פאָלק צו אַנטוויקלען אין אים וואָס מער וו ע ל ט־ל ע כ ק ײ ט און וואָס מער וו ע ל ט ל ע כ ע אינסטינקטן און נייגונגען, און די טענה פון הער ח. ליבערמאַן וועלן פירן צו רעזולטאַטן, וואָס זענען פּונקט דער היפּך פון יענע, וועל־כע ער וויל אַרויסברענגען.

„דער קאַמף צווישן דער יידישער אמונה און דער וועלט־לעכקייט איז שוין ביי אונז לאַנג איינגעשטילט", פאַרזיכערט הער ליבערמאַן. יאָ! אָבער הער ליבערמאַן הויבט אים מיט זיינע טענה ווידער אויף.

„די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולע טאָר נישט פאַרזייען קיין קערנער פון דיסהאַרמאָניע אין דעם הארץ פון יידישן קינד צו זיין פאָלק" (ז. 6).

אַן אַלטער ריין־שאָוויניסטישער כלל! און אויב דאָס גאַנצע לעבן פון דעם פאָלק איז אין דיסהאַרמאָניע מיט די פאָדערונגען פון דעם ראַדיקאַלן געדאַנק, טאָרן מיר אויך דע־מאָלט נישט אויפקשטעלן אונזערע קינדער אין דיסהאַרמאָניע

מיט זיין לעבן? וואָס דען זאָל זיין די אויפגאַבע פון אונזער נאַציאָנאַל־ר אַ ד י ק אַ ל ע ר דערציאונג, אויב נישט די אויפ־ציאונג פון אַ דור, וואָס זאָל ק ע מ פ ן פאַר די פאָדערונגען פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס אין דעם לעבן פון דעם אייגענעם פאָלק, וואָס זאָל נעמען אויף זיך די אַ ח ר י ו ת פאַר דאָס אייגענע פאָלקס־לעבן, אַז עס זאָל נישט גיין להיפּך צו די העכסטע אידעאַלן פון דער מענטשהייט?

היינט קומט צו אונז אַ רעליגיעזער ראָמאַנטיקער, דער־קלערט, אַז די טבע פון דעם יידישן פאָלק איז אַ רעליגיעזע, און פאָדערט, אַז די יידישע דערציאונג זאָל נישט גיין אין דיס־האַרמאָניע מיט דער יידישער רעליגיע. מאָרגן וועט צו אונז קומען אַ שאָוויניסטישער נאַציאָנאַל־עקאָנאָם און וועט צו אונז רעדן אין דעם סטיל פון הער ליבערמאַן בזה הלשון:

— דאָס יידישע פאָלק איז באַגאַבט מיט אַ שטאַרקער עמפּפינדלעכקייט פאַר דאָס אַלטע־הויזן־הענדלערישע און דאָס סאָדע־וואַסער־שטענדלעכע אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און איז דעריבער בטבע געצייגט צו אַ סוחרישן מקח־וממכּרדיקן פאַרטיפן זיך אין דעם זין פון אַלע סאָציאַלע פּראָבלעמען. מיר טאָרן נישט פאַרזייען קיין קערנער פון דיסהאַרמאָניע אין דעם האַרצן פון יידישן קינד צו זיין פאָלק, און דעריבער — אַוועק מיט די סאָציאַליסטישע אַרבעטס־אידעאַלן און מיט דער סאָציאַליסטישער קריטיק פון דעם מקח וממכּר!

און דאָס רופט זיך „ראַדיקאַל"!

אונזערע קינדער דאַרפן דערצויגן ווערן אין דעם חוב צו דינען זייער אייגענעם פאָלק אין דעם זין פון אונזערע ראַדי־קאַלע אידעאַלן. זיי וועלן אין אַ סך פּונקטן מ ו ז ן אַוועקגע־שטעלט ווערן אין דיסהאַרמאָניע צו דער גאַנצער הערשנדיקער וועלט און אויך צו דעם יידישן פאָלק.

„נאָך גרעסער ווערט די נאַציאָנאַלע באַדייטונג פון דער יידישער רעליגיע, ווען מען באַרעכנט, אַז זי איז געווען אַן אָריגינעלע שעפּפונג פון דעם יידישן פאָלק, פון אים אַליין

געשאַפן און אַנטוויקלט, נישט ווי קריסטנטום, למשל, ביי די קריסטלעכע פעלקער, וואָס זיי האָבן אויפגענומען פון דרויסן (ז. 10).

אַוודאי צום הונדערטסטן מאָל איז מיין לעבן הער איך אָט דעם אַרגומענט, פאַרוואָס מיר, יידן, דאַרפן זיך שטעלן צו דער יידישער רעליגיע אַנדערש, איידער די איבעריקע פעלקער צו זייערע רעליגיעס: אונזער רעליגיע איז ביי אונז אַן אייגענע און זייערע רעליגיעס האָבן זיי „אויפגענומען פון דרויסן".

איך וויל זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין דער היסטאָרישער חקירה, אויף וויפל די יידישע רעליגיע איז, אין איר איצטיקער געשטאַלט, דורכאויס „אַן אָריגינעלע שעפּונג פון דעם יידישן פאָלק" און אויף וויפל דאָס קריסטנטום ביי די קריסטלעכע פעלקער איז, לויט זיין איצטיקן אינהאַלט, דורכאויס „אויפגענומען פון דרויסן".

איך וויל נאָר, מען זאָל מיר געבן צו פאַרשטיין איין זאַך: איידער די קריסטלעכע פעלקער האָבן אויפגענומען פון דרויסן דאָס קריסטנטום, האָבן זיי דאָך געהאַט זייערע אייגענע נאַציאָנאַלע רעליגיעס, פון זיי אַליין „געשאַפן און אַנטוויקלט". ווי אַזוי האָבן זיי זיך דאָס געקאָנט אָפּזאָגן פון אַזאַ נאַציאָנאַלן הייליקטום? ווי אַזוי האָבן זיי געקאָנט אַריבערנעמען עפּעס פרעמדס? און אויב זיי האָבן געקאָנט זיך נישט רעכענען מיט דער נאַציאָנאַלער באַדייטונג פון זייער רעליגיע, פאַרוואָס מוזן מיר זיך רעכענען מיט דער נאַציאָנאַלער באַדייטונג פון אונזערער?

וואָלט איך געווען אַ פרומער ייד, וואָלט איך געהאַט דערויף אַ פּשוטן תירוץ: יענע האָבן געמעגט זיך אָפּזאָגן פון זייערע גלויבנס, ווייל די גלויבנס זייערע זענען געווען פאַלשע, מיר אָבער טאָרן זיך נישט אָפּזאָגן פון אונזער אמונה, ווייל זי איז אַן אמתע. דאָס וואָלט געווען אַן אויסגעצייכנטע דערקלערונג, אָבער אויך זי וואָלט אינגאַנצן

זעקלאַפּט די פּאָזיציע פון הער ח. ליבערמאַן און די, וואָס דענקען אַזוי, ווי ער.

נישט דערפאַר איז דעם ייד טייער זיין גלויבן, ווייל דאָס איז „אַן אָריגינעלע שעפּונג פון דעם יידישן פאָלק”: „מתחלה עובדי עבודה־זרה היו אבותינו”. די ערשטע אָריגינעלע שעפּונג פון דעם יידישן פאָלק איז געווען אַ געצנדינסט. נאָר דערפאַר איז זיין אמונה דעם ייד טייער, ווייל ער גלויבט, אַז זי איז דער א מ ת, דער ריכטיקער אויסדרוק פון דעם געט־לעכן ווילן. דער יידישער גלויבן איז נישט דערפאַר אַ מיוחס ביי אונז, ווייל דאָס יידישע פאָלק האָט אים אויסגעאַרבעט, נאָר דאָס יידישע פאָלק איז דערפאַר ביי דעם רבונו של עולם אַזאַ מיוחס, וואָס עס איז אויסדערוויילט געוואָרן צו זיין דער טרעגער פון דער יידישער רעליגיע.

מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז די יידישע רעליגיע איז אַ פּראָדוקט פון דעם יידישן פאָלק און אַז אין איר האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט זיינע מענטשלעכע נויטן און זיינע נאַציאָנאַלע נויטן. אָבער אויך ביי די אַנדערע פעלקער האָבן די נאַציאָ־נאַלע רעליגיעס געשפּילט די זעלביקע ראָלע. דאָס האָט זיי, די נאַציאָנאַלע רעליגיעס, מיין איך, נישט געמאַכט צו אַזאַ קודש קדשים, אַז דער פּראָגרעסיווער געדאַנק זאָל תמיד דאַרפן שטיין פאַר זיי אויף די קני.

פאַרוואָס מוזן מיר זיין אַן אויסנאַם אין דעם פּרט?

„עס וועט קיין געשיכטע־שרייבער און געשיכטע־געלערנטן נישט איינפאַלן, צו איגנאָרירן דאָס קריסטנטום, אַלס קראַפט און פאַקטאָר אין דעם לעבן פון די פעלקער, נאָר דערפאַר, וואָס ער, דער געשיכטע־שרייבער אָדער געלערנטער, איז אַליין נישט קיין רעליגיעזער. לאָמיר אָקאָרשט פּרוּוון, אויף טשעקאַוואָשטש, זען, וואָס עס פּאַסירט, ווען מיר פאַרדרענגען די רעליגיע אין אונזער דערציאונג, אָדער אַפילו, ווען מיר נעמען נאָר צו עט־וואָס פון איר חשיבות, אַלס ווירקנדיקע קראַפט אין אונזער לעבן” (ז. 11).

מיר ווען דאָס באַלד „פּרוּוון אויף ציקאַוועסט זען". דערווייל וואָלט איך בעטן, מען זאָל מיר פאַראייִנוועגס דערקלערן נאָך אַ זאַך:

קיין געשיכטס־שרייבער א.א.וו. איגנאָרירט נישט דאָס קריסטנטום אַלס קראַפט און פאַקטאָר אין דעם לעבן פון פעלקער. אָבער פאַרוואָס איז דאָס אַזוי, אַז קוים איז דער געשיכטס־שרייבער אַליין נישט קיין רעליגיעזער מענטש, קעמפט ער, אינאיינעם מיט אַלע אַנדערע פּראָגרעסיווע מענטשן, אַז די רעליגיע זאָל פאַרדרענגט ווערן פון דער דערציאונג? פאַרוואָס טרעט ער אַרויס, אינאיינעם מיט זיי, אַזוי שאַרף אַנטקעגן דעם קלעריקאַליזם, וואָס וויל, אַז די רעליגיע זאָל נישט פאַרלירן „פון איר חשיבות אַלסווירקנדיקע קראַפט אין לעבן"? פאַרוואָס ווייס מען ביי די אומות העולם גאַנץ גוט די נפקא מיניה צווישן „ראַדיקאַל" און „קלעריקאַל"? פאַרוואָס זאָל הער ה. ליבערמאַן זיך נישט בעסער רופן: „נאַציאָנאַל־קלעריקאַל", און די דערציאונג, וואָס ער וויל געבן אונזערע קינדער — „די נאַציאָנאַל־קלעריקאַלע"?

---

און איצט „לאָמיר אָקאָרשט פּרוּוון אויף ציקאַוועסט, זען, וואָס עס פּאַסירט, ווען מיר פאַרדרענגען" וכו׳

„קודם כל, וואָס וועט דאַן זיין, אין די אויגן פון אונזער קינד, דער ברייטער שטריך, די גרונדלאַגע פון דעם כאַראַקטער פון דעם יידישן פאָלק?... ביי דעם יידישן פאָלק איז דער דאָזיקער כאַראַקטער־שטריך זיין רעליגיעזע נאַטור... פאַרדרענגען (מיר) דעם רעליגיעזן מאָמענט... ווי אַזוי וועט עס וויסן, וואָס מיר זעען אין אמתן, אין אונזער טיפער, טיפער נאַטור?" (ז, 11—21).

אַקוראַט ווי הער ליבערמאַן, אָדער ווי ווער עס איז אַן אַנדערער, קאָן אינדערמאתן וויסן, וואָס איז אונזער „טיפע, טיפע נאַטור!" די וויסנשאַפט פון די פעלקער איז נאָך אַזוי

יונג, אַז ווען קיין פאָלק אין דער וועלט קאָן נאָך קיינער נישט וויסן אויף קלאָר, וואָס דער גרונט-שטריך פון זיין כאַ-ראַקטער איז.

מער, איידער אינדיווידועלע היפּאָטעזן, קאָן מען אויף דעם פעלד נאָך נישט האָבן. מיין אינדיווידועלע היפּאָטעז איז, צום ביישפּיל, אַז דער גרונט-שטריך פון דעם יידישן פאָלק איז נישט זיין רעליגיעזע נאַטור, נאָר זיין סאָציאַל-עטישע, וואָס ווייזט זיך אַרויס סיי ביי דעם פרומען ישעיה, סיי ביי דעם אַטעאיסט קאַרל מאַרקס.

דער געדאַנק פון דעם יידישן פאָלק האָט תמיד געאַר-בעט אויף דעם פּראָבלעם, ווי אַזוי מאַכט מען, אַז מענטשן זאָלן לעבן, ווי ברידער, אין די גרענעצן פון איין מענטשהייט.

אָט דער „שבת-אחים"-אידעאַל איז אַ ריין יידישער פּראָ-דוקט, און איז אַ סך כאַראַקטעריסטישער פאַר אונזער פאָלק, איידער זיינע ריין-רעליגיעזע פּראָדוקטן, אין וועלכע ער איז נישט באַזונדערס אָריגינעל.

איך וואָלט געקאָנט אויפווייזן אויף נאָך אַנדערע כאַראַק-טער-שטריכן פון אונזער פאָלק, וואָס האָבן אַן אומגעהייערן ווערט פאַר דער מענטשהייט און האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט דער איבערנאַטירלעכער מיסטיק.

אָבער — ווי געזאָגט: דערווייל זענען דאָס אַלץ אינדיווי-דועלע היפּאָטעזן. קיינער איז נישט מחויב צו גלויבן אין זיי, און דאָס יידישע קינד וועט אַקוראַט אַזוי ווייניק, אָדער אַזוי פיל, פאַרלירן, ווען די שולע וועט אים נישט קאָנען אַנטפּלעקן „דעם גרונט-שטריך פון דעם יידישן פאָלק" (אַ קלייניקייט, וואָס הער ליבערמאַנען האָט זיך פאַרוואָלט!), ווי ווייניק, אָדער ווי פיל, עס פאַרלירט יעדעס קינד פון יעדן אַנדער פאָלק, ווען נישט נאָר די פאָלקס-שול, נאָר אפילו די גאַנצע וויסנשאַפט פון זיין צייט, קאָן אים נישט אויסזאָגן יענעם סוד.

איך לאָז דורך אַ פּאָר שטעלן, וואָס זענען נישט מער, ווי אַ וואַריאַציע אויף דעמזעלביקן פאַלשן געדאַנק, אַז דאָס

יידישע פאָלק איז אַן אָרגאַניזם, וואָס אַרבעט אויס אַזאַ מין באַלזאַם, וועלכן קיין אַנדער פאָלק קאָן נישט אויסאַרבעטן: די רעליגיע.

איך גיי איבער צו יענע שטעלן, ווו עס ווערט אַרויסגעזאָגט עפּעס נייעס.

„וואָס איז דאָ נאָך שענערס וכו׳, ווי דער קדוש השם, אָט דער ענטוזיאַזם פאַר אַן אידייע וכו׳? ווי אַזוי וועט מען דאָס קאָנען דערקלערן אויף אַ ראַציאָנאַלן, שכלדיקן אופן. אַז דער שכל קאָן עס גאָרנישט באַנעמען? (!) דער ראַציאָנאַליזם וועט אייך לערנען פּונקט פאַרקערט, אַז אַזאַ זאַך איז אוממעגלעך (!), ווייל עס איז אַ נאַטור־געזעץ פאַר יעדער לעבעדיקער זאַך, איבערצוגיין אַלע גרענעצן, זיך צו דערהאַלטן, אָבער נישט לאָזן אויסדריקלעך זיך אומברענגען, אָבער דער קדוש השם איז פאָרט אַ פאַקט אין דער יידישער געשיכטע״. (ז. 15).

קיין מענטש וועט נישט קאָנען באַנעמען מיט זיין שכל, וואָס הער ליבערמאַן וויל דאָ אַרויסברענגען מיט דעם פּונקט, מען קאָן נישט דערקלערן דעם פאַקט פון מסירות נפש פאַר אַן אידייע, סיידן מען גיט צו, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט? מסירות נפש, ווי אַ גייער גאָט־באַווייז? אָדער זאָל דערפון געדרונגען ווערן, אַז נאָר פאַר רעליגיעזע אידייען קאָן זיך איינער מוסר־נפש זיין? און וואָס וועט איר טאָן מיט די דזשיאָרדאַנאָ ברונאָס און מיט פיל אַנדערע רעוואָלוציאָנערן און אַטעאיסטן, וואָס זענען פאַר זייערע אידעאַלן פריידיק געגאַנגען אין טויט?

און — דוכט מיר — דער נישט־רעליגיעזער מסירות־נפש איז אַ סך, אַ סך דערהאַבענער, איידער דער רעליגיעזער, ווייל פאַר דעם גלויביקן איז דער גאַנצער קדוש השם נישט מער, ווי אַ קליינע אָפּעראַציע, אַן ע פּ י ז אָ ד אין דעם זיין פון זיין אייביקער נשמה, בעת פאַר דעם נישט־גלויביקן איז דאָס „דער סוף־כל־סופיקער סוף״ פון זיין לעבן און זיין.

כּדי צו דערקלערן, ווי אַזוי מענטשן גייען אין טויט פאַר זייערע אידעאַלן און גלויבונגען, — דערצו דאַרף מען נישט האָבּן קיין רעליגיעזן עלעמענט. דער „ראַציאָנאַליזם" גייט אַבּסאָלוט נישט להיפּך צו דעם, און יעדער מענטשלעכער מוח קאָן דאָס באַנעמען.

„אָן דעם רעליגיעזן עלעמענט וכו׳, ווי וועט זיך דערקלערן, לאָמיר אָנכאַפּן אַזאַ זאַך, ווי דער קאַמף פון די חשמונאים ?"

ווערט איר ענטפערן הער ליבערמאַנען: אפשר דערקלערן דאָס, ווי אַ קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פון דעם יידישן פאָלק ? חלילה וחס ! „וואָס איז דען געווען דער פּונקט, ביי וועלכן עס האָט געפּלאַצט די געדולד ביים פאָלק אין דעם מאַקאַבּייער - אױפשטאַנד ?... ווען דער שונא האָט זיי געוואָלט צווינגען צו פּעלשן אין זייער גאָט און מקריב זיין אַ חזיר פאַר אַ קרבּן, דאָ איז שוין די מאָס פאַרפולט געוואָרן און אַ רעוואָלוציע האָט זיך צעפּלאַקערט" (ז. 16).

איך וויל זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין אַ ויכּוח וועגן די היסטאָרישע אורזאַכן און פאַקטאָרן פון דעם חשמונאים-אויפשטאַנד. איך גלויב, אַז אויך דאָ האָט די רעליגיע געשפּילט אַ סך אַ קלענערע ראָלע, איידער די אָפיציעלע קוועלן, וואָס שטאַמען פון קלעריקאַלע הענט, באַשרייבּן דאָס.

אָבער דאָס איז אַ סכסוך אין דער געשיכטס-פילאָזאָפיע, וועלכן מיר קאָנען לאָזן אָן אַ זייט. א ו י ב עס זאָל זיך אַרויסווייזן, אַז דער טרייבּנדיקער מאָמענט אין דעם אויפשטאַנד איז געווען דער חזיר פאַר אַ קרבּן, ד. ה. דער ריין-רעליגיעזער, און נישט די פרייהייט און זעלבּשטענדיקייט פון פאָלק און לאַנד, וועט טאַקע דער חשמונאים-קאַמף אַראָפּפאַלן פון יענער מענטשלעכער הויך, אויף וועלכער די פאָרשונג האָט אים אין דער לעצטער צייט אויפגעהויבּן, און וועט אַראָפּזינקען צו דער מדרגה פון אַ פאַנאַטיקער-רעוואָלט, מיט וועלכן מיר קאָנען סימפּאַטיזירן נאָר אויף אַזוי ווייט, אויף וויפל ער האָט

געקעמפט אַנטקעגן פאַרגוואַלטיקונג פון דעם אַנדערנס איבערצייגונגען.

צו דעם דערציאונגס-פּראָבלעם האָט דאָס קיין ברעקל שייכות נישט. מיר קאָנען נישט ווערן רעליגיעז אָדער נתפעל ווערן פון דער יידישער רעליגיע בלויז דערפאַר, וואָס אונזערע עלטערן איז רעכט געווען צו לעבן, ווי שקלאַפן, אַבי מען זאָל זיי נישט צווינגען צו ווערן אומטריי זייער גלויבן.

---

„נעמט מען אַוועק דעם רעליגיעזן כאַראַקטער פון אַזאַ קאַמף, ווי דער מאַקאַבייער-אויפשטאַנד, איז מעג מען עס אפילו דערקלערן פאַר אַ פרייהייטס-באַוועגונג אין מאָדערנעם זין, ווערט דאָך דורכדעם די העכערע (?) אידייע פון דער געשעעניש אַוועקגענומען... ווען מיר ציען... אַרונטער דעם מאַקאַבייער-קאַמף צו דער נידער (!) פון אַזאַ קאַמף, ווערט די אידעאַלע זייט פאַרלאָרן (?), ווערט דורך דעם אַ גרייסע הייליקע באַוועגונג — פ אַ ר ב ר ו ט אַ ל י ז י ר ט (!!) (ז. 17).

קומט איר אין דעם ביכל פון הער ח. ליבערמאַן צו אָט דער שטעל, דעמאָלט בלייבט אייך שוין גאָרנישט איבעריק, ווי... אַ שמיץ צו טאָן דאָס ביכל אונטערן טיש.

נישט דערפאַר ווערט איר אַזוי נערוועז, וואָס הער ליבערמאַן האָט אַזעלכע אָנשויאונגען: עס זענען ביי אַלע פעלקער דאָ קלעריקאַל-געזאָנענע פאַרשוינען, וואָס האַלטן, אַז אָפּהיטן אומזיניקע רעליגיעזע געבאָטן אין גאָטס נאָמען איז אַ סך אַ דערהאַבענערע זאַך, איידער דער מענטשלעכער קאַמף פאַר פרייהייט. מעג אויך דער נאַציאָנאַל-קלעריקאַלער הער ליבערמאַן גלויבן, אַז נישט-וועלן מקריב זיין אַ חזיר פאַר אַ קרבן איז, גאָט ווייס, וואָס פאַר אַ טיפע הייליקייט, בעת קעמפן פאַר רעכט און פרייהייט איז „ב ר ו ט אַ ל" (!).

אָבער דערפון פלאַצט אייער געדולד, וואָס אַזעלכע אָנשויאונגען ווערן אַרויסגעזאָגט אויף אַ צוזאַמענפּאַר פון

נ א צ י אָ נ א ל - ר א ד י ק א ל ע ש ו ל ן, ווערן אַרויסגע-
זאָגט ווי אַ רעפּעראַט, אויף דעם גרונט פון וועלכן עס ווערן
אָנגענומען רעזאָלוציעס און פּרינציפּן-דערקלערונגען.

צו דער ערע פון דעם צוזאַמענפאָר מוזן מיר אָבער
מיטטיילן, אַז די רעזאָלוציע, וועלכע ער האָט אָנגענומען,
שפּיגלט לחלוטין נישט אָפּ די קלעריקאַל-שאָוויניסטישע אָנשוי-
אונגען פון הער ליבערמאַן.

„די נאַציאָנאַל-ראַדיקאַלע דערציאונג", זאָגט די רעזאָלוציע,
„דאַרף אַנטוויקלען אין די קינדער אַ געזונטן בליק אויף דער
יידישער רעליגיע, באַטראַכטנדיק איר זי) פון אַ קולטור-היס-
טאָרישן שטאַנדפּונקט. די לערער דאַרפן זיך באַמיען אַרויסצו-
ברענגען פאַר די קינדער די נאַציאָנאַל-עטישע און פּאָעטישע
זייטן פון דער יידישער רעליגיע" (ז: 23).

ווי אַזוי הער ליבערמאַן האָט געקאָנט קומען צום שלוס,
אַז די רעזאָלוציע, וואָס וויל גאָרנישט וויסן פון דעם רעליגיעז-
מיסטישן אינהאַלט אין אונזער רעליגיע און באַטראַכט זי פון
אַ קולטור-היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, — אַז אַזאַ רעזאָלוציע
איז אָנגענומען געוואָרן „אויפן גרונט פון דעם אויבן-געבראַכטן
רעפּעראַט", איז פאַר מיר אַ חדוש נפלא.

# די אַרבעטער און דאָס פאָלק

אויב ס'איז אמת, וואָס מיר גלויבן, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אַקוראַט אַזאַ פאָלק, ווי אַלע אַנדערע פעלקער, — נישט קיין „אתה בחרתנו”, אָבער חלילה אויך נישט קיין פאַר-שאָלטענע אומה, — איז דעמאָלט האָבן מיר אַ רעכט צו האָפן, אַז די יידישע אַרבעטערשאַפט וועט שפּילן דיזעלביקע פּראָגראַסיווע ראָלע אין דער יידישער געשיכטע, וואָס יעדע אַרבע-טערשאַפט שפּילט אין דעם לעבן פון אַ מאָדערנעם פאָלק. אויך ביי אונז וועט דער אַרבעטער-קלאַס איבערנעמען די פירער-ראָלע אין דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג און צוציען צו איר פאַן אַלע דעמאָקראַטישע עלעמענטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אויך ביי אונז וועט די אַרבעטערשאַפט ווערן אַקוראַט אַזוי טריי צו די אינטערעסן פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק, צו די אינטערעסן פון „כל-ישראל”, ווי די דייטשישע אַר-בעטער זענען טריי צו דעם פּרינציפּ פון „כל-אשכנזי” און די פראַנצויזישע אַרבעטער זענען איבערגעגעבן צו דער אידייע פון „כל-צרפתי”.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז אויך די יידישע אַרבעטער וועלן ווערן אַקוראַט אַזוי נאַציאָנאַל, ווי די נישט יידישע; אַז אויך זיי וועלן קעמפן פאַר דער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג פון זייער פאָלק, ווי דאָס טוען די אַרבעטערשאַפטן פון אַלע אַנדערע אומות; אַז אויך זיי וועלן האָבן געמיינזאַמע אויפגאַבן מיט דער יידישער בורזשואַזיע, נאָר זיי וועלן יענע אויפגאַבן פאַרשטיין אין די וויכטיקסטע פּרטים גאַנץ אַנדערש,

אײדער דאָס טוט די בורזשואַזיע און זײ װעלן זיך אָפּט פּאַנאַנדערגײן מיט דער בורזשואַזיע אין די מיטלען, װי אַזױ צו דערגרײכן די בשותפותדיקע ציִלן.

בנוגע די אומות העולם איז אָט דער געדאַנק שױן אַ ברעקל נישט נײ. ער איז דער אַלף־בית פֿון פּראָלעטאַרישער פּאָליטיק. „די פּראָלעטאַריער קעמפֿן־מיט דעם קאַמף פֿון דער בורזשואַזיע, אָבער זײ טוען עס אין אײגענעם גײסט", שרײבט אַ בר־סמכא אין דעם פּראָלעטאַרישן נאַציאָנאַליזם, קאַרל רענער (זע זײן אַרטיקל: „דער קריג און דער פּראָלעטאַרישער נאַציאָנאַלער געדאַנק" אין דעם „יידישן סאָציאַליסט" פֿון דעם 1־טן מערץ). „עס איז נישט אמת", זאָגט ער אין דעמזעלביקן אַרטיקל, „אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז אין זײן מאַסע װען עס איז געװען אומנאַציאָנאַל"; „בײם פּראָלעטאַריאַט איז דער נאַציאָנאַליטעטן־פּרינציפּ נאָך עד היום אַ װירקנדיקע קראַפֿט".

בײ אונזערע סאָציאַליסטן איז דער געדאַנק נאָך נישט אַרײַן אין פֿלײש און בלוט, און דאָס רוב סאָציאַליסטישע פֿירער אונזערע באַטראַכטן אים נאָך װי אַ געפֿערלעכע אפּיקורסות. אין דעמזעלביקן נומער „יידישער סאָציאַליסט", װו עס איז אָפּגעדרוקט קאַרל רענערס אַרטיקל, פֿאַרזיכערט הער אַלגין, „אַז אין אונזערע רײען איז נישטאָ קײנער, װאָס זאָל שטעלן אַזאַ אױפֿגאַבע דעם אַרבעטער־קלאַס", װי „דערהאַלטן די אומה בײם לעבן" (זע זײן אַרטיקל: „װעגן אַ יידישן קאָנגרעס").

לײדער זאָגט אונז נישט הער אַלגין, װעמען ער מײנט דאָ מיט „אונזערע רײען" („אנשי שלומנו"). די יידיש־סאָציאַליסטישע פֿעדעראַציע? דער „בונד"? אָבער אין בײדע קערפּערשאַפֿטן זענען דאָ גענוג מענטשן, װאָס שטײען אױף דער הײך פֿון דער מאָדערנער פּראָלעטאַרישער אַנטװיקלונג און װײסן גאַנץ גוט, אַז די װיכטיקסטע פֿאָדערונג פֿון דעם „נאַציאָנאַליטעטן־פּרינציפּ", װאָס „איז נאָך עד היום אַ װירקנדיקע קראַפֿט בײ דעם פּראָלעטאַריאַט", דאַרף זײן דער „קיום הלאום", דאָס

„דערהאַלטן די אומה בײַם לעבן". בעסער פון אַלעמען וואָלטן צו העראַלגינס „אנשי שלומנו" געפּאַסט יענע אַסימילאַטאָרישע סאָציאַליסטן אונזערע, וואָס גרופּירן זיך אַרום דעם „פאָרווערטס".

על-כל-פּנים קאָנען מיר נאָר צוגעבן הער אַלגינען, אַז דאָס רוב פון אונזערע באַוווסטזיניקע סאָציאַליסטן ווילן נישט אָנהויבן זיך צו אינטערעסירן מיט אַזוינע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אין זיך די עקזיסטענץ און די אַנטוויקלונג פון דעם גאַנצן יידישן כּלל, און אַז די מאַיאָריטעט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט שטייט נאָך אונטער דער גייסטיקער השפּעה פון יענע פירער, בײַ וועמען עס גייט דורך אַ שווידער איבערן לייב, ווען זיי דערהערן פון פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות צו „כּל-ישראל".

ווי אַזוי איז דאָס צו דערקלערן? פאַרוואָס שטעלט זיך די יידישע אַרבעטערשאַפט אַנדערש צו דעם יידישן פאָלק, איידער דער דייטשישער פּראָלעטאַריאַט צו דעם דייטשישן, איידער דער פראַנצויזישער צו דעם פראַנצויזישן? זענען מיר אַן אתּה בחרתּנו-פאָלק און אונזער פּראָלעטאַריאַט איז דער צדיק צווישן די פּראָלעטאַריאַטן, וואָס טראַכט נאָר, — ווי דאָס שיקט זיך פאַר יעדן „צדיק", — וועגן דעם אייגענעם „ביטול היש"? אָדער זענען מיר אַ פאַרשאָלטענע אומה, און דעריבער מוזן דווקא די פּראָגרעסיווע עלעמענטן אונזערע אומקערן זיך צו איר מיטן רוקן?

לא הא ולא הא! אין די וויכטיקסטע פּרטים פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג זענען מיר נישט קיין אויסנאַם פון אַלע אַנדערע פעלקער, נישט צום גוטן און נישט צום שלעכטן. די צרה מיט אונז איז נאָר, וואָס מיר זענען, אַ דאַנק געוויסע אומשטענדן, איינס פון די אַ ב נ ו ר מ אַ ל ע פעלקער פון דער ציוויליזירטער וועלט. אַנטוויקלונגס-פּראָצעסן, וואָס האָבן בײַ די פּראָגרעסיווע אומות העולם שוין דערגרייכט זייער ענד-פאַזע, טרעטן בײַ אונז ערשט אַריין אין לעבן, און

פראָבלעמען, וואָס האָבן שוין אומעטום געפונען זייער ענדגילטיקן ענטפער, ווערן ביי אונז ערשט געשטעלט אויף דער טאָגאָרדענונג.

נעמט יענעם פראָצעס, וואָס האָט פאַנאַנדערגעשפּאָלטן די נאַציע לחוד און די רעליגיע לחוד, אָדער יענעם פּראָצעס, וואָס האָט געפירט דערצו, אַז די נאַציאָנאַלע שפראַך פון אַ פאָלק זאָל זיין נישט יענער טויטער לשון, אויף וועלכן עס האָבן אַמאָל געשריבן די געלערנטע און אויף וועלכן עס קלינגען נאָך עד היום די ליטורגיעס אין די קירכן, נאָר דווקא די לעבעדיקע גערעדטע שפראַך פון די פאָלקס-מאַסן, — ווי לאַנג איז דאָס, ווען די פּראָגרעסיווע פעלקער האָבן אויך געהאַט צו טאָן מיט דידאַזיקע פּראָבלעמען; וויפל דורות זענען שוין אַריבער, זינט יענע פּראָבלעמען זענען פאַר זיי פאַרענטפערט געוואָרן אויף אייביק. און מיר שטעקן נאָך אין רעכטן מיטן פון זיי, און דער קאַמף פאַר זיי ברענט זיך ערשט איצט פאַנאַנדער.

פאַר דעם, וואָס האָט נאָר אַ ברעקל השגה פון די גרונטגעזעצן, וואָס באַהערשן דאָס היסטאָרישע לעבן און די פאָרוו רקלעכונג פון דעם מענטשלעכן פראָגרעס, קאָן קיין שום ספק נישט זיין, אַז פריער אָדער שפּעטער, וועלן מיר אויך דאָ אָניאָגן די אומות העולם. אונזער נאַציאָנאַל לעבן וועט לחלוטין און לגמרי באַפרייט ווערן פון וועלכע עס איז רעליגיעזע עלעמענטן, האָט וועלן ווערן אַ ריינער „רשות היחיד" פון יעדן איינצלנעם יידן, אין וועלכע קיין אַנדער ייד וועט נישט האָבן קיין רעכט אַריינצושטעקן זיין נאָז; און אונזער נאַציאָנאַלע שפראַך וועט ווערן נישט יענער ספר-לשון, וואָס ווערט געברויכט פון דעם געלערנטן, און נישט יענער מחזור-לשון, וואָס הערט אָנגעהערט אין די סינאַגאָגאַלע תפילות, נאָר יענע לעבעדיקע יידישע שפראַך, וואָס ווערט גערעדט פון די מאַסן. — דיזעלביקע פּאָדערונגען פון דעם פּראָגרעסיוון לעבן, וואָס האָבן מיט הונדערטער יאָרן צוריק דאָס דורכגע-

פֿירט ביי אַלע אַנדערע פֿעלקער פֿון דער וועלט, וועלן צווינ־
גען אויך דאָס יידישע פֿאָלק צו פֿערענטפֿערן אויף דעמזעלביקן
אופֿן זיינע פּראָבלעמען פֿון „נאַציע און רעליגיע" און „נאַציע
און שפּראַך".

מחמת דעמזעלביקן טעם מוז אויך די שטעלונג פֿון דער
יידישער אַרבעטערשאַפֿט צו דעם יידישן פֿאָלק דורכמאַכן אַן
אינעווייניקסטע רעוואָלוציע, וואָס וועט זי אַוועקשטעלן אויף
דערזעלביקער הויך, אויף וועלכער עס שטייען אַלע אַנדערע
אַרבעטערשאַפֿטן פֿון אַלע אַנדערע פּראָגרעסיווע פֿעלקער.

די יידישע אַרבעטערשאַפֿט איז שוין איצטער אַריינגע־
טראָטן אין יענער אַנטוויקלונגס־פֿאַזע פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט,
ווען עס וואַקסן אויס פֿאַר אים די פּראָבלעמען פֿון נאַציאָנאַ־
ליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם, און אויך אין דעם לעבן פֿון דער
יידישער אַרבעטערשאַפֿט הויבן זיך שוין אָן אָפּצושפּילן יענע
פּראָצעסן, וואָס האָבן אומעטום געפֿירט צו דער נאַציאָנאַליזי־
רונג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט.

אין דעם אָנהויב פֿון איר פּאָליטישער אַנטוויקלונג איז
די אַרבעטערשאַפֿט פֿון אַלע ציוויליזירטע פֿעלקער געווען צע־
שפּאָלטן אין צוויי גרויסע לאַגערן: דעם רעאַקציאָנערן, וואָס
איז געשטאַנען אונטער דער השפּעה פֿון דער הערשנדיקער
רעליגיע, און דעם פּראָגרעסיוון, וואָס איז געפֿירט געוואָרן
פֿון אַ וועלכער עס איז עקסטרעם־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. די
רעאַקציאָנערע אַרבעטערשאַפֿט איז געווען נישט נאָר קירכלעך
פֿרום, נאָר אויך נאַציאָנאַל־שאָוויניסטיש. „גאָט, פֿאָטערלאַנד
און קיסר!" איז געווען איר הייליקע דריי־אייניקייט. די עקס־
טרעם־רעוואָלוציאָנערע ריכטונג, נאָך גאַנץ אונטער דער השפּעה
פֿון דעם בורזשואזן ראַדיקאַליזם, האָט געלייקנט נישט נאָר
אין גאָט, פֿאָטערלאַנד און קיסר, נאָר אויך אין יעדן נאַציאָנאַלן
געדאַנק אין וועלכער ס'איז פֿאָרם, געלייקנט אין יעדן נאַציאָנאַלן
מהות פֿון זייער פֿאָלק, געלייקנט איבערהויפּט אין דער איינטיילונג
פֿון דער מענטשהייט אין נאַציעס און פֿעלקער. היינריך היינע,

אַ האַלב בורזשואַזער, האַלב קאָמוניסטישער ראַדיקאַל, האָט אין די דרייסיקער יאָרן ריכטיק פאָרמולירט די געדאַנקען פון די דעמאָלטיקע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער-קרייזלעך: „איצטער זענען שוין נישטאָ קיין נאַציעס”, האָט ער געטענהט, „עס זענען נאָר דאָ צוויי פ אַ ר ט יי ע ן, וואָס קעמפן פאַר זייער הערשאַפט אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן: די פאַרטיי פון דער היסטאָרישער טראַדיציע און די פאַרטיי פון דער פאַרנונפט”.

אָבער שוין די ערשטע „מאַרקסיסטן” האָבן אין דעם סוף פון די פערציקער יאָרן אָנגעמערקט יענע פּאָזיציע, אויף וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט איז געצוווּנגען געווען צו שטעלן זיך אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אין דעם באַרימטן „קאָמוניסטישן מאַניפעסט” האָט קאַרל מאַרקס געלערנט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף קוקן אויף זיך, ווי אויף דער „אומגעהייערער מאַיאָריטעט פון דער נאַציע”, אַז ער איז „ד י נ אַ צ י ע”. פון דער אַנדער זייט האָט ער דערקלערט, אַז „דער קלאַסן-קאַמף איז אַ פּ אָ ל י ט י ש ע ר קאַמף”, ד. ה. אַ קאַמף פאַר אַ באַשטימטן ענטפער אויף אַלע יענע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות צו דעם פּאָליטישן לעבן, צ ו ד ע ם ל ע ב ן פ ו ן ד ע ם ג אַ נ צ ן נ אַ צ י אָ נ אַ ל ן כ ל ל.

דער אויפבלי פון דעם אינטערנאַציאָנאַל אין די זעכציקער יאָרן, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער גייסטיקער שליטה פון קאַרל מאַרקס און וואָס האָט אָפן פּראָקלאַמירט, אַז ער קעמפט פאַר דער זעלבשטענדיקער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג אפילו פון דעם קלענסטן פאָלק, האָט דערלאַנגט אַ טויט-קלאַפּ דעם הערשנדיקן קאָסמאָפּאָליטיזם, וועלכער האָט נאָך מעלה-גירה געווען די שיריים פון דער בורזשואַזער ראַדיקאַלעכץ.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך ביי די אייראָפּעאישע פעלקער אָנגעהויבן דער טאָפּלטער פּראָצעס אין דעם לעבן פון דער אַרבעטערשאַפט. פון איין זייט זענען די קירכלעך-פרומע מאַסן באַפרייט געוואָרן פון זייערע אַלטע רעליגיעזע טראַדיציעס און

זענען געוואָרן מער און מער פרייזיניק, מער און מער ראַדי-קאַל אין דעם סאָציאַלן און דעם פאָליטישן לעבן. פון דער אַנדער זייט האָבן זיך אין די עקסטרעם-רעוואָלוציאָנערע ריי-ען גענומען אויסוועפן די ריחות פון דער אַלטער קאָסמאָפאָ-ליטישער ראַדיקאַלעכץ. און די אַרבעטערשאַפט פון אַלע פעל-קער שטייט איצטער אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע אויף יע-נער פאָזיציע, וואָס איז אָנגעמערקט געוואָרן אין דעם „קאָמו-ניסטישן מאַניפעסט" און וואָס איז אַזוי גלענצנדיק דערקלערט און פאַרטיידיקט געוואָרן אין די פרינציפן פון דעם אינטער-נאַציאָנאַל.

דער פראָלעטאַריאַט איז אומעטום געוואָרן דער פּראָ-גרעסיווער קלאַס פון זיין פאָלק, וואָס קעמפט קודם כל פאַר דער עקזיסטענץ און דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג פון זיין אייגענער נאַציע און איז מסכּים אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלער פאַרברידערונג מיט אַלע אַנדערע פעלקער און זוכט דידאָזיקע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרברידערונג נאָר אונטער דעם תּנאַי, אַז דערפון זאָל נישט אַרויסוואַקסן קיין סכּנה פאַר דער עקזיס-טענץ און דער פרייער אַנטוויקלונג פון זיין אייגענעם פאָלק.

די יידישע אַרבעטערשאַפט אָבער, די קינדער פון אַן אָפּגעשטאַנענעם פאָלק, האַלט ערשט אין דעם אָנהויב פון יע-נעם טאָפּלטן פּראָצעס, וואָס דאַרף ראַדיקאַליזירן די פרומע אַרבעטער און נאַציאָנאַליזירן די ראַדיקאַלע.

מערץ—אַפּריל 1915.

# נאַציאָנאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם בײַ דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט

אין דעם אַרטיקל: „די אַרבעטער און דאָס פאָלק" האָבן מיר אָנגעמערקט, אַז בײַ די אײראָפּעאישע פעלקער איז געווען אַ צײַט, ווען אין זייער אַרבעטערשאַפט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַ טאָפּלטער פּראָצעס. פון איין זייט האָבן די פרומע און נאַציאָנאַליסטישע מאַסן זיך גענומען באַפרייען פון זייער רעליגיעזע און שאָוויניסטישע טראַדיציעס, נישט פאַרלירנדיק דערבײַ די איבערגעגעבנקייט צו די אינטערעסן פון זייער פאָלק. פון דער אַנדער זייט האָבן די עקסטרעם-רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן גענומען פאַרלירן דעם „נאַאיוון קאָסמאָפּאָליטיזם", וועלכן זיי האָבן געהאַט בירושה פון דער ראַדיקאַלער בורזשואַזיע, בלײַבנדיק דערבײַ טרײַ צו די אינטערעסן פון דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן פּראָגרעס. אויף אַזאַ אופן האָט די פּראָגרעסיווע אַרבעטערשאַפט אומעטום דערגרייכט יענע פּאָזיציע, וועלכע זי פאַרנעמט איצטער אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, — אַ פּאָזיציע, וואָס קאָן אָנגערופן ווערן „נאַציאָנאַל-ראַדיקאַל".

די ייִדישע אַרבעטערשאַפט, — האָבן מיר דאָרט ווײַטער באַמערקט איז, אַדאַנק דער אַלגעמיינער אָפּגעשטאַנענקייט פון דעם ייִדישן פאָלק, ערשט נישט לאַנג אַרײַן אין דער פאַזע פון יענע גײַסטעס־קאַמפן, וואָס פירן צו דעם זיג פון דעם נאַציאָנאַלן ראַדיקאַליזם.

דער, וואָס איז נאָר אַביסל באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק און מיט די געזעצן, וואָס הערשן אין זיין לעבן, וועט מוזן צוגעבן, אַז מיר דאַרפן זיך נישט חוג-דערן, ווען יענע גייסטעס-קאַמפן וועלן ביי אונז זיין באַזונ-דערס שטורעמדיק און דער אַנטגילטיקער זיג וועט קאָסטן אַ היפּשע סומע ענערגיע און צייט. שוין נישט רעדנדיק וועגן דעם פאַנאַטישן כאַראַקטער פון אונזער פאָלק, האָבן די באַזונ-דערע אומשטענדן פון דער יידישער געשיכטע און פון דעם יידישן לעבן געמוזט פירן דערצו, אַז אונזערע פרום-נאַציאָנאַ-לע עלעמענטן זאָלן זיין נאָך מער פאַרעקשנט אין זייער רע-ליגיעז-געפאַרבטן שאָוויניזם, איידער דיזעלביקע עלעמענטן ביי אַ וועלכן עס איז אַנדער פאָלק, און אַז אויך דער קאָסמאָפּאָ-ליטיזם זאָל זיך האַלטן ביי אונז מיט אַזאַ איינגעשפּאַרטקייט, ווי ערגעץ נישט אין דער וועלט.

דאָס לעבן אין גלות, אָן אַן אייגן לאַנד, וואָס האָלט פון זיך אַליין אויפגעהאַלטן די עקזיסטענץ פון דעם פאָלק, האָט געמוזט אויסאַרבעטן אַ שמירה פאַר דעם „קיום הלאום" אין דער פאָרם פון אַ ריין-נאַציאָנאַלער רעליגיע, מיט שאָווי-ניסטישע איבערנאַטירלעכע האָפענונגען. אין דער יידישער רע-ליגיע איז דער רעליגיעזער עלעמענט און דער נאַציאָנאַלער אַזוי ענג צונויפגעבונדן אינאיינעם, אַז עס דוכט זיך אויס, זיי קאָנען איינער אָן דעם אַנדערן נישט עקזיסטירן, און קוים לייקנט איר אָפּ דאָס „יידנטום", אַזוי ווערט איר אויך נאַציאָ-נאַל אויס ייד, און צוריק: קוים קאָנט איר זיך נישט אָפּרייסן פון אייער פאָלק, קוים זענט איר נישט מסכּים צו דערווערגן אין אייער ברוסט אייער נאַטירלעכע צוגעבונדנקייט צו אים, אַזוי מוזט איר היילִיק אָפּהיטן אַלע זיינע רעליגיעזע טראַ-דיציעס און שאָוויניסטישע האָפענונגען.

די פרום-נאַציאָנאַלע עלעמענטן פון דער יידישער אַרבעי-טערשאַפט מוזן דעריבער מער ציטערן פאַר יעדן פרייען גע-דאַנק, איידער דאָס האָבן געדאַרפט טאָן די קירכלעך-נאַציאָנאַ-

לע עלעמענטן פון אן אנדער פאלק. דער דייטשישער אדער דער פראנצויזישער ארבעטער, וואס האט שוין פון לאנג אן געוווּסט, אז די רעליגיע איז לחוד און די עקזיסטענץ פון זיין פאלק איז לחוד, האט נישט געדארפט מורא האבן, אז מיט דער צעשטערונג פון דעם רעליגיעזן גלויבן, וועט אויך צעשטערט ווערן יענער פונדאמענט, אויף וועלכן עס האלט זיך דער קיום פון זיין פאלק. דער פרומער יידישער ארבעטער אבער, וואס איז אינסטינקטיוו איבערגעגעבן צו די אינטערעסן פון זיין נאציע, וועט, אין זיין אומבאוווּסטן ציטער פאר דעם „קיום הלאום", זיך אינסטינקטיוו אנהאלטן אן דער יידישער רעליגיע און וועט הארטנעקיק קעמפן פאר יעדן שפאן פון איר שטה. אין דעם נאטירלעכן קאמף פאר זיין נאציאנאלער עקזיסטענץ וועט ער אנגעפירט ווערן פון באזונדערע אידעאלאגן, וואס וועלן, ווי א פאסטאר נאומאן אין דייטשלאנד, קונציק שפילן אויף די דריי סטרונעס פון דעם פרומען ארבעטערס נשמה: די טאג-טעגלעכע ארבעטער-אינטערעסן, די יידישע רעליגיע און דער שאוויניסטישער נאציאנאליזם.

די יידישע פרומע ארבעטערשאפט האט נאך דערווייל נישט אזעלכע אידעאלאגן און גייסטיקע פירער, ווייל אין אונזער אינטעליגענץ פעלן נאך די פובליציסטן, וואס זאלן זיין אי אייראפעאיש געבילדעט, אי באמת ארטאדאקס-פרום, אי ערנסט איבערגעגעבן צו די אינטערעסן פון דער ארבעטערשאפט, אי זאלן קאנען שרייבן יידיש.

נאר — זייט זיכער: זיי וועלן נאך קומען, די יידישע פאסטאר נאומאנס. זיי וועלן נאך קומען די מאדערנע, אייראפעאיש-געבילדעטע קעלמער מגידים, וואס וועלן ערנסט גלויבן אין זייערע פרומע רייד, וואס וועלן גיסן אמת-ברענענדיק פעך-און-שוועבל פון זייער הארץ אויף אלע פאזיציעס פון דעם יידישן ראדיקאלן געדאנק, און וועלן א לאנגע צייט זיין אן ערנסטע סכנה פאר דער פראגרעסיווער אנטוויקלונג פון אונזער פאלק.

און אַקוראַט אַזוי אײַנגעשפּאַרט, ווי די פרום-ייִדישע מאַסע איז אין איר רעליגיע, מוז אויך דער עקסטרעם-ראַדיקאַלער פליגל זײַן פאַרעקשנט אין דעם אַנטי-נאַציאָנאַלן, קאָסמאָפּאָליטישן גלויבן זײַנעם, ווידעראַמאָל מחמת ריין-ייִדישע אומשטענדן.

קודם איז דער ראַדיקאַלער ייִדישער אַרבעטער אַ פרײַדענקער, וואָס זעט די גאַנצע טומאָה פון דער מענטשלעכער רעאַקציע קאָנצענטרירט אין דעם רעליגיעזן גלויבן און וואָס באַטראַכט די ייִדישע רעליגיע פאַר דעם אַבי-אָבות הטומאָה, פאַר דעם ערגסטן פײַנט פון דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג. היות אָבער, ווי דער ייִדישער נאַציאָנאַלער געדאַנק איז געווען פאַרבונדן מיט דער ייִדישער רעליגיע, מוז ער זען אין אים, אין דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק, נישט מער, ווי דעם טרייען דינער פון זײַן בלוטיקסטן שונא, מיט וועלכן עס קאָן בשום אופן נישט געשלאָסן ווערן קיין שום שלום און קיין שום קאָמפּראָמיס. אויף אַלע פאַרזוכן פאַנאַנדערצושפּאַלטן די היסטאָרישע אידייען-פאַרבינדונג פון רעליגיע און נאַציע, — ווי דאָס איז געשען בײַ אַלע אַנדערע פּראָגרעסיווע פעלקער, — מוז ער קוקן, ווי אויף אַ באַשטרעבן צו פאַרבלענדן זײַן ראַדיקאַל-קלאָרן בליק און אַרײַנצושמוגלען אין זײַן האַרץ, אינאיינעם מיט דער ליבע צו דעם אייגענעם פאָלק, די דאָגמעס און די פאָרמען פון דעם אים פאַרהאַסטן רעליגיעזן גלויבן.

דערנאָך זעט ער, דער גלות-ייִד, נישט איין, אין וואָס עס זאָל זיך באמת אויסדריקן דאָס נאַציאָנאַלע זײַן פון דעם ייִדישן פאָלק און צוליב וואָס זאָלן מיר עס פאַרטיידיקן. אַז קיין אייגן לאַנד האָבן מיר נישט. און קיין באַלעבאַטים אויף דעם אייגענעם שיקזאַל קאָנען מיר אויך נישט זײַן. און אַז יעדער טאָג פון אונזער גאַנץ איבערפליסיקער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ איז פאַרבונדן פאַר אונז מיט אַזויפיל אומפאַרדינטע ליידן, מיט אַזויפיל באַרבאַרישע באַליידיקונגען און רדיפות. אַ מער, לאָמיר בעסער מיט אַלע אונזערע כחות קעמפן אַנט-

קענען יענע טענדענצן, וואָס זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר דער עקזיסטענץ פון פעלקער בכלל, און פאַר דעם „קיום הלאום“ פון דעם יידישן פאָלק בפרט.

די צוויי טעמים ווערן פאַרשטאַרקט נאָך דורך אַ דריטן מאָמענט, וואָס מאַכט דעם קאָסמאָפּאָליטיזם ביי דער יידישער ראַדיקאַלער אַרבעטערשאַפט אַ סך האַרטנעקיקער, איידער ביי דער אַרבעטערשאַפט פון אַ וועלכן עס איז אַנדער פאָלק.

שוין די טעאָרעטיקער פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן גאַנץ קלאָר אַרויסגעבראַכט די אינעווייניקסטע שייכות, וואָס עקזיסטירט צווישן די דריי פּרינציפּיעלע שטעלונגען צו דעם נאַציאָנאַלן פּראָבלעם און די דריי הויפּט־קלאַסן, אין וועלכע עס איז פאַנאַנדערגעטיילט די איצטיקע געזעלשאַפט. דער נאַציאָנאַלער שאָוויניזם, האָבן זיי געלערנט, איז דער אידעאַל פון דעם פּריצישן, „יונקערשן“ קלאַס, וואָס טראַכט נאָר וועגן דער גרויס און דעם רום פון זיין פאָטערלאַנד, וועמען ער דינט מיט זיין שווערד און ווער חיל דערפאַר האָבן די ערשטע דעה אין דער פּאָליטיק. דער קאָסמאָפּאָליטיזם איז דער אַני־מאַמין פון דעם ליבעראַלן, סוחרישן און אינדוסטריעלן קלאַס, וועמען דער „וועלט־מאַרק“ האָט אַריינגעבלאָזן אין דער נשמה די אידייען פון דעם „וועלט־בירגערטום“, און דער אינטערנאַציאָנאַליזם (אָדער ווי איך רוף אים דאָ אָן דער „נאַציאָנאַלער ראַדיקאַליזם“) איז דער אויסדרוק פון דעם סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס קעמפט פאַר דער פאַרברידערונג פון אַלע פעלקער צו איין מענטשלעכער משפחה, ווו איין ברודער זאָל נישט ווערן נאַציאָנאַל איינגעשלונגען פון דעם אַנדערן ברודער.

אָס די באמת שיינע טעאָריע איז אין די זעכציקער יאָרן געווען אַ טרייע קאָפּיע פון דער ווירקלעכקייט. איצטער אָבער האָט זיך פיל געענדערט אין דער לאַגע און אין דער פּסיכאָ־

לאָגיע פון די דריי הויפּט-קלאַסן, און זי מוז אין אַ סך פּונקטן רעווידירט ווערן.

דער אינדוסטריעלער קלאַס און אַ טייל פון דער סוחרי-שער וועלט זענען איצט געוואָרן נישט נאָר אויס קאָסמאָפּאָ-ליטן, נאָר אין אַ סך פּונקטן נאָך שאָוויניסטישער, איידער די פעאָדאַלע פּריצים. אָבער בנוגע צו דעם פאַרמיטלענדיקן וועלט-האַנדל איז נאָך עד היום ריכטיק, אַז די קלאַסן, וואָס באַשעפ-טיקן זיך מיט אים, האָבן על פּי טבע אַ שטאַרקע נייגונג צום קאָסמאָפּאָליטיזם. דערהויפּט די י י ד י ש ע האַנדלס-וועלט, מיט אירע באַטאַליאָנען פון באַנקירן, געלט-וועקסלער און האַנדלס-רייזנדע, וואָס שניידן דורך די וועלט אין אַלע אירע ריכטונגען אַזוי, אַז ביי וועלכן פאָלק געטאָגט, ביי דעם נישט גענעכטיקט. זיי זענען בחוש, אַז דער „ד י י ט ש" ראָטשילד פון פראַנקפורט און דער „ע נ ג ל ע נ ד ע ר" ראָטשילד פון לאָנדאָן און דער „פ ר אַ נ צ ו י ז" ראָטשילד פון פּאַריז זע-נען מענטשן פון אַבסאָלוט-דעמזעלביקן מין, און קומען צו דעם רעזולטאַט, אַז די פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע אייגנטימלעכ-קייטן פון די פעלקער האָבן נישט מער ממשות, איידער די פאַרשיידנקייטן פון דעם קורס-צעטל, און אַז זיי קאָנען אײנע אויף די אַנדערע אויסגעביטן ווערן אַקוראַט אַזוי לייכט, ווי לייכט מען קאָן אויסבייטן דייטשישע טאָלערס אויף ענגלישע שילינגס און ענגלישע שילינגס אויף פראַנצויזישע פראַנקן.

דאָס יידישע פאָלק איז אין זיין גרעסטער מאַיאָריטעט אומעטום געווען אַ האַנדלס-פאָלק. אין זיין גייסטיקער וועלט, דערהויפּט אין דער פּראָגרעסיווער, — מוזן דעריבער בליען נישט לפי ערך מער קאָסמאָפּאָליטישע בלומען, איידער ערגעץ-ווו אַנדערש. זייער וואָרצל איז דער מקח-וממכר-גייסט, דער קורס-צעטל-גייסט, ווען אפילו די בלומען אַליין קאָנען אַרויס-געבן פון זיך די איידלסטע ראָמאַנטישע ריחות.

נאָר — ווי שטאַרק עס זאָל נישט זיין יענע ריין-יידי-שע אומשטענדן, וואָס מאַכן אַזוי פערעקשנט דעם פרומען

יידישן ארבעטער אין זיין פרומקייט און דעם ראַדיקאַל אין זיין קאָסמאָפּאָליטיזם, — איבער זיי, איבער אַלעמען איז דאָ אַן אויבער-האַר, וואָס איז זיי אַלעמען גובר: די געזעצן פון דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן פּראָגרעס. ער, דער פּראָגרעס, פאַר-לאַנגט, אַז די ארבעטערשאַפט זאָל אויספירן זיינע באַפעלן ביי אַלע פעלקער, און זי וועט דאָס מוזן טאָן אויך ביי דעם יידישן פאָלק. ער צווינגט ארויף אויף יעדער ארבעטערשאַפט דעם קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ פון דעם פאָלק, — דאָרטן, ווו זי שטייט אין סכנה, — און פאַר פרייער אַנט-וויקלונג פון דעם פאָלק דאָרטן, ווו עס ווערן געמאַכט שטע-רונגען אין איר וועג.

אויך די יידישע ארבעטערשאַפט וועט מוזן אונטערשטעלן אירע אַקסלן אונטער דערזעלביקער אויפגאַבע — צו ווערן דער פירער פון דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן פּראָגרעס ביי דעם אייגענעם פאָלק. און צוליב דעם רופט דער פּראָגרעס ארויס ביי דער יידישער ארבעטערשאַפט, — ווי ער האָט דאָס גע-טאָן אומעטום, — די טאָפּלטע טענדענץ: דאָס שטרעבן פון דעם פרומען ארבעטער צו ווערן ראַדיקאַל און דאָס שטרעבן פון דעם ראַדיקאַלן ארבעטער צו ווערן נאַציאָנאַל.

# די יידישע אַרבעטער-אָרדנס

# די יידישע אַרבעטער=אָרדנס

די צוויי וויכטיקע פּראָצעסן, וואָס קומען איצט פאָר ביי דער יידישער אַרבעטערשאַפט, — די ראַדיקאַליזירונג פון דעם [illegible]רום-נאַציאָנאַלן אַרבעטער און די נאַציאָנאַליזירונג פון דעם ראַדיקאַל-אַסימילאַטאָרישן, — שפּילן זיך ערגעץ נישט אָפּ אַזוי בולט, ווי אין די אַרבעטער-אָרדנס: דער עיקר דעם „אַרבעטער-רינג" און דעם „נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד".

אין פלוג קאָן איינעם אויסקומען קשה: וואָס עפּעס זאָלן גראָד יענע אָרגאַניזאַציעס זיין דער שלאַכט-פעלד פאַר די גייסטיקע קאַמפן פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט?

די ביידע אָרגאַניזאַציעס זענען דאָך נישט מער ווי געוויינלעכע „אָרדנס" אָדער „לאָזשעס", וואָס „שווימלען און גריבלען" אין אַמעריקע סיי ביי יידן, סיי ביי גוים; נישט מער ווי די צאָלרייכע „קראַנקן-און-שטערבע-קאַסעס", וואָס געפינען זיך אומעטום, וו עס איז דאָ אַ מאָדערנע אַרבעטער-באַוועגונג; אין תוך אַריין נישט קיין אַנדער זאַך, ווי די „חברה קדישאס" און „בקור חולימס" פון די אַלטע יידישע שטעט און שטעטלעך: וואָס איז זייער אַלעמענס צוועק, אויב נישט מקיים צו זיין די מצוה פון העלפן איינעם אין פאַל פון קראַנקהייט אָדער טויט? הייַנט פאַרוואָס זאָלן גראָד די „חברה-קדישאס" און „בקור חולימס" זיין באַזונדערס פאַרבונדן מיט די גרויסע פּראָבלעמען פון דעם יידישן לעבן?

לאָגיש זענען זיי טאַקע נישט פאַרבונדן. לאָגיש איז נישטאָ קיין בריקל סמיכת הפרשה צווישן זעקס דאָלאַר אַ וואָך

קראַנקן-געבעטס און דעם „קיום הלאום“; אפילו נישט צווישן די פיר איילן קרקע אויף אַ קבר און דעם נאַציאָנאַלן טויט פון דעם יידישן פאָלק. אָבער היסטאָריש האָט זיך עס געמאַכט, אַז קיין אַנדער אָרגאַניזאַציע, אַ חוץ דער „קראַנקן-און-שטערבע-קאַסע“, האָט נישט געקאָנט ווערן דער פלאַץ, ווו דער יידישער אַרבעטער זאָל קעמפן זיין קאַמף פאַר פראָגרעס.

דער פאַקט איז, אַז דיביידע אַרבעטער-אָרדנס, — דער „אַרבעטער-רינג“ און דער „נאַציאָנאַלער אַרבעטער-פאַרבאַנד“ האָבן אין זייערע קאָנסטיטוציעס אַריינגענומען אַ פונקט, וואָס האָט גאָר אַ קנאַפּע שייכות צו די אויפגאַבן פון אַ „חברה-קדישא“ און אַ „בקור-חולים“, — דעם פונקט פון בילדונג, אויפקלערן, קולטור-אַרבעט.

דערמיט האָבן זיי אַריבערגעשריטן די גרענעצן פון אַ געווינלעכער „קראַנקן-און-שטערבע-קאַסע“ און זענען אַרויסגעטרעטן אויף דעם וועג פון אַן עפנטלעכער טעטיקייט, וואָס איז איינע פון די וויכטיקסטע פאַר דאָס גאַנצע לעבן פון אונזער פאָלק: די קולטור - טעטיקייט איז דאָס פעלד, ווו עס שטויסן זיך צונויף, ברוסט אַנטקעגן ברוסט, דאָס אַלטע און אָפגעלעבטע מיט דעם נייעם און פּראָגרעסיוון.

שוין יענע ענטוזיאַסטישע, ראַדיקאַלע יונגע לייט, וואָס האָבן, מיט אַ יאָר צוואַנציק אָדער מער צוריק, אָוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט צו דעם באמת מעכטיקן געביי, וואָס רופט זיך דער „אַרבעטער-רינג“, האָבן זיך נישט געוואָלט באַנוגענען מיט די ריין-מאַטעריעלע אויפגאַבן פון זעלבסט-הילף. זיי האָבן געוואָלט, אַז דער יידישער אַרבעטער-אָרדן זאָל ווערן דער טרעגער פון דעם פרייען געדאַנק ביי אונזער פאָלק, די פאַרטרעטער-טרייבנדיקע ראַדיקאַלע מאַכט אין דער יידישער גאַס, דער פייער-זייל, וואָס זאָל פאַרטרייבן די פינסטערניש פון די מוחות, וואָס זאָל אויסברענען דאָס שימל אין דעם יידישן לעבן און באַלויכטן דעם וועג צו אַ בעסערער צוקונפט.

דאָס איז דיזעלביקע גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבע,

וועלכע ווערט דורכגעפירט פון יעדן פאָלק ביי דער מענטשהייט, — דער קאַמף פון פּראָגרעס אַנטקעגן פאַרגליווערטקייט און זומפּ, — דער קאַמף פון פּראָגרעס, אין וועלכן די אַרבעטער נעמען אומעטום אַזאַ גרויסן און וואָגיקן אַנטייל. ביי אונז אָבער האָט יענע גרויסע אויפגאַבע געמוזט אַרויספאַלן גאָר אויף די אַקסלען פון דער אַרבעטערשאַפט און קיין אַנדער אָרגאַניזאַציע האָט נישט געקאָנט פאַסן דערצו, ווי גאָר אַ קראַנקן-קאַסע.

עס איז נישט שווער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דאָס האָט געמוזט זיין אַזוי.

ביי די אומות-העולם בלייבט די פּראָגרעסיווע בורזשואַזיע און די ראַדיקאַלע אינטעליגענץ אין דער היים. דער ליבעראַלער פאַבריקאַנט און סוחר, דער פריגעזאָנענער פּראָפעסאָר, שרייבער, קינסטלער, לערער און פריידיקער נעמען אויף זיך די אויפגאַבע צו קעמפן דעם היסטאָרישן קאַמף פאַר פּראָגרעס, אויפצודעקן דעם שווינדל פון דער קירכע און האַלטן אין צוים די שטאַאַטלעכע מאַכט פון די פּריצים. זיי זענען אומעטום פאַראינטערעסירט אין פאָלקס-שולן, גימנאַזיעס, אוניווערזיטעטן, קונסט-מוזעאומס, וויטער-בילדונגס-קורסן פאַר די מאַסן, עפנטלעכע ביבליאָטעקן און לעזע-האַלעס. די ראַדיקאַלע אַרבעטערשאַפט און די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ נוצן אויס די אַלע קוואַלן פון בילדונג און פּראָגרעסיווער קולטור און קריטיקירן די פרייגעזאָנענע קלאַסן, אויף וויפל זיי בלייבן שטיין אויפן מיטן וועג, אויף וויפל זיי בלייבן שטעקן אין די גרענעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט-אַנשויאונג.

ביי אונז גייט דער ליבעראַלער סוחר און דער ראַדיקאַלער אינטעליגענט אַוועק פון דער יידישער גאַס. דער קאַמף פאַר פּראָגרעס קעמפט ער אויף אַן אַנדער פעלד, וואָס ער האַלט פאַר וויכטיקער, איידער דאָס יידישע, אָדער פאַר באַקוועמער צוליב פערזענלעכע אורזאַכן. די בורזשואַזיע, וואָס בלייבט אין דער היים, איז דאָס רוב רעאַקציאָנער און גייט

האָט אין האַנט מיט אַלע אָפּגעלעבטע כחות פון דעם יידישן פאָלק. די אַרמײ פון פּראָגרעס מוז זיך דעריבער ביי אונז רעקרוטירן נאָר פון די פאָלקס-מאַסן, מיט דער פּראָגרעסיווער אַרבעטערשאַפט בראש, און פון יענעם קליינעם הייפעלע געבילדעטע מענטשן, וואָס זענען געצווונגען אָדער ווייליק צו בלייבן מיט די פאָלקס-מאַסן אין דעם יידישן קוואַרטאַל.

און אויך דאָס קאָן לייכט קלאָר געמאַכט ווערן, פאַרוואָס דוקא די אָרדנס און נישט די יידישע געווערקשאַפטן און נישט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָבן געמוזט ווערן דער באַזיס פאַר דעם אַלגעמיין פּראָגרעסיוון קאַמף אין דעם יידישן לעבן.

לאָמיר פריער נישט פאַרגעסן דעם גרויסן חילוק צווישן אונזער פּראָגרעסיוון קאַמף און דעם קאַמף פון די פרייגעזאָנענע עלעמענטן ביי די אומות העולם. די פרייגעזאָנענע עלעמענטן פון די אומות האָבן געדאַרפט קעמפן, — ווי זיי דאַרפן דאָס נאָך איצטער טאָן, — דער עיקר פאַר דער פ א ר ש פ ר ײ ט ו נ ג פון דעם פרייען ג ע ד א נ ק. אונזער אַרבעטערשאַפט האָט אין אָנהויב געדאַרפט קעמפן, — און איז נאָך איצטער נישט גאַנץ פריי פון דעם קאַמף, — נישט נאָר פאַר דעם פרייען געדאַנק, נאָר אויך פאַר אַ פריי ל ע ב ן.

ביי די אומות העולם שיידט זיך דאָס לעבן פון די פרייגעזאָנענע נישט זייער שטאַרק אָפּ פון די פרומע, און די אפּיטרופּסות פון דער רעליגיע איבער דאָס לעבן פון די מאַסן איז שוין דאָרטן געבראָכן פון לאַנג אָן. ווארפט מען אַראָפּ די קירך, אין וועלכער קיינער איז נישט געצווונגען צו גייןדערהויפּט אין די ציוויליזירטע לענדער, — בלייבן נאָך אַ פּאָר רעליגיעזע צערעמאָניעס ביי דער געבורט, דער חתונה און דעם טויט. וואָס אין זיי דריקט זיך אויס דער חילוק צווישן דעם פריידענקער און דעם פרומען, און די מאָדערנע מלוכה גיט דעם פריידענקער די מעגלעכקייט אינגאַנצן אויסצוקומען אָן דער הילף פון די רעליגיעזע אינסטיטוציעס.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס געווען אויף דער יידישער גאַס, ווען די רעליגיעזע אַפּיקורסות האָט געהערשט ביד חזקה. דאָס יידישע לעבן פון די מאַסן איז געווען אַרומגענומען פון ווי-געלע ביזן קבר מיט אַ געדיכטער נעץ פון מצוות, עבירות און מנהגים, און דער יידישער פרײדענקער האָט געדאַרפט ביטער זיך ראַנגלען נישט נאָר פאַר דאָס רעכט צו האָבן זיין אייגענע מיינונג וועגן די אַלע תרי״ג קניפּלעך, מיט וועלכע מען האָט אַרומגעשנורט זיין גאַנצן לעבן, נאָר אויך פאַר דאָס רעכט אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די גאַנצע נעץ, און נישט נאָר דענקען פריי, נאָר אויך לעבן נאָך דעם אייגענעם שכל און יושר. דאָס האָט געפאָדערט אַ שטענדיקע אָרגאַניזאַציע פון אַלע פרײדענקער, וועס זאָלן פירן אַ געמיינזאַמען אַרט פרייען לעבן, און נישט די געווערקשאַפט, נישט די פּאַרטיי האָט נישט געטויגט פאַר יענעם ציל.

די געווערקשאַפט נישט, ווייל איר הויפּט-אויפגאַבע איז דער קאַמף אַנטקעגן דעם קאַפּיטאַליסט פאַר דער פאַרבעסערונג פון דעם אַרבעטערס עקאָנאָמישער לאַגע. זי קאָן און טאָר זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס אַרויסצוּוואַרפן פון דער עקאָנאָמישער אַרמיי יענע ברידער-אַרבעטער, וואָס זענען נאָך אין זייערע געדאַנקען צוגעבונדן צו דעם אַלטן יידישן גלויבן און ווילן פירן אַ לעבן, ווי זייערע טאַטעס און זיידעס האָבן געפירט. פון דער אַנדערער זייט קאָן געהערן צו דער געווערק-שאַפט נאָר אַן אַרבעטער, און נאָר פון דער בראַנזשע, וואָס איז אָרגאַניזירט, און נאָר פון אַ יוניאָן, וואָס האָט כחות צו לעבן. די פרײדענקער-אַרמיי נעמט אָבער אַריין אין זיך מענטשן, וואָס קאָנען סימפּאַטיזירן מיט דעם אַרבעטער, ווען אפילו זיי אַליין זענען נישט פאַרמשפּט צו פאַרקויפן זייערע הענט אָדער זייער מאַרך צו אַ פרעמדן באַלעבאָס, און זי נעמט אַרום אַרבעטער פון אַלערליי מינים, אויך פון די, וואָס קאָנען זיך לעת עתה נאָך נישט אָרגאַניזירן, אָדער וואָס האָבן קיין כחות נישט אויסצוהאַלטן די פאָדערונגען פון אַ געווערקשאַפט.

אָבער אויך די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט נישט געקאָנט נעמען אויף זיך די אָרגאַניזאַציע פון דעם יידישן ראַדיקאַלן פריידענקערטום, פשוט דערפאַר, וואָס ביי אונז איז נישטאָ קיין אייגענע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס זאָל זיך באַשעפטיקן מיט די אינעווייניקסטע אָנגעלעגנהייטן פון דעם יידישן לעבן. די הערשנדיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי צווישן יידן איז נישט מער ווי אַ באַטאַליאָן אין דער אַלגעמיין-אַמעריקאַנישער אַרמיי, וואָס מוז אָנווענדן איר גאַנצע קראַפט אויף דעם פּאָליטישן קאַמף אַנטקעגן דער רעגירונג. אַ חוץ דעם האָט די יידישע אַרבעטערשאַפט אין יענער צייט געפונען פאַר זיך נישט איין פּאַרטיי, נאָר עטלעכע סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע ריכטונגען, וועלכע האָבן געפירט אַן אינערלעכן אידייען-קאַמף צווישן זיך און פאַנאַנדערגעשפּאָלטן די אָנהענגער אין פאַרשיידענע גרופּן, לויט זייערע פאַרשיידענע פּאָליטישע אידעאַלן.

די אויפגאַבן צו פ אַ ר אײ נ י ק ן אַלע פריידענקער פון אַלע פּאָליטישע שאַטירונגען אין אַ געמיינזאַמען קאַמף אַנטקעגן דער אַלטער יידישער וועלט האָט געמוזט דעריבער באַשאַפן פאַר זיך אַ גאַנץ נייע אָרגאַניזאַציע. נישט דער עקאָנאָמישער קאַמף פון דער אַרבעטער-נויט אַנטקעגן דעם באַלעבאָס און נישט דער פּאָליטישער קאַמף פון דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל אַנטקעגן דער רעגירונג, נאָר די עקאָנאָמישע זעלבסטהילף פאַר די צייטן פון אַלגעמיין-מענטשלעכער לעבנס-נויט האָט געמוזט ווערן דער מאַטעריעלער באַזיס, אויף וועלכן עס האָט באַדאַרפט אויפגעבויט ווערן דער טעמפּל פון דעם פרייען געדאַנק און דעם פרייען לעבן.

דער „אַרבעטער-רינג" איז אין אָנהויב געווען אַ ריין אַסימילאַטאָרישער, ראַדיקאַלער אָרדן, וואָס האָט אַ לאַנגע צייט אָפּגעשטויסן פון זיך די אָנגעוואַקסענע, יונגע, נאַציאָנאַל-ראַדיקאַלע כחות, וועלכע זענען דאָס רוב אַריבערגעקומען אַהער אין די „צעטע צען יאָר.

אָבער ווען די יונגע כחות האָבן זיך אַביסל איינגעלעבט אין לאַנד, ווען פאַר זיי איז קלאָר געוואָרן די נויטווענדיקייט צו לאָזן וואָרצלען אין דער יידישער אַרבעטער-מאַסע, האָבן זיי אויך קיין אַנדער וועג נישט געפונען פאַר זיך, ווי איינצופונדעווען זיך אויף דעם יסוד פון דערוועלביקער עקאָנאָמישער זעלבסטהילף.

די „סאָציאַליסטן-טעריטאָריאַליסטן" גייען אַריין אין דעם „אַרבעטער-רינג" און בילדן דאָרט זעלבשטענדיקע „בראַנטשעס". די „פועלי-ציון" האָבן איינצלנע אָנהענגער אין דעמזעלביקן אַרבעטער-רינג, אָבער אין זייער מאַסע באַשאַפן זיי אַן אייגענעם אַרבעטער-אָרדן, דעם „נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד", וואָס ציילט שוין עטלעכע טויזנט מיטגלידער. די יידישיסטישע „גלות-נאַציאָנאַליסטן", וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום „דאָס נייע לעבן", געהערן אַריין אַ טייל אין דעם „אַרבעטער-רינג", אַ טייל אין דעם „פאַרבאַנד".

פאַר זיי, פאַר אַלעמען איז די באַשטימטע עקאָנאָמישע זעלבסטהילף נישט מער, ווי אַ פונדאַמענט פאַר אַ וויכטיקערן געביי, אַ נויטווענדיקער באַדינג פאַר דער נאַציאָנאַל-ראַדיקאַלער טעטיקייט צווישן די אַרבעטער.

אָט פאַרוואָס די יידישע אַרבעטער-אָרדנס מוזן צוציען צו זיך די פולע אויפמערקזאַמקייט פון יעדן יידישן טוער, וואָס איז פאַראינטערעסירט אין דעם פּראָגרעס פון זיין פאָלק.

אפריל 1915.

# דער אַרבעטער-רינג

אויף איינער פון די „קאָנווענשאַנס" פון דעם „אַרבע־טער-רינג" האָט הער אַב. קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פונם „פאָרווערטס", אמאָל אין אַ באַגריסונגס-רעדע אַרויסגעבראַכט זייער אַ ריכטיקן געדאַנק וועגן דעם אויפטו, וואָס דער „רינג" האָט אויפגעטאָן פאַר דער יידישער אַרבעטערשאַפט. דער „אַר־בעטער-רינג", האָט ער געזאָגט, האָט באַשאַפן דאָ אין אַמע־ריקע אַ ה י י ם פאַר דעם פאַרוואָגלטן, פאַריתומטן יידישן אַרבעטער, און דערפאַר איז ער אַזאַ מיוחס.

דאָס איז אַ טיף-אמתער געדאַנק, און איך בין שטאַרק מסופק, צי די צוהערער און רעדנער אַליין האָבן פאַרשטאַנען די גאַנצע וויכטיקייט פון דעם פאַקט, אויף וועלכן ער האָט אָנגעוויזן, און דעם גאַנצן טיפן זין, וואָס ליגט איינגעוויקלט אין אים.

דער יידישער אַרבעטער איז געקומען פון דער היים אין אַ פרעמדן לאַנד, און האָט זיך געפילט פאַרוואָגלט און פאַר־יתומט. אָבער, — ווי שטימט דאָס מיט יענעם פסוק פון תנ"ך, — פאַרדאָן! — פון דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט", — וואָס זאָגט בפירוש, אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט נישט קיין פאָטער־לאַנד און אַז ממילא איז, בנוגע צו אים, נישט שייך איינצו־טיילן די לענדער אין אייגענע און פרעמדע? מיט וואָס זענען רוסלאַנד, גאַליציע און רומעניע געווען זיין „היים" און מיט וואָס איז אַמעריקע פאַר אים אין דער פרעמד? ווו עס איז דאָ אַ מאַרק פאַר דער אַרבעטס-קראַפט און אַ פלאַץ פאַר זיין

קלאַסן-קאַמף, דאָרטן איז דעם אַרבעטערס היים, ווי קומט דאָס אַז ער זאָל זיך ערגעץ-ווו פילן פאַרוואָגלט און פאַריתומט?

און אַז שוין פאַריתומט, און אַז אַ קראַנקן-קאַסע קאָן שוין באַשאַפן אַ היים: ווי קומט דאָס, וואָס דער יידישער אַרבעטער האָט געזוכט און געפונען זיין היים צווישן יידישע אַרבעטער און נישט צווישן אַמעריקאַנער? ווייניק קראַנקן-קאַסעס, „לאָדזשעס״, „סאָסייעטיס״ און „קלאָבס״ זענען דאָ אין לאַנד, אין וועלכע דער אַמעריקאַנער אַרבעטער איז אָרגאַניזירט, וואָס דער ייד איז געצוואונגען געווען אויף זיינע „אויפגעקלערטע״, „קאָסמאָפּאָליטישע״ יאָרן גאָר אָנהויבן „מאַכן שבת פאַר זיך״? אָדער זענען די אָרעמס פון דעם אַמעריקאַנישן ברודער נישט געווען ברייט גענוג, ער זאָל מיט זיי קאָנען ברידערלעך אַרומנעמען אויך דעם יידן? פאַרוואָס?

איך קען דעם תירוץ, וועלכן מען גיט אויף דעם פאַרוואָס: דאָ האָבן מיר, חלילה, נישט צו זוכן קיין נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן צווישן פאָלק און פאָלק און נאָך ווייניקער דאַרף מען דאָ טראַכטן וועגן אַנטיסעמיטיזם. הס מלהזכיר! ווי קומען נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן צווישן אַרבעטער! ווו האָט איר ווען געזען, אַז אַ גויאישער אַרבעטער זאָל, להבדיל ווי אַ בורזשוי, ליידן אויף דער מחלה פון אַנטיסעמיטיזם!

דערקלערן דערקלערט עס זיך גאָר דורך דעם, וואָס דער אַמעריקאַנער אַרבעטער האָט, צו קיין גנאי זאָל אים נישט זיין, פיינט אַ „ג ר י נ ע ם״, נאָר וואָס אַריבערגעקומענעם, נאָך נישט „יענקיזירטן״; רופט ער דערפאַר דעם ייד „שיני״ און דעם איטאַליענער „גיני״ און די אַנדערע מיט אַנדערע פּאַסנדיקע נעמען. קוים אָבער זענט איר אויסגעגרינט און יענקיזירט, האָט איר שוין אַליין אַ רעכט צו לאַכן פון דעם „שיני״ און דעם „גיני״, און איר ווערט מיט דעם אַמעריקאַנער אַרבעטער אַ גאַנצער „שמעלקע שבשמעלקע״.

הייסט עס, אַז די אייגענע יידישע היים, וועלכע דער „אַרבעטער-רינג״ האָט באַשאַפן, איז נויטיק נאָר אויף דער-

ווייל, ביז דער יידישער ארבעטער וועט „באַ[illegible]קעט“ ווערן מיט דעם אַמעריקאַנער.

גוט, לאָז זיין אזוי. וואַקסט אָבער אַרויס אַן אַנדער שאלה, אָדער ריכטיקער: אַ גאַנץ פּעקל שאלות.

פון רוסלאַנד זענען געקומען אַהער נישט נאָר „גרינע“ יידן, נאָר אויך „גרינע“ פּאָלאַקן, ליטאָווצעס, פינלענדער, לאַטישן און מסתמא נאָך פון אַנדערע אומות, וואָס וווינען אין יענעם לאַנד. פון עסטרייך האָבן זיך אַריבערגעפּעקלט אַהער חידעראמאָל נישט נאָר יידן, נאָר אויך פּאָלאַקן, טשעכן, רוטע-נער, סלאָוואַקן און אַנדערע. פון רומעניע, נעם איך אָן, זע-נען אויך דאָ אין לאַנד נישט נאָר יידישע „גרינע“.

ווי קומט דאָס, וואָס די „גרינע“ יידן פון רוסלאַנד האָבן זיך נישט „צונויפגעשמעלקעט“ מיט די „גרינע“ פּאָלאַקן פון יענעם לאַנד און מיט אַלע איבעריקע „גרינע“ לאַנדסלייט, כּדי אינאיינעם צו בויען אַ דערוויילִיקע היים, ביז זיי וועלן זיך דאָ „אויסגרינען“? ווי קומט דאָס, וואָס די גאַלי-ציאַנער יידן האָבן דאָס נישט געטאָן אינאיינעם מיט די פּאַר-טרעטער פון אַלע אַנדערע עסטרייכישע פעלקער און די רומענישע יידן האָבן זיך צו דעמזעלביקן ציל נישט צונויפגע-גאָסן מיט די רומענער?

פאַרוואָס זענען די רוסישע יידן, די גאַליציאַנער יידן, די רומענישע יידן, קינדער פון פאַרשיידענע לענדער און מדינות, זיך צונויפגעלאָפן אינאיינעם, כּדי צו בויען אַן אייגע-נע היים און גאָרנישט אַ טראַכט טאָן וועגן די איבעריקע „גרינע“ אַרבעטער-ברידער פון זייערע רעספּעקטיווע לענדער? אָדער איז דער פאַקט פון „זיין אַ ייד“ סאָציאָלאָגיש אַ שטאַר-קערער פאַקט, איידער דאָס „זיין אַ רוסלענדער“, „אַן עסטריי-כישער“, „אַ רומענישער“? איז די באַהעפטונגס-קראַפט, וואָס ציט-צו אַ יידן צו אַ יידן, — פון וועלכן לאַנד ער זאָל נישט שטאַמען, — אַ סך אַן אינטענסיווערע מאַכט, איידער די באַהעפטונגס-קראַפט, וואָס פאַרבינדט אַ גאַליציאַנער יידן מיט

אַ גאַליציאַנער פּאָלאַק? רעכנט זיך דאָס לעבן מיט דעם נאַציאָנאַלן מאַגנעטיזם אַ סך מער, איידער מיט דעם מאַגנעטיזם פון אַ בשותפותן לאַנד, פון אַ בשותפותער מדינה? פאַרוואָס לויפן דאָ די פעלקער, — נישט נאָר די יידן, — צו זייערע פאָלקס־לייט און נישט צו זייערע לאַנדס־לייט, ריכטיקער צו זייערע „שטאַאַטס־גענאָסן”? פאַרוואָס זענען אין די פוילישע קראַנקן־קאַסעס, וואָס זענען דאָ אין לאַנד נאָך אַ סך מעכטיקער, איידער די יידישע, נישטאָ קיין יידן?

אויף די שאלות קאָן געגעבן ווערן נאָר איין תירוץ:

עס איז נישט אמת, וואָס מען וויל איינשמועסן די אַרבעטער פון אַ וועלכן עס איז פאָלק, אַז זיי זענען נאָר אַ טייל פון דעם איין־איינציקן אַלוועלטלעכן אַרבעטער־קלאַס. זיי זענען נישט נאָר אַ טייל פון דעם אַרבעטער־קלאַס, נאָר אויך אַ טייל פון אַ באַשטימטן פאָלק.

דער אמת איז, אַז די איצטיקע מענטשהייט, — וואָס עס זאָל נישט זיין איר צוקונפטיקער צושטאַנד אין תרפ״ט אַלפין־יאָר אַרום, — איז צעטיילט אין דער ברייט אין קלאַסען, וואָס ליגן איינער אויף דעם אַנדערן און אַלע דריקן דעם נידעריקסטן, דעם פּראָלעטאַריאַט. זי איז אָבער אויך צעטיילט אין דער לענג, אין פעלקער, וואָס שטייען דאָס רוב איינער לעבן דעם אַנדערן, פון וועלכע נאָר אייניקע זענען אויסגעקרימט געוואָרן אזוי, אַז איין פאָלק דריקט אויף דעם אַנדערן.

די ברייט־פּאַסן פון דער מענטשהייט, — איר קלאַסן־איינטיילונג, — וועלן אָנהאַלטן אזוי לאַנג, ביז דעם פּראָלעטאַריערס רוקן וועט זיין וויליק זיי צו טראָגן. קוים וועט זיך יענער פיל־געדולדיקער רוקן דאָך אַמאָל אויסגלייכן, וועט ער זיי אַלע אַראָפּוואַרפן פון זיך און די קלאַסן־איינטיילונג פון דער מענטשהייט וועט פאַרשווינדן.

מיט דער אויסגלייכונג פון יענעם רוקן וועלן אויך

פאַרשווינדן די אויסגעקרימטע לענג-פאַסן. עס וועט זיין אַ סוף צו דער הערשאַפט פון איין פאָלק איבער אַן אַנדערן. אַלע לענג-פאַסן וועלן זיך אויסגלייכן, וועלן בלייבן שטיין איינער לעבן דעם אַנדערן און העלן גלייך וואַקסן אין הימל אַריין.

פשוטער גערעדט: מיט דעם טריאומף פון דעם סאָציאַליזם, מיט דער דורכפירונג פון גלייכע באַדינגונגען פאַר עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג פאַר אַלע גרופּן פון דער מענטשהייט, וועט אויפהערן יענער איבערוואָג, וואָס איין פאָלק האָט איצטער איבער דעם אַנדערן, יענע איינשלינגעניש און אַסימילאַציע, יענע פעלקער-פרעסעריי, וואָס קומט נאָך איצטער פאָר. די ברידערשאַפט פון פעלקער וועט געבן יעדן פאָלק די מעגלעכקייט, פריי אויסצולעבן דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן פּראָגרעס פין יענעם נאַציאָנאַלן פאַסאָן, וואָס איז בעסער צוגעפּאַסט צו דער נאַטור פון יעדן פאָלק.

ביז צו יענער צייט אָבער, כּל זמן די מענטשהייט איז איינגעטיילט אי אין דער ברייט (אין קלאַסן), אי אין דער לענג (אין פעלקער), מוז יעדער קלאַס זיין אַ טייל פון זיין קלאַס, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַלע אַנדערע קלאַסן-טיילן פון זיין לענג-שניט. און אַלע היסטאָרישע באַוועגונגען פון אַ וועלכן עס איז באַשטימטן קלאַס מוזן אַלעמאָל זיין דיקטירט פון יענע צוויי שטרעמונגען, וואָס ווערן באַשאַפן פון זיין טאָפּלטער לאַגע: ווי אַ טייל פון זיין קלאַס און ווי אַ טייל פון זיין פאָלק.

די יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע ווערן דעריבער אין אַלע זייערע היסטאָרישע באַוועגונגען געטריבן, ענלעך צו אַלע אַרבעטער אומעטום, דורך דער „כּל-פּראָלעטאַריער״-טענדענץ פון זייער קלאַס און דורך דער „כּל-ישראל״-טענדענץ פון זייער פאָלק. און, — זענען זיי טויזנט מאָל מער אויסגעבונדן מיט אַלע אַנדערע קלאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג, איידער מיט אַלע אַנדערע פעלקער פון דעם אַלגעמיינעם אַרבעטער-

קלאַס: קעמפן קעמפט מען אינאײנעם מיט די אַרבעטער פון די פרעמדע פעלקער, לעבן לעבט מען נאָר מיט די ברידער פון דעם אײגענעם פאָלק.

אָט פאַרוואָס עס איז קײן חידוש נישט, נאָר אדרבה, זײער נאַטירלעך, וואָס דער יידישער אַרבעטער, פאַרלאָזנדיק זײן יידישע הײם, האָט אין דער פרעמד גענומען בויען אַ נײַע אײגענע הײם, אינאײנעם מיט זײַנע ברידער יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך, אַקוראַט אַזוי ווי ער, געמוזט פילן פרעמד, פאַריתומט, פאַרוואָגלט צווישן די ברידער-אַרבעטער פון די פרעמדע פעלקער.

און דער „אַרבעטער-רינג״ איז אַ יידישע הײם. דאָס נײַע פּראָגרעסיווע לעבן, וואָס ער האָט שוין באַשאַפן פאַר זײַנע מיטגלידער און וואָס ער אַנטוויקלט אַלץ מער מיט יעדן טאָג, איז אַ יידיש פּראָגרעסיוו לעבן, וואָס שײדט זיך זײער שאַרף אָפּ פון יענעם פּראָגרעסיוון לעבן, וועלכעס די נישט-יידישע אַרבעטער פירן דאָ אין לאַנד. דער נאַציאָנאַלער אונטערשײד טרעט דאָ אַרויס נישט נאָר אין דער יידישער שפּראַך, אין וועלכער עס שפּילט זי אָפּ דאָס גאַנצע לעבן פון דעם יידישן אַרבעטער, נאָר אויך אין דעם באַשטימטן כאַראַקטער פון זײַנע אינטערעסן און פאַרווײַלונגען.

מיר וועלן ווען עס איז רעדן אויף דער טעמע באַריכות, דער־ווײַל איז גענוג אָנצווײַזן נאָר אויף דעם אײן פאַקט, אַז די גײַסטיקע אינטערעסן און פאַרווײַלונגען שפּילן בײַ דעם יידישן אַרבעטער אַ סך אַ גרעסערע ראָלע, אײדער דער פיזישער ספּאָרט, וואָס פאַרנעמט אַזאַ בכבודן אָרט אין די פאַרווײַלונ־גען פון דעם נישט-יידישן אַרבעטער, און אַז שוין דורך דעם אַלײן מוז די יידישע אַרבעטערשאַפט זײַן אַ סך מער אויסגע־בונדן מיט דער קולטור-אַטמאָספער פון דעם יידישן פאָלק, אײדער מיט דער קולטור-אַטמאָספער פון זײַנע „מיט-פעלקער״ אין דעם אַרבעטער-קלאַס.